# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

10-11

1935 — מינסק

# רעדע פונ כאַווער סטאַלינ

## אפ דער ערשטער אַלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פונ די סטאַכאַנאָווצעס

## I

### די באַדײַטונג פונ דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג

כאַווײרים! וועגנ די סטאַכאַנאָווצעס האָט מענ דאָ, אפ דערדאָזיקער באַראַטונג, אַזויפיל אונ אַזוי גוט גערעדט, אַז מיר בלײַבט, אײנגטלעכ, ווינציק וואָס צו זאָגנ. פונדעסטוועגנ, וויבאַלד מע האָט מיכ אַרויסגערופנ אפ דער טריבונע, וועט אויסקומענ זאָגנ עטלעכע ווערטער.

די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג קאָנ מענ ניט באַטראַכטנ, ווי אַ געוױינלעכע באַוועגונג פונ אַרבעטער אונ אַרבעטערנס. די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג, דאָס איז אַזאַ באַוועגונג פונ אַרבעטער אונ אַרבעטערנס, וואָס וועט אַרײַנגײנ אינ דער געשיכטע פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, ווי אײנע פונ אירע סאַמע רומפולע בלעטער.

אינ וואָס באַשטײט די באַדײַטונג פונ דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג?

פריער פאַר אַלצ אינ דעמ, וואָס זי דריקט אויס אַ נײַעמ אופשטײַג פונעמ סאָציאַליסטישנ געוועט, אַ נײַעמ העכערנ עטאַפּ פונעמ סאָציאַליסטישנ געוועט. פאַרוואָס אַ נײַעמ, פאַרוואָס אַ העכערנ? דערפאַר, ווײַל זי, די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג, אונטערשײדט זיכ גינסטיק, ווי אַנ אויסדרוק פונ סאָציאַליסטישנ געוועט, פונ דעמ אַלטנ עטאַפּ פונעמ סאָציאַליסטישנ געוועט. אינ דער פאַרגאַנגענהײַט, מיט אַ יאָר דרײַ צוריק, אינעמ פעריאָד פונעמ ערשטנ עטאַפּ פונ סאָציאַליסטישנ געוועט, איז דער סאָציאַליסטישער געוועט נישט אומבאַדינגט געווענ פאַרבונדנ מיט דער נײַער טעכניק. דעמאָלט איז גאָר באַ אונדז, אײגנטלעכ, ניט געווענ קימאַט קײנ נײַע טעכניק. דער איצטיקער עטאַפּ אָבער פונעמ סאָציאַליסטישנ געוועט—די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג איז, פאַרקערט, אומבאַדינגט פאַרבונדנ מיט דער נײַער טעכניק. די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג וואָלט ניט געקאָנט געמאָלט זײַנ אָנ דער נײַער, העכערער טעכניק. פאַר אײַכ זײַנענ מענטשנ, ווי די כ״כ סטאַכאַנאָוו, בוסיגינ, סמעטאַנינ, קריוואָנאָס, פּראָנינ, די ווינאָגראַדאָוועס אונ אַסאַכ אַנדערע, מענטשנ נײַע, אַרבעטער אונ אַרבעטערנס, וואָס האָבנ

פולשטענדיק באהערשט די טעכניק פונ זײער זאכ, האָבנ זי אָנגעזאָטלט אונ א יאָג געטאָנ פאָרויס. אזוינע מענטשנ זײַנענ בא אונדז ניט געווענ, אָדער קימאט ניט געווענ, מיט א יאָר דרײַ צוריק. דאָס זײַנענ מענטשנ נײַע, באזונדערע.

ווײַטער. די סטאכאנאָווישע באוועגונג איז אזא באוועגונג פונ ארבעטער אונ ארבעטערנס, וואָס שטעלט פאר זיכ דעמ ציל בײַצוקומענ די איצטיקע טעכנישע נאָרמעס, בײַצוקומענ די עקזיסטירנדיקע פראָיעקט־מעכטיקײַטנ, בײַצוקומענ די עקזיסטירנדיקע פראָדוציר־פּלענער אונ באלאנסנ. בײַצוקומענ דערפאר, ווײַל זײ, אָט דידאָזיקע נאָרמעס, זײַנענ שוינ געוואָרנ אלט פאר אונדזערע טעג, פאר אונדזערע נײַע מענטשנ. דידאָזיקע באוועגונג ברעכט די אלטע אָנשווינגענ אפ דער טעכניק, ברעכט די אלטע טעכנישע נאָרמעס, די אלטע פראָיעקט-מעכטיקײַטנ, די אלטע פראָדוציר־פּלענער אונ פאָדערט צו שאפנ נײַע, העכערע טעכנישע נאָרמעס, פראָיעקט־מעכטיקײַטנ, פראָדיציר־פּלענער. זי איז בארופנ דורכצופירנ אינ אונדזער אינדוסטריע א רעוואָליוציע. טאקע דערפאר, איז זי, די סטאכאנאָווישע באוועגונג, אינ איר גרונט א טיפ רעוואָליוציאָנערע.

דאָ האָט מענ שוינ גערעדט, אז די סטאכאנאָווישע באוועגונג, ווי אנ אויסדרוק פונ נײַע העכערע טעכנישע נאָרמעס, שטעלט מיט זיכ פאָר א מוסטער פונ יענער הויכער ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, וואָס עס קאָנ געבנ נאָר דער סאָציאַליזמ אונ וואָס עס קאָנ ניט געבנ דער קאפיטאליזמ. דאָס איז אינגאנצנ ריכטיק. פארוואָס האָט דער קאפיטאליזמ צעקלאפט אונ בײַגעקומענ דעמ פעאָדאליזמ? דערפאר, ווײַל ער האָט געשאפנ העכערע נאָרמעס פונ ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, ער האָט געגעבנ א מעגלעכקײַט דער געזעלשאפט צו באקומענ אומפארגלײַכלעכ מער פראָדוקטנ, ווי דאָס איז געווענ בא דער פעאָדאלער אָרדענונג. דערפאר, ווײַל ער האָט געמאכט די געזעלשאפט רײַכער. פארוואָס קאָנ, דארפ אונ וועט אומבאדינגט דער סאָציאַליזמ באזיגנ די קאפיטאליסטישעווירטשאפט־סיסטעמ? דערפאר, ווײַל ער קאָנ געבנ העכערע מוסטערנ פונ ארבעט, א העכערע ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, ווי די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט־סיסטעמ. דערפאר ווײַל ער קאָנ געבנ דער געזעלשאפט מערער פראָדוקטנ אונ קאָנ מאכנ די געזעלשאפט רײַכער, ווי די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט־סיסטעמ.

אייניקע מיינענ, אז דעמ סאָציאַליזמ קאָנ מענ פארפעסטיקנ דורכ א באשטימטנ מאטעריעלנ אויסגלײַכנ די מענטשנ אפ דער באזע פונ קאפצאָנישנ לעבנ, דאָס איז ניט ריכטיק. דאָס איז א קלײנבירגערלעכע פאָרשטעלונג וועגנ סאָציאַליזמ. אינדערעמעסנ קאָנ דער סאָציאַליזמ זיגנ בלויז אפ דער באזע פונ העכערער ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, א העכערע, ווי באמ קאפיטאליזמ, אפ דער באזע פונ דער שעפע פראָדוקטנ אונ פונ פארשײדענע געברויכ־זאכנ, אפ דער באזע פונ פארמעגלעכנ אונ קולטורעלנ לעבנ פונ אלע מיטגלידער פונ דער געזעלשאפט. אָבער קעדיי דער סאָציאַליזמ זאָל זיכ קאָנענ דערשלאָגנ דעמדאָזיקנ ציל זײַנעמ אונ מאכנ אונדזער סאָוועטישע געזעלשאפט אמערסטנ פארמעגלעכ— דארפ מענ האָבנ אינ לאנד אזא ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, וואָס שטײַגט אריבער די ארבעט־פראָדוקטיווקײַט פונ די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער. אָנ דעמ איז ניטאָ וואָס צו טראכטנ וועגנ א שעפע פונ פראָדוקטנ אונ וועגנ פארשײדענע געברויכ־זאכנ. די באדײַטונג פונ דער סטאכאנאָווישער־באוועגונג באשטייט אינ דעמ, וואָס זי איז אזא באוועגונג, וועלכע ברעכט די אלטע טעכנישע נאָרמעס, ווי ניט קײנ גענוגנדיקע, שטײַגט אריבער אינ א גאנצער רײ פאלנ די ארבעט־פראָדוקטיווקײַט פונ די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער אונ אנטפלעקט אפ אזא אויפנ די פראקטישע מעגלעכקײַט צו פארפעסטיקנ ווײַטער

דעמ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאַנד, די מעגלעכקייַט צו פאַרוואַנדלענ אונדזער לאַנד אינ אַנ אַמערסטנ פאַרמעגלעכ לאַנד.

אָבער מיט דעמ ווערט ניט אויסגעשעפּט די באַדייַטונג פונ דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג. איר באַדייַטונג באַשטייט נאָכ אינ דעמ, וואָס זי גרייט צו באַדינגונגענ פאַרנ איבערגייַנ פונ סאָציאַליזמ צומ קאָמוניזמ.

דער פּרינציפּ פונ סאָציאַליזמ באַשטייט אינ דעמ, וואָס אינ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אַרבעט יעדערער לויט זייַנע פעיִקייַטנ, אונ באַקומט די געברויכ־זאַכנ ניט לויט זייַנע באַדערפענישנ, נאָר לויט דער אַרבעט, וואָס ער האָט געשאַפנ פאַר דער געזעלשאַפט. דאָס באַטייַט, אַז דער קולטורעל־טעכנישער ניוואָ פונעמ אַרבעטער־קלאַס איז נאָכ אַלצ ניט קיינ הויכער, דער קעגנזאַצ צווישנ דער אינטעלעקטועלער אַרבעט אונ דער פיזישער אַרבעט עקזיסטירט נאָכ, די אַרבעט־פּראָדוקטיווקייַט איז נאָכ ניט אַזוי הויכ, קעדיי צו זיכערנ אַ שעפע פונ געברויכ־זאַכנ, וואָס צוליב דעמ איז די געזעלשאַפט געצוווּנגענ צו פאַרטיילנ די געברויכ־זאַכנ ניט אינ איינקלאַנג מיט די באַדערפענישנ פונ די מיטגלידער פונ דער געזעלשאַפט, נאָר אינ איינקלאַנג מיט דער אַרבעט, וואָס זיי האָבנ געמאַכט פאַר דער געזעלשאַפט. דער קאָמוניזמ שטעלט פאָר אַ העכערע אַנטוויקלונג־שטופע. דער פּרינציפּ פונ קאָמוניזמ באַשטייט אינ דעמ, וואָס אינ דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט אַרבעט יעדערער לויט זייַנע פעיִקייטנ אונ באַקומט געברויכ־מיטלענ ניט לויט דער אַרבעט, וואָס ער האָט פּראָדוצירט, נאָר לויט יענע באַדערפענישנ פונ אַ קולטורעל אַנטוויקלטנ מענטשנ, וואָס זייַנענ בא אימ פאַראַנ. דאָס באַטייַט, אַז דער קולטורעל־טעכנישער ניוואָ פונעמ אַרבעטער־קלאַס איז געוואָרנ גענוג הויכ, קעדיי אַרונטערצורייַסנ די יעסוידעס פונעמ קעגנזאַצ צווישנ דער אינטעלעקטועלער אַרבעט אונ דער פיזישער אַרבעט, דער קעגנזאַצ צווישנ דער אינטעלעקטועלער אַרבעט אונ דער פיזישער אַרבעט איז שוינ פאַרשוווּנדנ אונ די אַרבעט־פּראָדוקטיווקייַט האָט זיכ אויפגעהויבנ אויפ אַזאַ הויכער שטופע, אַז זי קאָנ זיכערנ די פולע שעפע פונ געברויכ־זאַכנ, וואָס צוליב דעמ האָט די געזעלשאַפט אַ מעגלעכקייַט צו פאַרטיילנ די דאָזיקע זאַכנ אַנטשפּרעכנדיק די באַדערפענישנ פונ אירע מיטגלידער.

איינִיקע טראַכטנ, אַז פאַרניכטנ די קעגנזאַצנ צווישנ דער אינטעלעקטועלער אַרבעט אונ דער פיזישער אַרבעט קאָנ מענ דורכ אַ באַשטימטנ קולטור־טעכנישנ אויסגלייַכנ די טוער פונ דער אינטעלעקטועלער אונ פיזישער אַרבעט אויפ דער באַזע פונ אַראָפּזעצנ דעמ קולטור־טעכנישנ ניוואָ פונ די אינזשעניערנ אונ טעכניקער, פונ די טוער פונ אינטעלעקטועלער אַרבעט ביזנ ניוואָ פונ מיטל־קוואַליפיצירטע אַרבעטער. דאָס איז אינגאַנצנ ניט ריכטיק. אַזוי קאָנענ טראַכטנ וועגנ קאָמוניזמ בלויז קליינבירגערלעכע פּלאַפּלער. אינדערעמעסנ קאָנ מענ זיכ דערשלאָגנ צו דער פאַרניכטונג פונ דעמ קעגנזאַצ צווישנ דער אַרבעט דער אינטעלעקטועלער אינ דער אַרבעט דער פיזישער בלויז אויפ דער באַזע פונ אַנ אויפשטייַג פונעמ קולטור־טעכנישנ ניוואָ פונ אַרבעטער־קלאַס ביזנ ניוואָ פונ די טוער פונ דער אינזשעניער־טעכנישער אַרבעט. ס׳וואָלט געווענ לעכערלעכ צו מיינענ, אַז אַזאַ אויפשטייַג קאָנ ניט פאַרווירקלעכט ווערנ. ער קאָנ פולקאָמ פאַרווירקלעכט ווערנ אינ די באַדינגונגענ פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג, ווו די פּראָדוציר־קרעפטנ פונ לאַנד זייַנענ באַפרייַט פונ די קייטנ פונ קאַפּיטאַליזמ, ווו די אַרבעט איז באַפרייַט פונעמ יאָכ פונ דער עקספּלואַטאַציע, ווו בא דער מאַכט שטייט דער אַרבעטער־קלאַס אונ ווו דער יונגער דאָר פונעמ אַרבעטער־קלאַס פאַרמאָגט אַלע מעגלעכקייַטנ צו זיכערנ פאַר זיכ אַ גענוגנדיקע טעכנישע בילדונג. עס איז ניטאָ קיינ שומ גרונט צו צווייפלענ אינ דעמ, אַז בלויז אַזאַ קולטור־טעכנישער אויפשטייַג

פונעמ ארבעטער־קלאס קאָנ ארונטערייַסנ די יעסוידעמ פונעמ קעגנזאצ צווישנ דער אינטעלעקטועלער ארבעט אונ דער פיזישער ארבעט, אז בלויז ער קאָנ זיכערנ יענע הויכע ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט אונ יענע שעפע געברויכ־זאכנ, וואָס זייַנענ נייטיק, קעדיי צו אָנהויבנ דעמ איבערגאנג פונעמ סאָציאַליזמ צומ קאָמוניזמ.

די סטאכאנאָווישע־באוועגונג איז באדייַטונגפול אינ דערדאָזיקער פארבינדונג אינ דער הינזיכט, וואָס זי אנטהאלט אינ זיכ די ערשטע אָנהויבנ, עמעס, נאָכ גאָר שוואכע, אָבער דאָכ אָנהויבנ טאקע פונ אזא קולטור־טעכנישנ אופשטייַג פונעמ ארבעטער־קלאס פונ אונדזער לאנד.

אינדערעמעסנ, קוקט זיכ צו צו די כאווײרימ סטאכאנאָווצעס, וואָס זייַנענ דאָס פארא מענטשנ? דאָס זייַנענ, דעריקער,—יונגע אָדער פונ מיטעלע יאָרנ ארבעטער אונ ארבעטערנס, מענטשנ קולטורעלע אונ טעכניש אונטערגעשמידטע, וואָס גיבנ מוסטערנ פונ פּינקטלעכקייַט אונ אקוראטקייַט אינ דער ארבעט, וואָס קאָנענ שעצנ דעמ צייַט־פאקטער אינ דער ארבעט אונ וואָס האָבנ זיכ אויסגעלערנט רעכענענ די צייַט נישט נאָר לויט מינוטנ, נאָר אויכ לויט סעקונדעס. די מערהייַט פונ זיי איז דורכגעגאנגענ דעמ אזוי גערופענעמ טעכנישנ מינימומ אונ זעצנ פאָר דערגאנצנ איר טעכנישע בילדונג. זיי זייַנענ פרייַ פונ קאָנסערוואטיזמ אונ פארגליווערטקייַט פונ אייניקע אינזשעניערנ, טעכניקער אונ ווירטשאפטלער, זיי גייענ דרייסט פאָרויס, ברעכנדיק די פארעלטערטע טעכנישע נאָרמעס אונ שאפנדיק נייַע, מער העכערע, זיי טראָגנ אריינ אויסבעסערונגענ אינ די פּראָיעקט־מעכטיקייַטנ אונ ווירטשאפט־פּלענער, וואָס זייַנענ צונויפגעשטעלט געוואָרנ דורכ די אָנפירער פונ אונדזער אינדוסטריע, זיי דערגענצנ אונ פאריכטנ קעסיידער אויס די אינזשעניערנ אונ טעכניקער, נישט זעלטנ לערנענ זיי זיי אונ שטויסנ זיי פאָרויס, ווייַל דאָס זייַנענ מענטשנ, וואָס האָבנ פולשטענדיק באהערשט די טעכניק פונ זייער זאכ אונ וואָס קאָנענ אויספרעסנ פונ דער טעכניק דעמ מאקסימומ פונ דעמ, וואָס מע קאָנ פונ איר אויספרעסנ. הייַנט זייַנענ סטאכאנאָווצעס נאָכ ווייניק, נאָר ווער קאָנ צווייפלענ אז מאָרגנ וועלנ זיי זייַנ צענ מאָל מער? צי איז דענ ניט קלאָר, אז די סטאכאנאָווצעס זייַנענ נאָוואטערנ אינ אונדזער אינדוסטריע, אז די סטאכאנאָווישע באוועגונג שטעלט פאָר די צוקונפט פונ אונדזער אינדוסטריע, אז זי אנטהאלט אינ זיכ דאָס קערנדל פונ דעמ צוקונפטיקנ קולטור־טעכנישנ אופשטייַג פונעמ ארבעטער קלאס, אז זי אנטפּלעקט אונדז דעמ וועג, וואָס בלויז אפ אימ קאָנ מענ זיכ דערשלאָגנ יענע העכסטע צייַגערס פונ ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט, וואָס זייַנענ נייטיק פארנ אריבערגאנג פונ סאָציאַליזמ צומ קאָמוניזמ אונ צומ פארניכטנ דעמ קעגנזאצ צווישנ דער אינטעלעקטועלער ארבעט אונ דער פיזישער ארבעט?

אזא, כאווײרימ, איז די באדייַטונג פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג אינ דער זאכ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

צי האָבנ געטראכט וועגנ דער דאָזיקער גרויסער באדייַטונג פונ דער סטאכאנאָווישער־באוועגונג סטאכאנאָוו אונ בוסיגינ, ווענ זיי זייַנענ צוגעטראָטנ צעברעכנ די אלטע טעכנישע נאָרמעס? פארשטייט זיכ, ניינ. בא זיי זייַנענ געווענ זייערע זאָרגנ,—זיי האָבנ געשטרעבט צו דעמ, קעדיי ארויספירנ די אונטערנעמונג פונעמ דורכרייַס אונ איבערשטייַגנ דעמ ווירטשאפט־פּלאנ. נאָר דערשלאָגנדיק זיכ דעמ דאָזיקנ ציל, איז זיי אויסגעקומענ צעקלאפּנ די אלטע טעכנישע נאָרמעס אונ אנטוויקלענ א הויכע ארבעט־פּראָדוקטיווקייַט, וואָס האָט אריבערגעשטיגנ די פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער. ס׳וואָלט אָבער געווענ לעכערלעכ צו מיינענ, אז דערדאָזיקער אומשטאנד קאָנ כאָטש וויפל ניט איז פארמינערנ די גרויסע היסטאָרישע באדייַטונג פונ דער באוועגונג פונ די סטאכאנאָווצעס.

דאָס זעלבע קאָנ מענ זאָגנ וועגנ יענע ארבעטער, וואָס האָבנ צומ ערשטנ מאָל אָרגאניזירט אינ אונדזער לאנד סאָוועטנ פונ ארבעטער־דעפּוטאטנ אינ 1905 יאָר. זיי האָבנ, פארשטייט זיכ, ניט געטראכט, אז די סאָוועטנ פונ די ארבעטער־דעפּוטאטנ וועלנ דינענ פאר א באזע פונ דער סאָציאליסטישער אָרדענונג. זיי האָבנ זיכ בלויז באשיצט פונ צאריזמ, פונ דער בורזשואזיע, שאפנדיק סאָוועטנ פונ ארבעטער־דעפּוטאטנ. אָבער דערדאָזיקער אומשטאנד ווידערשפּרעכט גאָרניט יענעמ אָנסאָפּעקדיקנ פאקט, אז די באוועגונג פאר די סאָוועטנ פונ ארבעטער־דעפּוטאטנ, וועלכע עס האָבנ אינ 1905 י. אָנגעהויבנ די לענינגראדער אונ מאָסקווער ארבעטער האָט אינ לעצטנ סאכאקל געבראכט צומ צעשמעטערנ דעמ קאפּיטאליזמ אונ צומ זיג פונ סאָציאליזמ אפ איינ זעקסטכיילעק פונ דער וועלט.

## II

# די וואָרצלענ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג

מיר שטייענ איצט באמ וויגעלע פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג, בא אירע אויספלוסנ.

מע וואָלט געדארפט אָפּמערקנ אייניקע כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג.

עס ווארפט זיכ אינ די אויגנ פריִער פונ אלצ יענער פאקט, וואָס זי, דידאָזיקע באוועגונג, האָט זיכ אָנגעהויבנ עפּעס ווי פונ זיכ אליינ, קימאט סטיכייִש, פונ אונטנ, אַנ וועלכנ ניט איז דרוק מיצאד דער אדמיניסטראציע פונ אונדזערע אונטערנעמונגענ. נאָכמער. דידאָזיקע באוועגונג איז געבוירנ געוואָרנ אונ האָט זיכ אָנגעהויבנ פאנאנדערוויקלענ אינ א באשטימטער מאָס טראָצ דעמ ווילנ פונ דער אדמיניסטראציע פונ אונדזערע אונטערנעמונגענ, אפילע אינ קאמפ קעגנ איר. דער כ' מאָלאָטאָוו האָט איַיכ שוינ דערציילט וועגנ דעמ, וואָס פאר א ליַידנ עס איז אויסגעקומענ איבערצולעבנ דעמ כ' מוסינסקי, דעמ געהילצ־וועגער אינ ארכאנגעלסק, ווענ ער האָט געהיימ פונ דער ווירטשאפטלעכער אָרגאניזאציע, געהיימ פונ די קאָנטראָליאָרנ אויסגעארבעט ניַיע, העכערע טעכנישע נאָרמעס. דער גורל פונ סטאכאנאָוו אליינ איז געווענ גיט קיינ בעסערער, וויַיל אימ איז אויסגעקומענ צו באשיצנ זיכ בא זיַינ באוועגנ זיכ פאָרויס ניט נאָר פונ אייניקע אדמיניסטראציע־באאמטע, נאָר אויכ פונ אייניקע ארבעטער, וואָס האָבנ אימ אויסגעלאכט אונ גערודפט פאר די „ניַיקיַיטנ". וואָס שיַיכ בוסיגינענ איז באוווּסט, ווי אזוי ער האָט פאר זיַינע „ניַיקיַיטנ" שיר ניט באצאָלט מיטנ פארלירנ די ארבעט אפנ זאוואָד, אונ בלויז די אריַינמישונג פונ צעכ־נאטשאלניק כ' סאָקאָלינסקי האָט אימ געהאָלפנ בליַיבנ אפנ זאוואָד.

ווי איר זעט, איז אויב ס'איז געווענ א וועלכע ניט איז אויפווירקונג מיצאד דער אדמיניסטראציע פונ אונדזערע אונטערנעמונגענ, איז זי געגאנגענ ניט אנטקעגנ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג, נאָר אינ דערווידערונג צו איר. הייסט עס, די סטאכאנאָווישע באוועגונג איז געבוירנ געוואָרנ אונ האָט זיכ פארנאנדערגעוויקלט ווי א באוועגונג, וואָס גייט פונ אונטנ. אונ טאקע דערפאר, וויַיל זי איז געבוירנ געוואָרנ פונ זיכ אליינ, טאקע דערפאר, וויַיל זי גייט פונ אונטנ, איז זי אנ אמערסטנ לעבהאפטע אונ אומבאזיגבארע באוועגונג פונ דער היַינטציַיטיקיַיט.

ס'איז נייטיק, וויַיטער, אָפּשטעלנ זיכ נאָכ אפ איינ כאראקטעריסטישנ שטריכ פונ דער

סטאכאנאָווישער באוועגונג. ער, דערדאָזיקער כאראקטעריסטישער שטריכ, באשטייט אינ דעמ, וואָס די סטאכאנאָווישע באוועגונג האָט זיכ פאנאנדערגעטראָגנ איבער דער גאנצער ברייט פונ אונדזער פארבאנד, ניט ביסלעכווייַז, נאָר מיט עפּעס א ניט געזעענער שנעלקייַט, ווי אנ אוראגאנ. פונ וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ די זאכ? סטאכאנאָוו האָט אופגעהויבנ די טעכנישע נאָרמע פונ קוילנ־ארויסבאקומ אינ 5 מאָל אָדער אינ 6 מאָל, אויב ניט מער. בוסיגינ אונ סמעטאנינ האָבנ געטאָנ דאָס זעלבע. איינער — אפנ געביט פונ מאשינבוי, דער צווייטער — אפנ געביט פונ דער שוכ־אינדוסטריע. די צייַטונגענ האָבנ מיטגעטיילט וועגנ די דאָזיקע פאקטנ, אונ פּלוצלונג האָט דער פלאמ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג ארומגעכאפּט דאָס גאנצע לאנד. וואָס איז דאָ געשענ? פונוואנענ האָט זיכ גענומענ אזא שנעלקייַט אינ דער זאכ פונ פארשפּרייטנ די סטאכאנאָווישע באוועגונג? עפּשער זייַנענ סטאכאנאָוו אונ בוסיגינ גרויסע אָרגאניזאטערס מיט גרויסע פארבינדונגענ אינ די געגנטנ אונ ראיאָנענ פונ פססר, אונ זיי אליינ האָבנ אָרגאניזירט דעמ דאָזיקנ איניענ? ניינ, געוויס ניט. עפּשער פּרעטענדירנ סטאכאנאָוו אונ בוסיגינ צו זייַנ גרויסע פיגורנ פונ אונדזער לאנד אונ זיי אליינ האָבנ צעטראָגנ די פונקענ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג איבערנ גאנצנ לאנד? דאָס איז אויכ ניט ריכטיק. איר האָט דאָ געזענ סטאכאנאָוונ אונ בוסיגינענ, זיי זייַנענ ארויסגעטראָטנ אפ דער בעראטונג. דאָס זייַנענ מענטשנ פּאָשעטע אונ באשיידענע. אָנ וועלכע ניט איז פּרעטענזיעס צו ארויסקריגנ לאָרבער־קרענצ אלס פיגורנ פונ אלפארבאנדישנ מאסשטאב. מיר דוכט זיכ אפילע, אז זיי זייַנענ אביסל אינ פארלעגנהייַט פונ יענעמ פארמעסט פונ באוועגונג, וואָס האָט זיכ בא אונדז פאנאנדערגעוויקלט טראָצ זייערע דערווארטונגענ. אונ אויב, ניט געקוקט אפ דעמ, איז דאָס שוועבעלע, וואָס עס האָבנ געוואָרפנ סטאכאנאָוו אונ בוסיגינ געווענ גענוג, אז דער דאָזיקער גאנצער איניענ זאָל זיכ פאנאנדערוויקלענ אינ א פלאמ, באטייַט עס, אז די סטאכאנאָווישע באוועגונג איז אנ איניענ א פולקאָמ רייפ געוואָרענער. בלויז א באוועגונג, וואָס איז פולקאָמ רייפ געוואָרנ אונ ווארט אפ א שטויס, קעדיי ארויסרייַסנ זיכ אפ דער פרייַ, — בלויז אזא באוועגונג האָט זיכ געקאָנט פארשפּרייטנ אזוי שנעל אונ אָנוואקסנ, ווי א שניי־קויל.

מיט וואָס דערקלערט מענ, וואָס די סטאכאנאָווישע באוועגונג האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר א זאכ, וואָס איז פולקאָמ רייפ געוואָרנ? וו זייַנענ די סיבעס פונ דעמ, וואָס זי האָט באקומענ אזא שנעלע פארשפּרייטונג? וועלכע זייַנענ די וואָרצלענ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג?

זיי, דידאָזיקע סיבעס, זייַנענ צומ וויניקסטנ פיר:

1. אלס יעסאָד פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג האָט געדינט פריִער פאר אלצ די גרינטלעכע פארבעסערונג פונ דער מאטעריעלער לאגע פונ די ארבעטער. לעבנ איז געוואָרנ בעסער, כאווייריִמ. לעבנ איז געוואָרנ פריילעכער. אונ ווענ עס לעבט זיכ פריילעכ, געראָט די ארבעט. פונדאנענ נעמענ זיכ די הויכע אויסארבעטונג־נאָרמעס. פונדאנענ נעמענ זיכ די העלדנ אונ העלדנס פונ ארבעט. אינ דעמ ליגט פריִער פונ אלצ דער וואָרצל פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג. ווענ בא אונדז וואָלט געווענ א קריזיס, ווענ בא אונדז וואָלט געווענ ארבעטסלאָזיקייַט — די פּלאָג פונעמ ארבעטער־קלאס, ווענ בא אונדז וואָלט זיכ געלעבט שלעכט, ניט וויל, ניט פריילעכ, וואָלט קיינ שומ סטאכאנאָווישע באוועגונג ניט געווענ בא אונדז (אפּלאָדיסמענטנ). אונדזער פּראָלעטארישע רעוואָלוציע איז די איינציקע רעוואָלוציע אינ דער וועלט, וועלכע האָט געקענט באווייַזנ דעמ פאָלק ניט נאָר אירע פּאָליטישע רעזולטאטנ, נאָר אויכ די מאטעריעלע רעזולטאטנ. פונ

אַלע אַרבעטער־רעװאָליוציעס װײסנ מיר בלויז אײנע, װאָס האָט זיכ װי עס איז דערשלאָגנ צו דער מאַכט. דאָס איז די פּאַריזשער קאָמונע. אָבער זי האָט עקזיסטירט ניט לאַנג, ז׳האָט, עמעס, געפּרוּװט צעקלאַפּנ די קײטנ פונ קאַפּיטאַליזם, אָבער זי האָט ניט באַװיזנ צעקלאַפּנ זײ אונ האָט נאָכמער ניט באַװיזנ צו באַװײַזנ דעם פאָלק די גוטע מאַטעריעלע רעזולטאַטנ פונ דער רעװאָליוציע. אונדזער רעװאָליוציע איז די אײנציקע, װאָס האָט ניט נאָר צעקלאַפּט די קײטנ פונ קאַפּיטאַליזם אונ געגעבנ דעם פאָלק פרײַהײַט, נאָר האָט נאָכ באַװיזנ צו געבנ דעם פאָלק מאַטעריעלע באַדינגונגענ פאַר א פאַרמעגלעכנ לעבנ. אינ דעם איז די קראַפט אונ אומבאַזיגבאַרקײַט פונ אונדזער רעװאָליוציע. געװיס, ס׳איז גוט צו פאַרטרײַבנ די קאַפּיטאַליסטנ, פאַרטרײַבנ די פּריצים, פאַרטרײַבנ די צארישע סאַטראַפּנ, נעמענ די מאַכט אונ באַקומענ פרײַהײַט. דאָס איז זײער גוט. אָבער, צום באַדױערנ, איז פרײַהײַט אלײנ נאָכ װײַט ניט גענוג. אויב עס פעלט ברויט, עס פעלט פּוטער אונ פעטס, ס׳פעלט מאַנופאַקטור, די װױנונגענ זײַנענ שלעכטע, װעסטו אפ דער פרײַהײַט אלײנ װײַט ניט פאַרפאָרג. ס׳איז זײער שװער, כאַװײרים, צו לעבנ בלויז מיט פרײַהײַט אלײנ (באַגיטנדיקע אויסרופנ, אַפּלאָדיסמענטנ). קעדײ מע זאָל קאָנענ לעבנ גוט אונ פרײלעכ, איז נײטיק, אז דאָס גוטס פונ דער פּאָליטישער פרײַהײַט זאָל דערגאַנצט װערנ מיט מאַטעריעלער װױלקײַט. די כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקײַט פונ אונדזער רעװאָליוציע באַשטײט אינ דעם, װאָס זי האָט געגעבנ דעם פאָלק ניט בלויז פרײַהײַט, נאָר אויכ מאַטעריעלע װױלטיקנ, נאָר אויכ א מעגלעכקײַט צו לעבנ פאַרמעגלעכ אונ קולטורעל. אָט פאַרװאָס עס איז אונדז געװאָרנ פרײלעכ צו לעבנ אונ אָט אפ װאָס פאַר א באָדנ עס איז אויסגעװאָקסנ די סטאַכאַנאָװישע באַװעגונג.

2. דער צװײטער קװאַל פונ דער סטאַכאַנאָװישער באַװעגונג בא אונדז איז דאָס, װאָס עס איז ניטאָ קײנ עקספּלואַטאַציע. מענטשנ אַרבעטנ בא אונדז נישט פאַר די עקספּלואַטאַטערנ, נישט פאַר באַרײַכערנ די לײדיקגײער, נאָר פאַר זיכ, פאַרנ אײגענעם קלאַס, פאַר דער אײגענער, סאָװעטישער געזעלשאַפט, װוּ בא דער מאַכט שטײענ די בעסטע מענטשנ פונ אַרבעטער־קלאַס. דערפאַר טאַקע האָט די אַרבעט בא אונדז א געזעלשאַפטלעכנ באַטײַט, זי איז אַזאַכ פונ ערע אונ רום. באַם קאַפּיטאַליזם האָט די אַרבעט א פּריװאַטנ, פּערזענלעכנ כאַראַקטער. האָסט אויסגעאַרבעט מערער, באַקום מערער אונ לעב זיכ װי דו קענסט, קײנער קאָנ דיכ נישט אונ װיל דיכ נישט קאָנענ, דו אַרבעטסט פאַר די קאַפּיטאַליסטנ, דו באַרײַכערסט זײ? אונ װי זשע אַנדערש? צוליב דעם האָט מענ דיכ געדונגענ, קעדײ דו זאָלסט באַרײַכערנ די עקספּלואַטאַטערנ. ביסט ניט מאַסקים מיט דעם,—גײ אינ די רײענ פונ די אַרבעטלאָזע אונ קום אָפּ װי דו קענסט. מיר װעלנ געפינענ אַנדערע, מער נאָכגיביקע. דערפאַר טאַקע װערט די אַרבעט פונ מענטשנ באַם קאַפּיטאַליזם ניט הויכ געשעצט. פאַרשטײט זיכ, אז אינ אַזעלכע באַדינגונגענ איז נישטאָ קײנ אָרט פאַר א סטאַכאַנאָװישער באַװעגונג. אנ אַנדער זאַכ איז אינ די באַדינגונגענ פונ דער סאָװעטישער אָרדענונג. דאָ האָט דער אַרבעט־מענטש קאָװעד. דאָ אַרבעט ער ניט פאַר עקספּלואַטאַטערנ, נאָר פאַר זיכ, פאַר זײַנ קלאַס, פאַר דער געזעלשאַפט. דאָ קאָנ נישט דער אַרבעט־מענטש פילנ זיכ פאַרװאָרפנ אונ אײנזאַם. פאַרקערט, דער אַרבעט־מענטש פילט זיכ בא אונדז אַלס פרײַער בירגער פונ זײַנ לאַנד, א מינ געזעלשאַפטלעכער טוער. אונ אויב ער אַרבעט גוט אונ גיט דער געזעלשאַפט, דאָס װאָס ער קאָנ געבנ,—איז ער אנ אַרבעט־העלד. ער איז אַרומגערינגלט מיט רום. פאַרשטײט זיכ, אז נאָר אינ אַזעלכע באַדינגונגענ האָט געקאָנט געבוירנ װערנ די סטאַכאַנאָװישע באַװעגונג.

3. אלס דריטנ קוואל פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג דארפ מענ רעכענענ דאָס, וואָס בא אונדז איז פאראנ א נײַע טעכניק. די סטאכאנאָווישע באוועגונג איז אָרגאניש פארבונדנ מיט דער נײַער טעכניק. אָנ דער נײַער טעכניק, אָנ נײַע זאוואָדנ אונ פאבריקנ, אָנ דער נײַער אויסשטאטונג וואָלט די סטאכאנאָווישע באוועגונג ניט געקאָנט בא אונדז געבוירנ ווערנ. אָנ דער נײַער טעכניק קאָנ מענ אופהויבנ די טעכנישע נאָרמעס אינ איינ־צוויי מאָל — נישט מערער, אויב די סטאכאנאָווצעס האָבנ אופגעהויבנ די טעכנישע נאָרמעס אינ 5 אונ אינ 6 מאָל, הייסט עס, אז זיי שטיצנ זיכ פולשטענדיק אונ אינגאנצנ אפ דער נײַער טעכניק. אפ אזא אויפנ, קומט אויס, אז די אינדוסטריאַליזאציע פונ אונדזער לאנד, די רעקאָנסטרוקציע פונ אונדזערע זאוואָדנ אונ פאבריקנ, דאָס פאראנענזײַנ פונ דער נײַער טעכניק אונ פונ דער נײַער אויסשטאטונג האָבנ געדינט אלס איינע פונ די סיבעס, וואָס האָבנ געבוירנ די סטאכאנאָווישע באוועגונג.

4. אָבער אפ דער נײַער טעכניק אליינ, וועסטו ווײַט ניט פארפאָרנ. מע קאָנ האָבנ אַנ ערשטקלאסיקע טעכניק, ערשטקלאסיקע זאוואָדנ אונ פאבריקנ, נאָר אויב עס זײַנענ ניטאָ קיינ מענטשנ, פייִקע אָנצוזאָטלענ די דאָזיקע טעכניק, וועט די טעכניק אזוי בלײַבנ בא אײַכ הוילע טעכניק. קעדיי די נײַע טעכניק זאָל קענענ געבנ אירע רעזולטאטנ דארפ מענ נאָכ האָבנ מענטשנ, קאדרענ, ארבעטער אונ ארבעטערנס, פייִקע צו שטעלנ זיכ אינדערשפיצ פונ דער טעכניק אונ רוקנ זי פאָרויס. דער געבורט אונ דער וווּקס פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג באטײַט, אז בא אונדז זײַנענ שוינ געבוירנ געוואָרנ אזוינע קאדרענ צווישנ די ארבעטער אונ ארבעטערנס. מיט א יאָר צוויי צוריק האָט די פארטיי געזאָגט, אז אָויסבויענדיק נײַע זאוואָדנ אונ פאבריקנ אונ געבנדיק אונדזערע אונטערנעמונגענ נײַע אויסשטאטונג, — האָבנ מיר אָפגעטאָנ בלויז א האַלבע זאכ. די פארטיי האָט דעמאָלט געזאָגט, אז דעמ ענטוזיאַזמ פונ בויענ נײַע זאוואָדנ דארפ מענ דערגאנצנ מיטנ ענטוזיאַזמ פונ באהערשנ זיי, אז נאָר אפ אזא אויפנ קאָנ מענ דערפירנ די זאכ ביזנ סאָפ. ווײַזט אויס, אז פאר דידאָזיקע צוויי יאָר איז געגאנגענ דאָס באהערשנ דידאָזיקע נײַע טעכניק אונ דאָס געבוירנ ווערנ פונ נײַע קאדרענ. איצט איז קלאָר, אז אזוינע קאדרענ זײַנענ שוינ בא אונדז פאראנ. פארשטייט זיכ, אז אָנ אזוינע קאדרענ, אָנ דידאָזיקע נײַע מענטשנ וואָלט ניט געווענ בא אונדז קיינ שומ סטאכאנאָווישע באוועגונג. אפ אזא אויפנ האָבנ די נײַע מענטשנ פונ די ארבעטער אונ ארבעטערנס, וואָס האָבנ באהערשט די נײַע טעכניק געדינט אלס יענע קראפט, וואָס האָט אויסגעפאָרמירט אונ גערוקט פאָרויס די סטאכאנאָווישע באוועגונג.

אזוינע זײַנענ די באדינגונגענ, וואָס האָבנ געבוירנ אונ גערוקט פאָרויס די סטאכאנאָווישע באוועגונג.

## III

## נײַע מענטשנ—נײַע טעכנישע נאָרמעס

איכ האָב געזאָגט, אז די סטאכאנאָווישע באוועגונג האָט זיכ אנטוויקלט ניט אינ אָרדענונג פונ בעהאדראָגעדיקײַט, נאָר ווי אנ אופרײַס, וואָס האָט דורכגעריסנ עפעס א דאמבע. קענטיק, אז זי האָט געדארפט בײַקומענ באשטימטע שטערונגענ. עמעצער האָט איר געשטערט, עמעצער האָט זי פארקוועטשט, אונ אָט, אָנזאמלענדיק קרעפטנ, האָט די סטאכאנאָווישע באוועגונג דורכגעריסנ די דאָזיקע שטערונגענ אונ האָט פארפלייצט דאָס לאנד.

אונ וואָס איז דאָ די זאַכ, ווער זשע, אייגנטלעכ, האָט געשטערט?

עס האָבנ געשטערט די אַלטע טעכנישע נאָרמעס אונ די מענטשנ, וואָס זײַנען געשטאַנען הינטער די דאָזיקע נאָרמעס. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבנ אונדזערע אינזשעניער־טעכנישע אונווירטשאַפטלעכע טוער צונויפגעשטעלט באַשטימטע טעכנישע נאָרמעס, צוגעפּאַסט צו דער טעכנישער אָפּגעשטאַנענקייט פונ אונדזערע אַרבעטער אונ אַרבעטערנס. זינט יענע צײַט זײַנען דורכגעגאַנגענ עטלעכע יאָר. די מענטשנ זײַנען פאַר דער דאָזיקער צײַט אויסגעוואַקסנ אונ האָבנ זיכ טעכניש אונטערגעשמידט אונ די טעכנישע נאָרמעס זײַנען געבליבנ ניט געענדערט. פאַרשטייט זיכ, אַז די דאָזיקע נאָרמעס זײַנען איצט געוואָרנ פאַר אונדזערע נײַע מענטשנ פאַרעלטערט. איצט זידלען אַלע די עקזיסטירנדיקע טעכנישע נאָרמעס, אָבער זיי זײַנען דאָכ ניט פונ הימל אַראָפּגעפאַלנ. אונ די זאַכ איז דאָכ גאָרניט אינ דעמ, וואָס די דאָזיקע טעכנישע נאָרמעס זײַנען אינ זייער צײַט צונויפגעשטעלט געוואָרנ ווי פאַרקלענערטע נאָרמעס. די זאַכ איז קודעמקאָל אינ דעמ, וואָס איצט, ווענ די דאָזיקע נאָרמעס זײַנען שוינ געוואָרנ פאַרעלטערט, פּרוווט מענ זיכ זיי פאַרטיידיקנ, ווי הײַנטצײַטיקע נאָרמעס. מע קלאַמערט זיכ אײַנ אינ דער טעכנישער אָפּגעשטאַנענקײַט פונ אונדזערע אַרבעטער אונ אַרבעטערנס, מע אָריִענטירט זיכ אַפ דער דאָזיקער אָפּגעשטאַנענקײַט, מע גייט אַרויס פונ דער אָפּגעשטאַנענקײַט, אונ די זאַכ דערגייט ענדלעכ צו דעמ, אַז מע הייבט אָנ צו שפּילנ אינ אָפּגעשטאַנענקײַט. נו, אונ ווי זאָל זײַנ, אויב די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענקײַט גייט אַוועק אינ דער פאַרגאַנגענהײַט? צי דענ ווילנ מיר זיכ בוקנ פאַר אונדזער אָפּגעשטאַנענקײַט אונ מאַכנ פונ איר אַנ איקאָנע, אַ פעטיש? ווי זאָל זײַנ, אויב די אַרבעטער אונ אַרבעטערנס האָבנ שוינ באַוויזנ אויסצוּוואַקסנ אונ טעכניש אונטערשמידנ זיכ? ווי זאָל זײַנ, אויב די אַלטע טעכנישע נאָרמעס האָבנ אויפגעהערט צו אַנטשפּרעכנ דערווירקלעכקײַט אונ אונדזערע אַרבעטער אונ אַרבעטערנס האָבנ שוינ באַוויזנ איבערשטײַגנ זיי אינ דער פּראַקטיק אינ פינפ מאָל, אינ צענ מאָל? צי דענ האָבנ מיר ווענ ניט איז געשוואָרנ טרײַהײַט אונדזער אָפּגעשטאַנענקײַט? דוכט זיכ, אַז דאָס איז בײַ אונדז ניט געווענ, כאַווײרים? (אַלגעמיינער געלעכטער). צי דענ זײַנען מיר אַרויסגעגאַנגענ פונ דעמ, וואָס אונדזערע אַרבעטער אונ אַרבעטערנס ווילנ אַזוי טאַקע בלײַבנ אַפ אייביק אָפּגעשטאַנענע? דוכט זיכ, אַז מיר זײַנען ניט אַרויסגעגאַנגענ פונ דעמ? (אַלגעמיינער געלעכטער). אינ וואָס זשע גייט עס? צי דענ וועט בײַ אונדז ניט קלעקנ קיינ דרייסטקײַט צו צעברעכנ דעמ קאָנסערוואַטיזמ פונ אייניקע אונדזערע אינזשעניערנ אונ טעכניקער, צו צעברעכנ די אַלטע טראַדיציִעס אונ נאָרמעס אונ געבנ פרײַהײַט די נײַע קרעפטנ פונ אַרבעטער־קלאַס?

מע שמועסט וועגנ וויסנשאַפט, מע זאָגט, אַז די אָנגאַבנ פונ דער וויסנשאַפט, די אָנגאַבנ פונ די טעכנישע האַנטביכער אונ אינסטרוקציעס ווידערשפּרעכנ די פאָדערונגענ פונ די סטאַכאַנאָווצעס וועגנ נײַע העכערע טעכנישע נאָרמעס, אָבער וועגנ וועלכער וויסנשאַפט גייט דאָ אַ רייד? די אָנגאַבנ פונ דער וויסנשאַפט זײַנען שטענדיק קאָנטראָלירט געוואָרנ דורכ דער פּראַקטיק, דורכ דער דערפאַרונג. די וויסנשאַפט, וואָס האָט איבערגעריסנ די פאַרבינדונג מיט דער פּראַקטיק, מיט דער דערפאַרונג,—וואָס איז עס פאַרא וויסנשאַפט? ווענ די וויסנשאַפט וואָלט געווענ אַזאַ, ווי עס שילדערנ זי אייניקע אונדזערע קאָנסערוואַטיווע כאַווײרים, וואָלט זי לאַנג אומגעקומענ פאַר דער מענטשהײַט. די וויסנשאַפט רופט זיכ דערפאַר וויסנשאַפט, ווײַל זי אַנערקענט ניט קיינ פעטישנ, זי האָט ניט מוירע אויפצוהייבנ די האַנט אַפ דאָס אָפּלעבנדיקע, אַפ דאָס אַלטע אונ הערט זיכ צו פיל באַר צו דער שטימ פונ דער דערפאַרונג, פונ דער פּראַקטיק. ווענ די זאַכ וואָלט געווענ אַנדערש, וואָלט

בא אונדז ניט געווענ ביכלאל קיינ וויסנשאפט, וואָלט ניט געווענ, לאָמיר זאָגנ, קיינ אסטראָנאָמיע און מיר וואָלטנ אלצ אויסגעקומענ מיט פטאָלאָמייס פארעלטערטער סיסטעם, בא אונדז וואָלט ניט געווענ קיינ ביאָלאָגיע, און מיר וואָלטנ נאָכ אלצ געטרייסט זיכ מיט דער לעגענדע וועגנ באשאפנ דעמ מענטשנ, בא אונדז וואָלט ניט געווענ קיינ כעמיע און מיר וואָלטנ אלצ נאָכ אויסגעקומענ מיט די נעוויִעס פונ די אלכעמיקער.

אָט פארוואָס איכ מיינ, אז אונדזערע אינזשעניער־טעכנישע און ווירטשאפטלעכע טוער, וואָס האָבנ שוינ באוויזנ היפש אָפשטיינ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג, וואָלטנ געטאָנ גוט, ווענ זיי וואָלטנ אופגעהערט צו קלאמערנ זיכ אָנ די אלטע טעכנישע נאָרמעס און וואָלטנ זיכ איבערגעבויט ווי געהעריק, וויסנשאפטלעכ, אפ א נײַעמ סטאכאנאָווישנ אופנ.

גוט, וועט מענ אונדז זאָגנ. אָבער ווי טוט מענ מיט די טעכנישע נאָרמעס ביכלאל? צי זײַנענ זיי נייטיק פאר דער אינדוסטריע, אָדער מע קאָנ זיכ באגיינ אינגאנצנ אָנ שומ נאָרמעס?

אייניקע זאָגנ, אז מיר דארפנ ניט מער קיינע שומ טעכנישע נאָרמעס. דאָס איז ניט ריכטיק, כאוויירימ. נאָכ מער,—דאָס איז נאריש. אָנ טעכנישע נאָרמעס איז ניט מעגלעכ קיינ פלאנווירטשאפט. טעכנישע נאָרמעס זײַנענ נייטיק, אויסער דעמ, קעדיי אונטערציִענ די אָפשטייענדיקע מאסנ צו די פאָרויסגייענדיקע. די טעכנישע נאָרמעס—דאָס איז א גרויסע רעגולירנדיקע קראפט, וואָס אָרגאניזירט אפ דער פראָדוקציע די ברייטע מאסנ ארבעטער ארומ די פאָרגעשריטענע עלעמענטנ פונעמ ארבעטער־קלאס. הייסט עס, אונדז זײַנענ נייטיק טעכנישע נאָרמעס, אָבער ניט יענע, וואָס עקזיסטירנ איצט, נאָר העכערע.

אנדערע זאָגנ, אז טעכנישע נאָרמעס זײַנענ נייטיק, אָבער מע דארפ זיי דערפירנ שוינ איצט צו יענע דערגרייכונגענ, וועלכע עס האָבנ זיכ דערשלאָגנ די סטאכאנאָווס, די בוסיגינס, די ווינאָגראדאָוועס א. אנד. דאָס איז אויכ ניט ריכטיק. אזוינע נאָרמעס וואָלטנ ניט געווענ רעאל פאר דער איצטיקער צײַט, ווײַל די ארבעטער און ארבעטערנס, וואָס זײַנענ טעכניש ווייניקער אונטערגעשמידט ווי די סטאכאנאָווס און בוסיגינס, וואָלטנ ניט געקאָנט אויספילנ אזוינע נאָרמעס. מיר דארפנ אזוינע טעכנישע נאָרמעס, וואָס זאָלנ גיינ אינמיטנ צווישנ די איצטיקע טעכנישע נאָרמעס און צווישנ יענע נאָרמעס, וועלכע עס האָבנ זיכ דערשלאָגנ די סטאכאנאָווס און בוסיגינס. לאָמיר נעמענ, צ. ב., מאריא דעמטשענקאָ, די אלעמענ באוווסטע פינפהונדערטלערנ, בא צוקער־בורעקעס. זי האָט זיכ דערשלאָגנ א גערעטעניש פונ צוקער־בורעקעס פונ 500 און מער צענטנער פונ א העקטאר. צי קאָנ מענ דידאָזיקע דערגרייכונג מאכנ פאר א נאָרמע פונ דער גערעטענישקײַט פאר דער גאנצער בוריקעס־ווירטשאפט, לאָמיר זאָגנ אינ אוקראיִנע? ניינ, מע קאָנ ניט. ס'איז פרי דערווײַל צו ריידנ וועגנ דעמ. מאריא דעמטשענקאָ האָט זיכ דערשלאָגנ 500 און מערער צענטנער פונ איינ העקטאר, אָבער די דורכשניטלעכע גערעטעניש פונ צוקער־בוריקעס, צ. ב., אינ אוקראיִנע, באטרעפט האיאָר 130—132 צענטנער פונ א העקטאר. דער אונטערשייד איז, ווי איר זעט, ניט קיינ קלייניקער. צי קאָנ מענ געבנ א נאָרמע פאר דער גערעטענישקײַט פונ צוקער־בוריקעס 400 אָדער 300 צענטנער? אלע זאכקענער זאָגנ, אז מע קאָנ עס ניט דערווײַל טאָנ. קענטיק, אז עס וועט אויסקומענ צו געבנ א נאָרמע פונ דער גערעטענישקײַט פונ א העקטאר אינ אוקראיִנע אפנ 1936 י. פונ 200—250 צענטנער. און די דאָזיקע נאָרמע איז ניט קיינ קליינינקע, ווײַל אינ פאל, ווענ זי זאָל אויסגעפילט ווערנ, וואָלט זי אונדז געקאָנט געבנ אינ צוויי מאָל מער צוקער, ווי אינ 1935 י. דאָסזעלבע דארפ מענ זאָגנ וועגנ

דער אינדוסטריע. סטאכאנאָוו האָט אריבערגעשטיגנ די עקזיסטירנדיקע טעכנישע נאָרמע, דוכט זיכ, אינ א מאָל צענ אָדער אפילע מערער. דערקלערנ דידאָזיקע דערגרייכונג פאר א נייַער טעכנישער נאָרמע פאר אלע, וואָס ארבעטנ אפנ קאָמפרעסער־האמער וואָלט געווענ ניט סייכלדיק, קענטיק, אז עס וועט אויסקומענ צו געבנ א נאָרמע וואָס גייט ערגעצ ווו אינמיטנ צווישנ דער עקזיסטירנדיקער טעכנישער נאָרמע און דער נאָרמע, וואָס עס האָט פארווירקלעכט דער כ׳ סטאכאנאָוו.

איינס איז יערנפאלס קלאָר: די איצטיקע טעכנישע נאָרמעס אנטשפרעכנ שוינ ניט דער ווירקלעכקייַט, זיי זייַנענ אָפּגעשטאנענ און האָבנ זיכ פארוואנדלט אינ אַ טאָרמאָז פאר אונדזער אינדוסטריע, אָבער קעדיי ניט טאָרמאָזירנ אונדזער אינדוסטריע דארפ מענ זיי פארבייַטנ מיט נייַע העכערע טעכנישע נאָרמעס. נייַע מענטשנ, נייַע צייַטנ—נייַע טעכנישע נאָרמעס.

IV

# די נאָענטסטע אופגאבעס

אינ וואָס באשטייענ אונדזערע נאָענטסטע אופגאבעס פונעם שטאנדפונקט פונ די אינטערעסנ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג?

קעדיי ניט פאנאנדערצעווארפנ זיכ, לאָמיר דערפירנ דעמדאָזיקנ איניענ צו צוויי נאָענטסטע אופגאבעס.

ע ר ש ט נ ס. די אופגאבע באשטייט אינ דעמ, מע זאָל העלפנ די סטאכאנאָווצעס פאנאנדערצוּוויקלענ ווייַטער די סטאכאנאָוו־באוועגונג און פארשפרייטנ זי אינדערברייט און אינדערטיפ אינ אלע געגנטנ און ראיאָנענ פונ פססר. דאָס איז פונ איינ זייַט, און פונ דער צווייטער זייַט—אייַנצוימענ יענע אלע עלעמענטנ פונ די ווירטשאפטלעכע און אינזשעניער־טעכנישע טוער, וואָס קלאמערנ זיכ אייַנגעשפארט אָנ דעמ אלטנ, ווילנ ניט באוועגנ זיכ פאָרויס און טאָרמאָזירנ סיסטעמאטיש די פאנאנדערוויקלונג פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג קעדיי צו פארשפרייטנ מיטנ גאנצנ פארנעמ די סטאכאנאָווישע באוועגונג איבער דער גאנצער ברייט פונ אונדזער לאנד, זייַנענ צוליב דעמ די סטאכאנאָווצעס אליינ, פארשטייט זיכ, ניט גענוגנדיק. ס׳איז נייטיק, אז אונדזערע פארטייִשע אָרגאניזאציעס זאָלנ זיכ אייַנשליסנ אינ דעמדאָזיקנ איניענ און זאָלנ העלפנ די סטאכאנאָווצעס דערפירנ די באוועגונג ביזנ סאָפ. אינ דער הינזיכט האָט די דאָנעצער געגנטלעכע אָרגאניזאציע ארויסגעוויזנ אומבאשטרייַטבאר א גרויסע איניציאַטיוו. גוט ארבעטנ אינ דעמ זינ די מאָסקווער און די לענינגראדער געגנטלעכע אָרגאניזאציעס, און ווי איז אינ אנדערע געגנטנ? זיי, קענטיק, „צעוויגנ זיכ" נאָכ אלץ. עפּעס הערט מענ, צומ בייַשפּיל, גאָרניט אָדער מע הערט זייער ווייניק וועגנ אוראל, כאָטש אוראל איז ווי באוווּסט א קאָלאָסאלער אינדוסטריִעלער צענטער. דאָסזעלבע דארפ מענ זאָגנ וועגנ מייַרעוו־סיביר, וועגנ קוזבאס, ווו מע האָט נאָכ ניט באוויזנ, לויט אלע סימאָנימ, „פאנאנדערצוּוויגנ זיכ". אגעוו, קאָנ מענ ניט צווייפלענ, אז אונדזערע פארטייִשע אָרגאניזאציעס וועלנ זיכ נעמענ פאר דערדאָזיקער זאכ און וועלנ העלפנ די סטאכאנאָווצעס בייַקומענ די שוועריקייַטנ. וואָס שייַכ דער צווייטער זאכ פונעם איניענ—וועגנ אייַנצוימענ די אייַנגעשפארטע קאָנסערוואטערס פונ דער סוויווע פונ די ווירטשאפטלעכע און אינזשעניער־טעכנישע טוער, וועט דאָ די לאגע זייַנ עטוואָס קאָמפּליצירטער. עס וועט אויס־

קומענ אינ דער ערשטער ריי איבערצײַגנ, געדולדיק אונ כאוועריש איבערצײַגנ דידאָזיקע קאָנסערוואטיווע עלעמענטנ פונ דער אינדוסטריע אינ דער פראָגרעסיווקײַט פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג אונ אינ דער נייטיקײַט איבערצובויענ זיכ אפ א סטאכאנאָווישנ אופנ. אונ אויב איבערצײַגונגענ וועלנ ניט העלפנ, וועט אויסקומענ אָנצונעמענ מער אנטשלאָסענע מאָסמיטלענ. לאָמיר נעמענ, צ. ב., דעמ פאָלקס־קאָמיסאריאַט פונ קאָמוניקאציע. אינ צענטראַלנ אפאראט פונ דעמדאָזיקנ פאָלקאָמאט האָט ניט לאנג עקזיסטירט א גרופע פראָפעסאָרנ, אינזשעניערנ אונ אנדערע זאכקענער,—צווישנ זיי זײַנענ געווענ אויכ קאָמוניסטנ,—וואָס האָט פארזיכערט אלעמענ אינ דעמ, אז 13—14 קילאָמעטער קאָמערציעלע שנעלקײַט א שאָ איז א גרענעצ, ווײַטער פונ וועלכער מע טאָר ניט, מע קאָנ ניט באוועגנ זיכ, אויב מע וויל ניט ארײַנטרעטנ אינ ווידערשפרוכ מיט דער „וויסנשאפט וועגנ עקספלואטאציע“. דאָס איז געווענ א גאנצ אווטאָריטעטע גרופע, וועלכע האָט געפריידיקט אירע אָנשויונגענ מונדלעכ אונ אינ דער פרעסע, האָט געגעבנ אינסטרוקציעס די אנטשפרעכנדיקע אָרגאנענ פונ פאָלקאָמאס פונ קאָמוניקאציע אונ איז ביכלאל געווענ „די הערשערנ פונ די מויכעס“ צווישנ די עקספלואטאציע־טוער. מיר, ניט קיינ קענער פונ דערדאָזיקער זאכ, האָבנ אפנ גרונט פונ די פאָרשלאגנ פונ א גאנצער ריי פראקטיקער פונ אײַזנ-באנ־וועזנ, פונ אונדזער זײַט פארזיכערט די דאָזיקע אווטאָריטעטע פראָפעסאָרנ, אז 13—14 קילאָמעטער קאָנענ ניט זײַנ קיינ גרענעצ, אז בא א באשטימטער אָרגאניזאציע פונ דער זאכ קאָנ מענ פארברייטערנ דידאָזיקע גרענעצ. אלס ענטפער אפ דעמ האָט די דאָזיקע גרופע, אָנשטאָט צוהערנ זיכ צו דער שטימ פונ דערפארונג אונ פראקטיק אונ איבערקוקנ איר באציונג צו דער זאכ, א וואָרפ געטאָנ זיכ אינ קאמפ קעגנ די פראָגרעסיווע עלעמענטנ פונ אײַזנבאנוועזנ אונ האָט נאָכמער פארשטארקט די פראָפאגאנדע פונ אירע קאָנסערוואטיווע אָנשויונגענ. פארשטייט זיכ, אז אונדז איז אויסגעקומענ געבנ די דאָזיקע געערטע לײַט לײַכט אינ די ציינער אונ אפ אנ איידעלנ אופנ מעשאלייעכ זײַנ זיי פונעמ צענטראלנ אפאראט פונ פאָלקאָמאט פאר קאָמוניקאציע (אפלאָדיסמענטנ). אונ וואָס זשע? מיר האָבנ איצט א קאָמערציעלע שנעלקײַט פונ 18־19 קילאָמעטער א שאָ (אפלאָדיסמענטנ). מיר דוכט זיכ, כאווייוים, אז אינ לעצטנ פאל וועט אויסקומענ אָנקומענ צו דעמדאָזיקנ מעטאָד אויכ אפ אנדערע געביטנ פונ אונדזער פאָלקווירטשאפט, אויב, פארשטייט זיכ, די אײַנגעשפארטע קאָנסערוואטערנ וועלנ ניט אופהערנ שטערנ אונ ווארפנ פלעקער אינ די רעדער פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג.

צווייטנס. די אופגאבע באשטייט אינ דעמ, מע זאָל העלפנ איבערבויענ זיכ אונ שטעלנ זיכ אינדערשפיצ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג יענע ווירטשאפטלער, אינזשעניערנ אונ טעכניקער, וועלכע ווילנ ניט שטערנ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג, וועלכע פילנ מיט דערדאָזיקער באוועגונג, נאָר זיי האָבנ נאָכ ניט באוויזנ איבערבויענ זיכ. האָבנ נאָכ ניט געקאָנט שטעלנ זיכ אינ דער שפיצ פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג. איכ דארפ זאָגנ, כאוויירימ, אז אזוינע ווירטשאפטלער, אינזשעניערנ אונ טעכניקער זײַנענ בא אונדז פאראנ ניט ווייניק. אונ אויב מיר וועלנ העלפנ די דאָזיקע כאוויירימ, וועלנ זיי זײַנ בא אונדז אָנ שומ סאָפעק אסאכ מער.

איכ מיינ, אז אויב מיר וועלנ די דאָזיקע אופגאבע אויספילנ, וועט די סטאכאנאָווישע באוועגונג פאנאנדערוויקלענ זיכ אינעמ גאנצנ פארנעמ, וועט ארומכאפנ אלע געגנטנ אונ ראיאָנענ פונ אונדזער לאנד אונ וועט אונדז ווײַזנ ווונדער פונ נײַע דערגרייכונגענ.

# V

# צוויי ווערטער

עטלעכע ווערטער וועגנ דער איצטיקער באראטונג, וועגנ איר באדייַטונג. לענינ האָט געלערנט, אז עמעסע אָנפירער—באָלשעוויקעס קאָנענ זייַנ בלויז אזעלכע אָנפירער, וועלכע קאָנענ ניט נאָר לערנענ ארבעטער אונ פויערים, נאָר אויכ לערנענ זיכ בא זיי. אייניקע פונ די באָלשעוויקעס זייַנענ לענינס דאָזיקע ווערטער ניט געפעי״נ געוואָרנ. אָבער די געשיכטע באווייַזט, אז לענינ איז געווענ גערעכט אויכ אפ דעמ געביט אפ אלע הונדערט פראָצענט. אינדערעמעסנ. מיליאָנער ארבעטנדיקע, ארבעטער אונ פויערימ ארבעטנ, לעבנ, קעמפנ. ווער קענ צווייפלענ אינ דעמ, אז די דאָזיקע מענטשנ לעבנ ניט סטאמ אינ דער וועלט ארייַנ, אז, לעבנדיק אונ קעמפנדיק, זאמלענ אָנ אָט די דאָזיקע מענטשנ א ריזיקע פראקטישע דערפארונג? צי דענ קענ מענ צווייפלענ אינ דעמ, אז אָנפירער וועלכע קוקנ מיט גרינגשעצונג אפ דער דאָזיקער דערפארונג, קאָנענ ניט רעכענענ זיכ פאר עמעסע אָנפירער? הייסט עס, אז מיר, אָנפירער פונ דער פארטיי אונ רעגירונג, דארפנ ניט נאָר לערנענ די ארבעטער, נאָר אויכ לערנענ זיכ בא זיי. אז איר, מיטגלידער, פונ דער איצטיקער בעראטונג, האָט זיכ עטוואָס אויסגעלערנט דאָ, אפ דער באראטונג, בא די אָנפירער פונ אונדזער רעגירונג,—דאָס וועל איכ ניט לייקענענ. אָבער מע קאָנ ניט אָפלייקענענ אויכ דאָס, אז אויכ מיר, אָנפירער פונ דער רעגירונג, האָבנ זיכ אסאכ אויסגעלערנט בא אייַכ, בא די סטאכאנאָווצעס, בא די מיטגלידער פונ דער איצטיקער באראטונג. איז אָט, א דאנק אייַכ, כאווײרימ, פאר דער לערע, א גרויסנ דאנק. (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

ענדלעכ, צוויי ווערטער וועגנ דעמ, ווי מע וואָלט געדארפט אָפצייכענענ די דאָזיקע באראטונג. מיר האָבנ דאָ אינ פרעזידיומ זיכ בעראטנ אונ האָבנ באשלאָסנ, אז עס וועט אויסקומענ ווי ניט איז אָפצייכענענ די דאָזיקע באראטונג פונ די אָנפירער פונ דער מאכט מיט די אָנפירער פונ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג. אונ אָט זייַנענ מיר געקומענ צו אזא באשלוס, אז א מענטשנ 100—120 פונ אייַכ וועט אויסקומענ צושטעלנ צו דער העכסטער באלוינונג.

שטימענ: ריכטיק (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

סטאלינ: אויב איר באגיטיקט, כאווײרימ, וועלנ מיר דעמ דאָזיקנ איניעגנ דורכפירנ.

(די אָנטיילנעמער פונ דער באראטונג פונ די סטאכאנאָווצעס אָרדענענ אייַנ א שטורמישע באגייַסטערטע אָוואציע דעמ כאווער סטאלינ. דער גאנצער זאל דונערט פונ אפלאָדיסמענטנ, א מעכטיקער „הורא״ טרייסלט אופ די רוימענ פונעמ זאל. אָנצאָליקע אויסרופנ, וואָס באגריסנ דעמ פירער פונ דער פארטיי—כאווער סטאלינ, טראָגנ זיכ פונ אלע עקנ. די אָוואציע פארענדיקט זיכ מיט א מעכטיקנ זינגענ דעמ „אינטערנאציאָנאל״. דרייַ טויזנט אָנטיילנעמער פונ דער באראטונג זינגענ דעמ פראָלעטארישנ הימנ).

# פון א. באַרביוס בוך „סטאַלין"

רויטער פּלאַץ—דער צענטר פון מאָסקווע און פּ.ג. דער ריזיקער, אייראָפּייִשער און אַזיִאַטישער רוסלאַנד. דער מאַווזאָליי—דער צענטר פון רויטן פּלאַץ. אויבן, אַפן מאַווזאָליי, אין דער טיפּ פון וועלכן עס שלאָפט, ווי א לעבעדיקער, לענין, שטייען אין איין ריי פינף־זעקס מענטשן. אַפ א שטרעקע פון עטלעכע טריט זענען זיי אַלע אויס ענלעך איינער אַפן אַנדערן.

און אַרום קומט זיך צונויף און צעגייט זיך א סימעטרישער אופּברויז פון מאַסן. עס דאַכט זיך, ווי דער אופברויז וואָלט אַרויס פון אונטער דער ערד און אַהין טאַקע, אונטער דער ערד, גייט ער אַוועק. אין דער לענג און ברייט פון פּלאַץ, פון עק ביז עק, וויקלט זיך פאַנאַנדער קאַליידאָסקאָפּיש די דעמאָנסטראַציע—אַן אומופהערלעכער מאַרש, וואָס פלאַטערט מיט רויטן לײַוונט און זײַדנס, באַלאָדענע מיט אויסיעס, מיט ווערטער; דער שטאָפּ רופט. אָדער דאָס איז א קאָלאָסאַלער ספּאָרט־פּאַראַד; האַסטיק באַוועגנדיק זיך פּאַרויס, איז ער פאַנאַנדערגעבליט ווי א פּאַרק. אָדער, ענדלעך, די שנעלע באַוועגונג פון דער סאַמע מעכטיקער אַרמיי אין דער וועלט: דאָס פּאָלק פון דער רויטער אַרמיי, וואָס איז אויסגעשטעלט אין פּירעקן.

דאָ און דאָרטן זעסטו אין דער נאָענט שטיקער פון א בונטן וואַלד אין באַוועגונג: עס בלאַנקט א פּלויט פון פאַרבײַגייענדיקע שפּיזן, אַדער א שערענגע פון יונגע באַכערים און מיידלעך, אָדער פּאָשעט רייען פון צוזאַמענגעשלאָסענע שטאָלצע, גליקלעכע מענטשן, לאַכנדיקע און לײַכטנדיקע פּנימער.

דער דאָזיקער פּילשאָ‍ַקער דענקענדיקער שטראָם, די דאָזיקע באַגײַסטערונג, וואָס רײַסט זיך אַרויס פון די מענגעס, וואָס האָבן זיך צונויפגעשפּאַרט אַפ די פּאַראַלעלע טריבונעס בא די ציינערדיקע ווענט פון קרעמל, זידט אין א שקוואַל פון אויסרופן און שטימען. בא דעם דאָזיקן שקוואַל איז פאַראַן א צענטר. די דאָזיקע אויסרופן נעמען אָן די פאָרם פון א מענטשלעכן נאָמען: „סטאַלין", „זאָל לעבן דער כאַווער סטאַלין!". איינער פון די שטייענדיקע אַפן מאַווזאָליי פון לענינען הויבט אוף די האַנט צום היטל אָדער גאָר פּאַשעט, אײַנבויגנדיק זי אין עלנבויגן, פּאָכט ער מיט א פאַנאַנדערגעעפנטער דלאָניע. דער דאָזיקער מענטש איז אָנגעטאָן אין א לאַנגן מיליטערישן שינעל, וואָס טיילט אים, אַגעוו, ווייניק אויס פון די איבעריקע.

ער איז דאָס דער צענטר, דאָס האַרץ פון דעם אַלעמען, וואָס צעגייט זיך אין שטראַלן פון מאָסקווע איבער דער גאַנצער וועלט.

זײַן בילד—א ביוסט, א פּאָרטרעט, א פּאָטאָ—באַגעגנסטו אומעטום אַפן סאָוועטישן קאָנטינענט, פּונקט ווי דאָס בילד פון לענינען און אין איין ריי מיטן בילד פון לענינען.

עס איז ניטאָ אזא ווינקל אפ א זאוואָד, אינ קאזארמע, אינ אנשטאלט, עס איז ניטאָ אזא וויטרינע, ווו אפ א רויטנ פאָנ, צווישנ א געצייכנטער דיאגראמע פונ סאָציאַליסטישער סטאטיסטיק (אנ אנטירעליגיעזע איקאָנע!) אונ דער עמבלעמע פונ סערפ אונ האמער, זאָלנ מיר ניט האָבנ געזענ זײַנ פּאָנים. ניט לאנג איז אפ די ווענט פונ אלע הײַזער אינ רוסלאנד אונ די אנדערע סאָוועטישע רעפּובליקנ פאנאנדערגעקלעפּט געוואָרנ א פלאקאט מיט ריזיקע, ארופגעלייגטע איינע אפ די אנדערע פראָפילנ פונ דרײַ געשטאָרבענע אונ איינ לעבעדיקנ: מארקס, ענגעלס, לענינ, סטאלינ. אונ לאָמיר פארפילפאכנ נאָכ אפ טויזנטער — ווייניק זײַנענ פאראנ אזעלכע דירעס אינ אנ ארבעטערישער, אָדער אנ אינטעליגענטישער מישפּאָכע, ווו עס זאָל ניט זײַנ דער פּאָרטרעט פונ סטאלינען.

דאָס איז דער פּאָנים פונ פאָלק. וואָס באזעצט א זעקסטל פונ דער וועלט, פונ יענעם נײַעם פאָלק, וועלכנ אָדער איר האָט ליב, אָדער איר פאראכטעט.

* * *

די שאָ פונ פרישטיק (אינ רוסלאנד צייכנט זיכ ניט אויס די דאָזיקע שאָ מיט קיינ גרויסער פינקטלעכקײַט: בא דעם גרעסטנ טייל „פאראנטוואָרטלעכע" איז די פאנאנדערטיילונג פונעם טאָג אָפּהענגיק פונ דער ארבעט), דאָס מאָל זאָל עס זײַנ, אויב איר ווילט, 2 אזייגער באטאָג.

קרעמל — די דאָזיקע פעסטונג פונ בונטע בלומענ, וואָס דערהויבט זיכ אינ סאמע צענטר פונ מאָסקווע...

דאָ, אינ דעם דאָזיקנ קרעמל, וואָס דערמאָנט אנ אויסשטעלונג פונ קלויסטערס אונ פּאלאצנ, צופוסנס פונ איינעם פונ די דאָזיקע פאלאצנ, שטייט א קליינ דרײַשטאָקיק שטיבל. דאָס דאָזיקע שטיבל (איר וואָלט עס ניט באמערקט, אויב מענ זאָל אײַכ ניט אָנווײַזנ) איז פריער געווענ א באדינונגס-געבײַדע באמ פאלאצ: אינ אים האָט געוווינט א וועלכער עס איז צארישער דינער.

אינ א פיצינקנ פּאָדערהויז ווארפט זיכ אינ די אויגנ א לאנגער זעלנערישער שינעל אונ א הענגענדיקע איבער אים היטל. דרײַ צימערנ אונ אנ עס־צימער. זיי זײַנענ אויסגעשטאט איינפאכ ווי אינ אנ אָנשטענדיקנ, באשיידענעם האָטעל. דער עס־צימער האָט אנ אָוואלפאָרם; אהער ווערט דערלאנגט דער מיטיק — פונ דער קרעמל־קיכ אָדער א היימישער, צוגעגרייט דורכ א קעכנ. אינ א קאפּיטאליסטיש לאנד וואָלט א מיטעלער אָנגעשטעלטער זיכ ניט באפרידיקט ניט מיט אזא דירע, ניט מיט אזא מעניו. אינ איינעם פונ די דאָזיקע צימערנ שפּילט זיכ א קליינ יינגל. דעמ עלטערנ זונ, יאשענ, בעט מענ אויס באנאכט אינ עס־צימער אפנ דיוואנ, דער יינגערער שלאָפט אינ א פיצינקנ צימערל, וואָס דערמאָנט א נישע.

נאָכנ פרישטיק זעצט זיכ אוועק דער מענטש אינ איינעם פונ די פּאָטעלנ באמ פענצטער אונ פארויכערט א ליולקע. אָנגעטאָנ איז ער שטענדיק אלצײַנס. א מיליטער־פאָרמע — ניט אינגאנצנ, עס איז גיכער אנ אנדייטונג אפ א פאָרמע — די קליידונג פונ א געוויינלעכנ סאָלדאט, נאָר נאָכ א מער פּאָשעטע: א בלוזע אונ הייזנ פונ שוצ-קאָליר, הויכע שטיוול. דו קלערסט, דערמאָנסט זיכ... ניינ, ווערסט אים קיינמאָל ניט זענ אָנגעטאָנ אנדערש — בלויז זומער גייט ער אינ אָט אזא קאָסטיום פונ ווײַסנ לײַוונט.

בא דעמ מענטש מיט דער ליולקע איז א ביסל א שטרענגער געזיכט פונ אנ ארבעטער. בא אים איז אנ איראָנישער אויסזענ. אָדער דאָס איז פונ זײַנע עקזאָטישע אביסל אזיאטישע אויגנ? עפּעס אזוינס אינעם קוק, אינ די שטריכנ פונ געזיכט שאפט אנ אײַנ־

דרוק, אז ער שמײכלט די גאַנצע צײַט. אָדער, ריכטיקער, די גאַנצע צײט דוכט זיכ, אז ער װעט זיכ באַלד צעלאַכנ. אזא איז געװענ אמאָל אױכ יענער. מע קענ ניט זאָגנ, אז דער קוק זאָל זײַנ אביסל א פאַראַכטנדיקער, נאָר די אױגנ שטענדיק צוגעזשמורעט. מע קענ ניט זאָגנ, אז עס זאָל זײַנ א לײבנ־פאַלד אפנ פּאָנים (כאָטש אױכ דאָס איז טײלװײַז פאַראַנ), נאָר אנ אױסדריק פונ ביטערער פּױערישער כיטרעקײַט. אונ אינדערעמעסנ שמײכלט ער אונ לאַכט זײער אָפט. ער רעדט װײניק דער דאָזיקער מענטש, װעלכער קענ דרײַ שאָ נאָכאַנאַנד רײדנ װעגנ יעדער פאַרגעבענער פראַגע, אזױ אז קײנ אײנ דעטאַל בלײַבט ניט אינ שאָטנ. אָבער ער לאַכט אונ קײַכט אפילע פיל גערנער, װי ער רעדט.

אָט איז ער—דער באַדײַטנדיקסטער פונ אונדזערע הײַנטצײַטיקע. ער פירט אָנ מיט 170 מיליאָנ מענטשנ אפ א טעריטאָריע פונ 21 מיליאָנ קװאַדראַט־קילאָמעטער. ער האָט א פילצאָליקע אומיטלבאַרע אַרומרינגלונג. אונ די דאָזיקע אַלע מענטשנ ליבנ אים, גלױבנ אינ אים, נױטיקנ זיכ אינ אים, פאַרײניקנ זיכ אַרום אים, שטיצנ אים אונטער אונ רוקנ אים אַרױס. מיט זײַנ גאַנצנ װוּקס דערהױבט ער זיכ איבער אײראָפּע אונ אזיע, איבער דער הײַנטצײַטיקײַט אונ צוקונפט. דאָס איז דער סאַמע קענטיקער אונ אינ דער זעלבער צײַט אײנער פונ די סאַמע באַשײדענע מענטשנ אפ דער װעלט.

* * *

די ביאָגראַפיע פונ סטאַלינענ,—זאָגט קאַלינינ,—„איז א זײער א װיכטיקער טײל פונ דער רעװאָלוציאָנערער אַרבעטער־באַװעגונג אינ רוסלאַנד‟.

אנ אומאָפּרײַסבאַרער טײל פונ איר! אונ יעדערער, װער עס פאַרשטײט,—דאָ אָדער דאָרטנ,—װעט אײַכ זאָגנ דאָס זעלבע, מיט די זעלבע װערטער.

אָ גרױסע אױפגאַבע איז צו געבנ די געשטאַלט פונ א מענטשנ, װאָס איז אזױ ענג צונױפגעבונדנ מיט דער אַרבעט פונ אַלװעלטלעכנ מאַסשטאַב, א בילד פונ א פּאָליטישנ קעמפער, דורכ װעמעס פיגור עס זעענ זיכ װעלטנ אינ עפּאָכנ. גײענדיק נאָכ אים אפ די װעגנ פונ זײַנ לעבנ, דערפילנ מיר דעמ אָטעמ פונ דער געשיכטע, װאַנדעװנ מיר איבער ניט באַטראָטענע װעגנ, מיר קומענ אינ באַרירונג מיט נאָכ ניט פאַרעפנטלעכטע קאַפּיטלענ פונ דער ביבל פונ דער מענטשהײַט. דאָקומענטנ זאַמלענ זיכ אָנ פונ אַלע זײַטנ. זײ זײַנענ זײער פיל, װײַל זײער רײַכ אינ אינהאַלט זײַנענ די דאָזיקע באַנײַטע האָריזאָנטנ, װאָס עפענענ זיכ פאַר אונדז. עס קומט אױס צו דורכלײגנ א װעג דורכ פאַקטנ אונ דאָקומענטנ, עס קומט אױס בעהאַדראָגע אָפּרײניקנ די גריבער אינ דער דאָזיקער נאָכ הײסער, נאָכ ניט אנטשװיגענער אונ לעבעדיקער ענציקלאָפּעדיע.

אונ דאָ קומענ מיר צו צום סאַמע האַרצ פונ דער גרעסטער פראַגע ניט בלױז אינ אונדזער צײַט, נאָר אױכ פונ אַלע צײַטנ: װאָס איז די צוקונפט פונ דעמ מענטשלעכנ מינ, װעלכער איז אזױ אױסגעפּײַניקט פונ דער געשיכטע, װאָס איז די מאָס פונ װױלזײַנ אונ ערדישער גערעכטיקײַט אפ װאָס ער קענ אױסרעכענענ? אפ װאָס, סאָפּקאָלסאָפּ, קענענ האָפנ צװײ מיליאַרד מענטשנ?

די דאָזיקע פראַגע איז אנטשטאַנענ פונ די סאַמע טיפענישנ פונ דער מענטשהײַט, זי איז אױפגעהױבנ, אָפּגערײניקט פונ דער שאָלאַכצ אונ געשטעלט געװאָרנ אפנ טאָג־אָרדע־נונג דורכ אײניקע הײַנט צײַטיקע דערפינדערס, װעלכע װילנ ענדערנ די גאַנצע װעלט דורכ א גערעכטער ערד־צײטערניש; אונ יענער מענטש, אינ װעלכנ מיר קוקנ זיכ אײַנ, איז זײער פאָרשטײער.

* * *

דאָס איז געווענ מיט א האלב הונדערט יאָר צוריק, אינ 1879 י., אינ דעמ גרוזינישנ שטעטל גאָרי, ענלעכ צו א דאָרפ. אינ א כאלופע אפ א ציגלנעמ פונדאמענט, מיט ציגלנע ווינקלענ אונ א הילצערנעמ קאָרפוס אונטער א שינדל־דאכ, אינ א כאלופע, אינ וועלכער פונפאַרנט איז געווענ א טיר, אונ פונהינטנ — אנ אריַנגאנג אינ א קעלער, איז געבוירנ געוואָרנ א יינגל. מענ האָט אימ א נאָמענ געגעבנ יאָסיפ. דער ארומיקער אויס־זענ איז ניט געווענ קיינ פרעכטיקער. פאר דער הויז — א געסלקע, וואָס האָט ארויסגע־סטארטשעט מיט א גריבערדיקנ ברוק, אנטקעגנ — באראקנ מיט ניטסימעטרישע לאטעס אונ ארויסשטעקנדיקע קוימענס. אינמיטנ פונעמ שטיינערנעמ ברוק — אנ אָפגוס־רינע.

בא דער מוטער, יעקאטערינא, איז געווענ א שיינער ערנסטער געזיכט אונ שווארצע אויגנ, — אזעלכע שווארצע אויגנ, אז עס האָט זיכ געדאכט, ארויסגייענדיק פונ די ברעגנ, פארגיסנ זיי דעמ געזיכט. אפ די פאָרטרעטנ פונ דער ניטלאנגער פארגאנגענהיַיט איז דערדאָזיקער ריכטיקער געזיכט, לויטנ אלטנ אונ שטרענגנ שטייגער פונ די עלטערע קאוו־קאזער פרויענ, באראמט מיט א קוואדראט פונ א שווארצנ טיכל. דער פאָטער, וויסאריאָנ דזשוגאשווילי, האָט געשטאמט פונ דאָרפ דידי לילאָ אונ איז געווענ לויטנ פאכ א שוסטער. ער האָט שווער געארבעט אפ דער שוכ־פאבריק — ניט וויַט, אינ דער הויפט־שטאָט פונ גרוזיע — אינ טיפליס. אינעמ מוזיי קענ מענ זענ די אויסגעריבענע דורכ אימ נעבעכדיקע טאבורעטקע, אנ איבערגעבונדענע מיט א שטריקל. דאָס איז געווענ אנ אָרעמער, ווייניק געבילדעטער, נאָר ערלעכער מענטש. ער האָט אָפגעגעבנ יאָסיפנ אינ דער גאָרישער שול (א שטיבל אונטער בוימער, ענלעכ אפ א פערמע), אונ דערנאָכ אויכ אינ דעמ טיפליסער סעמינאר, — דאָס הייסט, ער האָט געטאָנ פארנ זונ ווירקלעכ אלצ, וואָס ער האָט געקענט בא זיַינע מיטלענ.

...דער סעמינאר איז עס געווענ דער „פארשפרייטער פונ אידייענ". אומאָפהענגיק פונעמ ווילנ פונ די אָנפירער האָט דערדאָזיקער לערנ-אנשטאלט געגעבנ א היימ פאר די שפראָצנ פונ אומצופרידנהיַיט אונ פראָטעסט... דאָ האָבנ זיכ פאָרמירט די אפיקאָרסישע אונ פארברעכערישע קריַיזלעכ, — די שמועסנ אינ זיי זיַינענ, פארשטייט זיכ, פאָרגעקומענ אינ די ווינקלענ, שושקענדיק זיכ. עס איז געווענ א קריַיזל א נאציאָנאליסטישער (ווענ זשע, לעסאָפ, וועט גרוזיע זיַינ אנ אומאָפהענגיקע?), עס איז געווענ א קריַיזל א פאָל־קיסטישער (נידער מיט די טיראנענ, אראָפ די קייטנ!), עס איז געווענ אויכ א קריַיזל פונ מארקסיסטנ־אינטערנאציאָנאליסטנ. אינ אָט דעמ לעצטנ איז אויכ אריַינגעטראָטנ לויט זיַינ אומבאהערשבארער אינטעלעקטועלער נייגונג יאָסיפ אָדער, פינקטלעכער, סאָסאָ דזשוגאַ־שווילי...

א וועלכער־זשע איז ער געווענ? — אלס קינד איז ער געוועזנ א קליינינקער, א דינינקער, דער אויסזענ א דרייסטער אונ אפילע אביסל א האָזעדיקער, דער קאָפ פאראקשנט פארוואָרפנ אפ הינטער. אינ יאָרנ ארומ האָט ער זיכ אויסגעצויגנ, געוואָרנ גרינגער אונ ווי כרופקער. זייער א דינער אינטעליגענטישער געזיכט, געדיכטע, באוואָקסענע, שווארצע ווי סמאָלע, האָר. די יוגנטלעכע מאָגערקיַיט איז אונטערגעשטראָכנ דורכנ גרוזינישנ אָוואל פונ זיַינ געזיכט אונ דורכ דער געוויסער פארטראכטקיַיט פונ בליק. אינ יענער ציַיט האָט דער יונגער רעוואָליוציאָנער פאָרגעשטעלט מיט זיכ זייער א ניַיגעריקנ, וויַיל זייער א פול־קאָמענער, געמיש פונ אנ אינטעליגענט אונ אנ ארבעטער. ניט פונ קיינ זייער הויכנ וווקס,

ניט קיינ זייער ברייטער אינ די פּלייצעס. א לענגלעכער פּאָנים, א קליינ בערדל, אביסל שווערע ברעמענ, א דינער אונ גלײַכער נאַז; אפ די געדיכטע, שוואַרצע האָר — אביסל אנ אראָפּגערוקט אפ א זײַט — פּלאַכע היטל. אזא איז דאנ געווענ דערדאַזיקער באַהערשער פונ די מאסנ, דער מענטש, וועלכער האָט אופגערודערט די גאנצע וועלט.

זינט יענער צײַט האָבנ סטאַלינס שטריכנ באַקומענ א מערערע באַשטימטקײַט, באַזונדערס, ווענ זײַנע אלצ נאָכ געדיכטע, פאַרקאַמטע אפ ארופּ האָר האָבנ אָנגעהויבנ לײַכט גרויווערנ; עס דאַכט זיכ, אז אינ זײַנע שטריכנ האָט זיכ ווי באַוויזנ עפּעס מער פּראָלעטאַרישעס אונ, מ'קענ זאָגנ, אפילע מיליטערישעס. מעגלעכ, אז דאָס איז טיילווײַז אָפּהענגיק אויכ פונעם קאָסטיום. פונדעסטוועגנ קענ מענ ניט זאָגנ, אז ער זאָל זיכ זייער האָבנ געענדערט. עפּשער, וואָס איצט, קענ מענ זאָגנ, וואַרפט זיכ בולטער אינ די אויגנ יענע ענערגיע אונ קעמפערישע קראַפט, וועלכע איז אויכ פריִער געווענ אינ זײַנ געזיכט; ווײַל גראַדע וועגנ אימ קענ מענ זאָגנ: אָט איז דער מענטש, וועלכער האָט זיכ אינ זײַנ טאָג ניט געביטנ.

נאָכ מיט פינפ אונ דרײַסיק יאָר צוריק, ווענ קעצכאָוועלי האָט אימ אָנגערופנ „ווילער יונג“, האָט מענ אָנגעהויבנ באַמערקנ אונ אָפּמערקנ די אויסערגעוויינטלעכע קלאָרקײַט פונ זײַנע רעדעס. אינטערעסאַנט, ווי שטאַרק דערדאַזיקער יונגער מענטש האָט פּײַנט געהאַט פראַזעס. ער איז געווענ א גלײַכער ווידערשפּרוכ צו יענע מענטשנ, וועלכע זוכנ עפעקטנ אינ דער קלינגעוודיקײַט פונ די אויסדריקנ אונ בילדלעכקײַט פונ די זשעסטנ. „קורצקײַט, קלאָרקײַט, פּינקטלעכקײַט זײַנענ פונ די יונגע יאָרנ אָנ געווענ די שטריכנ, וואָס צייכענענ אימ אויס“.

ניט אָפּשטעלנדיק זיכ פאַר געפאַר, האָט ער פאַרבאָרגערנערהייט דערלערנט אינ דעמ טיפליסער סעמינאַר ביכער פונ נאַטורוויסנשאַפט אונ סאָציאָלאָגיע; ער האָט ארײַנגעטראָגנ אינ דעמ ווילגעזאָנענעמ אנשטאַלט דעמ ביכער־גיפט פונ פּאָזיטיווער וויסנ. דידאָזיקע שאנדע איז אופגעדעקט געוואָרנ דורכ דער מאַכט. די באַדערפעניש פונווירקלעכער בילדונג האָט זיכ ניט געפּאָרט מיט די אומבאַפלעקטע טראַדיציעס פונ סעמינאַר, אונ דער יונגער סאָסאָ איז אויסגעטריבנ געוואָרנ ווי א „פּאָליטיש ניט זיכערער“.

ער איז „אָנ צוריקקער אונ אפ שטענדיק אוועק צו די אַרבעטער“.

אינ 1898 יאָר איז ער ארײַנגעטראָטנ אינ דער טיפליסער אָרגאַניזאַציע פונ דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דאָס איז געווענ אינעמ יאָר, ווענ עס איז אָפיציעל געשאַפנ געוואָרנ דידאָזיקע רוסישע סעקציע פונ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל.

אונ אָט האָט ער זיכ געשטעלט אפ זײַנ אייגענעמ וועג. ער האָט ניט פאַרלאָרנ קיינ צײַט אפ צו זוכנ אימ. ער האָט אימ דערגרייכט טיקעפּ, גייענדיק לויט א גלײַכער ליניע. דערדאָזיקער אינטעליגענט, דער זונ פונ א פּויער־אַרבעטער, האָט זיכ גענומענ פאַר דעמ פאַכ פונ א „פּראָפעסיאָנעלנ רעוואָליוציאָנער“. צוערשט איז דאָס געווענ באַ די טיפליסער אײַזנבאַנער, דערנאָכ באַ די טאַבאַק־ אונ לעדער־אַרבעטער, ווײַטער באַ די אַרבעטער פונ דער מעטעאָראָלאָגישער סטאַנציע — א טוער פונ דער אַרבעטער־זאַכ.

* * *

„די פּרינציפּיִעלע פּאָליטיק איז די איינציק ריכטיקע פּאָליטיק“, — האָט געזאָגט אונ איבערגעכאַזערט סטאַלינ נאָכ לענינענ. אינ דעמ באַשטייט די גרונט־באַשטעטיקונג, די הויפּט־האַנאָכע, וועלכע, זאָגט סטאַלינ, „דערלויבט נעמענ מיט א שפּרונג ניט צוטריטלעכע

פּאָזיציעס“. אונ דער הויפּט־קוואל פונעמ קויעכ פאר די אָנפירער פונ סאָציאַלנ פראָגרעס—דאָס איז דער גלויבנ אינ די מאסנ. דערדאָזיקער גלויבנ אינ די ברייטע ארבעטער־מאסנ איז א לאָזונג, א רופ צו טאט, וואָס וועט אמערסטנ פראָפאגאנדירנ דערדאָזיקער פירער אינ מעשעכ פונ זײַנ גאנצנ לעבנ. „די סאמע ניט אײַנגענעמע קרענק, וועלכער עס קענ זיכ אונטערגעבנ א פירער—דאָס איז די שרעק פאר די מאסנ“. דער פירער נויטיקט זיכ מער אינ זיי, ווי זיי אינ אימ. ער לערנט זיכ בא זיי מער, ווי זיי בא אימ. ווי נאָר א פירער הויבט אָנ מאכנ זײַנע געשעפטלעכ, אָפּרײַסנדיק זיכ פונ די מאסנ,—איז ער א פארפאלענער מענטש פארנ זיג אונ פאר דער זאכ.

* * *

... סטאלינענ זעט מענ אומעטומ. ער אינסטרוקטירט די פארטייִשע אָרגאניזאציעס אינ די פארשיידענע ריַאָנענ פונ רוסלאנד, רעדאגירט די „זוועזדא“, איז איינער פונ די גרינדער פונ דער „פראוודא“. מענ ארעסטירט אימ ווידער אונ מענ פארשיקט. ווידער קערט ער זיכ אומ צו דער ארבעט, איבערכיטרעווענדיק אלע וועכטער אונ זשאנדארמענ.

שוינ לאנג, ריכטיקער קיינמאָל, האָט סטאלינ ניט געהאט זײַנ פּערזענלעכנ לעבנ. אָנ א פּאספּאָרט, א פארגרימירטער, האָט ער געדארפט יעדנ טאָג בײַטנ זײַנ וווינונג. אָבער קיינ זאכ האָט אימ ניט אָפּגעהאלטנ פונ דער ארבעט אפ צוגויפשמידנ די באָלשעוויסטישע פארטיי אינ די אונטערערדישע באַדינגונגענ.

... דערנאָכ ארעסטירט מענ ווידער סטאלינענ. אינ יול 1913 י. פירט מענ אוועק דעמ „שטורמישנ ווּיסאריאָניטש“ אינ סיביר, אינ טורוכאנער קאנט. ער האָט שוינ באוויזנ אנטלויפנ פונ די וואָלאָגאָדער, נארימער אונ אנדערע טורמע־היטער: בא אימ איז געווענ א באזונדער פייִקײַט ארויסצורײַסנ זיכ פונ די זשאנדארמישע לאפעס. דאָסמאָל האָט מענ אימ פארבאהאלטנ באזונדערס שטארק. מענ האָט אימ באזעצט 20 קילאָמעטער פונעמ פּאָליאר-קרײַז, אינעמ יישעוו „קולייקא“. דאָרטנ זײַנענ געווענ 2־3 הײַזקעס אונ אזויפיל, אָנ ערעכ, ניט קיינ שנייִקע כאראָשימ אינ יאָר... סטאלינ האָט אליינ צונויפגעמײַסטרעוועט זיכ אלצ וואָס איז נויטיק צומ כאפּנ פיש אונ פארנ יאגד, אָנגעהויבנ פונ די נעצנ אונ פאנגערס ביזנ הארפונ אונ דעמ העקל, מיט וועלכנ ער האָט אויסגעהאקט דעמ אײַז. א קײַלעכדיקנ טאָג האָט ער זיכ פארנומענ מיט יאגד, געכאפּט פיש, אָנגעגרייט פאר זיכ האָלצ, האָט געקאָכט עסנ. א קײַלעכיקנ טאָג... אונ דאָכ האָט אינ זײַנ הײַזקע אפ א פּראָסט הילצערנעמ טיש, פארנ טעמפּנ אונ פארדעכטיקנ קוק פונעמ ספּעציִעלנ סטראזשניק, וועלכער איז געשטעלט געוואָרנ צו אימ, זיכ אָנגעקליבנ אלצ נײַע אונ נײַע פארשריבענע זײַטנ, וואָס האָבנ גערעדט וועגנ די וויכטיקסטע פראגנ פונ דער ארבעטער-באוועגונג.

* * *

... די אייגנשאפטנ, וואָס עס האָט ארויסגעוויזנ סטאלינ אינ די פאטעטישע לאגעס פונ בירגער־קריג, איז גאָרניט געווענ אומדערווארטעט פאר די, וועלכע האָבנ געקענט דעמ דאָזיקנ מענטשנ. ער האָט בלויז אָנגעווענדט זײַנ אינדיווידועלע קראפט אונ קוואליטעט אינ א נייער ספערע פונ טעטיקײַט; שנעלקײַט אונ ריכטיקײַט פונ מיינונג, די פייִקײַט גלײַכ אופכאפּנ די אנטשיידענע פונקטנ פונ יעדער קאָנקרעטער סיטואציע, דאָס פארשטיינ די ווירקלעכע סיבעס אונ די אומפארמײַדלעכע רעזולטאטנ פונ יעטווידנ פאקט,

ווי אויך דאָס אָרט פון דעם דאָזיקן פאַקט אינעם צוזאַמענהאַנג פונעם גאַנצן, דער עקל צו אומאָרדענונג און פּלאָנטער, אומבויגזאַמע אַקשאָנעס אין דער זאַך פון צוגרייטן, שאַפן און צונויפבינדן אַלע באַדינגונגען, וועלכע זײַנען נייטיק אַף דערגרייכן דעם געשטעלטן ציל, ווען דער דאָזיקער ציל איז באַטראַכט און באַשטימט,—דאָס אַלץ איז ניט אַנדערש ווי עמעסער מאַרקסיזם, אַריבערגעטראָגן אַף די פעלדער פון שלאַכט.

דער פירער, וועלכער האָט געקענט אַזוי פאַנאַנדעראַרבעטן און פאַרפולקאָמען די טעכניק פון דער פּראַקטישער רעאַליזאַציע, איז געווען שטרענג און אַפילע אומבעראַכמאָנעסדיק צו מענטשן, וואָס טויגן ניט, ער איז געווען אומבעראַכמאָנעסדיק צו פאַרעטער און סאַבאָטאַזשניקעס,—נאָר מע קען ברענגען אַ ריי פאַלן, ווען ער האָט מיט זײַן גאַנצער ענערגיע פאַרטיידיקט מענטשן, וועלכע האָבן זיך אים אויסגעוויזן אַלס פאַרמישפּעטע אָן אַ גענוגנדיקן גרונט. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז געווען מיטן פאַרמישפּעטן צום טויט פאַרכאָמענקאָ, און ער האָט געצווונגען מע זאָל פאַרכאָמענקען באַפרײַען.

* * *

שוין פון די ערשטע טריט פון דער סאָוועטנמאַכט איז סטאַלין געגאַנגען צוזאַמען מיט לענינען, און ער זעצט פאָר צו פירן זײַן זאַך, ווען לענין איז געשטאָרבן.

אַזוי איז עס געשען פריִער פאַר אַלץ דערפאַר, ווײַל לענין האָט שוין לאַנג צוגעגרייט פאַר זיך אַ פאַרבײַט אין פּערזאָן פונעם גאַנצן קאָלעקטיוו פון דער פּאַרטיי. ער האָט זי אויסגעשמידט מיט זײַנע אייגענע הענט,— אויסגעשמידט פעסט, געוויסנהאַפט, מיט אַלע דעטאַלן, מיט אַלע אירע מעכטיקע אָנשפּאַר־פּונקטן, מיט איר אומבאַזיגבאַרער קראַפט צו באַוועגן זיך פאָרויס. לענין האָט געמאַכט די פּאַרטיי פאַר אַ קוואַל, וואָס געבוירט אָנפירונג. זאָגן, אַז לענין איז געווען אומפאַרבײַטלעך, — דאָס הייסט אַ טאָעס האָבן, ווי איבערמענטשלעך גרויס לענין זאָל ניט האָבן געווען. ווײַל אַזאַ איז שוין די עצעם פאָרם פון דער פּאַרטיי. ווען לענין איז געשטאָרבן, האָט די אַרבעט אַליין אַרויסגערוקט דעם נייטיקן מענטשן, דאָס איז אינגאַנצן קעגנזעצלעך דעם כײַישן איבערגעבן די מאַכט אין דער דינאַסטישער אָרדענונג, וועלכע האָט פאַרקריפּלט די געשיכטע אין מעשעך פון יאָרטויזנטער.

דאַן האָט זיך אַנטפּלעקט און ס'איז געוואָרן קענטיק דער אופשטײַג פון סטאַלינען. דער ריזיקער וווקס פון זײַן ריזיקן אווטאָריטעט, וועלכער איז שוין געווען אויך ביז דעמאָלט. וואָס ווײַטער, אַלץ מער איז ער געוואָרן די פירנדיקע פיגור.

זאָל מען קיין טאָעס ניט האָבן אינעם פאַרשטיין דעם דאָזיקן וווקס פון דער סטאַליניש...

ער ווירקונג; מע דאַרף ניט איבערפלעכלעך זיך אַרײַנלאָזן אין די אָפּגעריבענע וואַריאַציעס אַף דער טעמע וועגן „פּערזענלעכער מאַכט“ און „דיקטאַטור“.

אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אין ססר קען קיין פּערזענלעכע דיקטאַטור ניט זײַן. זי איז ניט מעגלעך, ווײַל דער קאָמוניזם און די סאָוועטישע אָרדענונג אַנטוויקלען זיך אין די ראַמען פון דער פּינקטלעכסטער טעאָריע, וועלכער עס דינען די סאַמע גרעסטע מענטשן,—און דער טאָכ פון פּערזענלעכער דיקטאַטור אָדער פּערזענלעכער מאַכט באַשטייט גראָדע אין דעם, וואָס דער דיקטאַטער בינדט אָן אַלעמען זײַן פּערזענלעכן ווילן, זײַן קאַפּריז טראָץ דעם געזעץ.

עס קענען זײַן פאַרשיידענע אויסטײַטשונגען פון מאַרקסיזם, באַזונדערס אין דער אָנווענדונג צו די אַנטשטייענדיקע געשעענישן, און פון אָט דעם שטאַנדפּונקט קענען האָבן די אָדער יענע באַזונדערע אויסטײַטשונג אָדער אַפילע טענדענצן די איבערהאַנט אינעם

געגעבענעם מאָמענט אין דער רעגירונג און אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. זײַנען ריכטיק די דאָזיקע אויסטײַטשונג, די דאָזיקע טענדענצ? זייער פאַרווירקלעכונג גייט זיך זעלבסט און די ריכטיקײַט אָדער פעלערהאַפטיקײַט פון דער דירעקטיוו אנטפּלעקט זיך אין רעזולטאַט פונעם צוזאַמענשטויס פון דער לאָגיק און דער אנטוויקלונג פון די פאַקטנ. דעריבער וואָלט געווענ דער גראָבסטער פעלער צו קלערנ, אַז אין אָט דעם גרויסנ אָרגאַניזם קענ זיך אײַנשטעלנ א מאַכט, א סוּווערענע אינדיווידואַליטעט, מיט קינסטלעכע מיטלענ, ווי אשטייגער, די הויפּישע איבערקערענישנ אָדער אינטריגעס. (ווענ עמעצער שטערט דעם דעספּאָט, מאַכט ער א צייכנ צו דעם הענקער, ווי דער קאַליפ פונ „טויזנט און איינ נאַכט“, אָדער צו די מערדער, ווי מוסאָליני).

מיט אָפּנאַרערײַ, מיט מאַכינאַציעס, מיט אונטערקויפנ, מיט פּאָליציייִשע מאָסמיטלענ און פאַרברעכנס, מיטנ ארײַנפירנ געדונגענע אגענטנ אינ די וועסטיביולנ און סאָלדאַטישע ווזוואָדנ אינ די זיצונג־זאַלנ, מיטנ דערמאָרדנ די פּאָליטישע קעגנער באַנאַכט אינ בעט (צוויי פּאַראַמאָל)—מיט דער הילפ פונ די דאָזיקע אַלע מיטלענ קענ מענ ווערנ און אפילע אײַנהאַלטנ זיך אפנ פּאָסטנ פונ אנ אימפּעראַטאָר, א דוטשע אָדער קאַנצלער. אָבער א סעקרעטאַר פונ צק פינ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קענ מענ מיט אַזעלכע מיטלענ ניט ווערנ.

אַזאַ מענטש, ווי סטאַלינ, האָט באַקומענ ניט ווייניק קלעפּ און האָט שטאַרק געגעבנ אויסגאָב (ער האָט, אגעוו, אָפּטער אָנגעגריפנ, איידער פאַרטיידיקט זיך). דאָס איז אַזוי, אָבער די דאָזיקע גאַנצע פאַרביסענע דיסקוסיע האָט זיך געפירט בא דער העלער ליכט, האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר אַלעמענס אויגנ, און אַלע אירע מאָמענטנ זײַנענ אַלזײַטיק דערלערנט געוואָרנ און געפונענ א ברייטנ אָפּקלאַנג. דאָס זײַנענ געווענ ניט קיינ הויפּ־אינטריגעס, נאָר א גרויסער אָפענער קריג, וועמעס ריכטער עס איז געווענ דאָס פאָלק.

און אינדערעמעסנ, אינעם סאָציאַליסטישנ אָרגאַניזמ פאַרנעמט יעדער מענטש אינגאַנצנ נאַטירלעכ זײַנ אָרט, אנטשפּרעכנדיק דער ווערטפולקײַט און סאָלידקײַט פונ דעם, וואָס ער גיט. דאָס איז אנ אָפּקלײַב, וואָס קומט פאָר דורכנ גאַנג פונ די געשעענישנ גופע. דער מענטש האָט א ווירקונג אינ דער מאָס, אפ וויפל ער קענ פאַרשטיינ און פאַרווירקלעכנ אינ לעבנ דעם אומבאַזיגבאַרנ מאַרקסיזמ.

* * *

... סטאַלינ שפּאַרט זיך אָנ מיט זײַנ גאַנצער וואָג אפנ סײכל, אפ דעם פּראַקטישנ געזונטנ זינ. ער איז באַוואָפנט מיט אנ אומפאַרגרײַזבאַרנ און אומבערעכמאָנעסדיקנ מעטאָד. ער ווייס, ער פאַרשטייט אַלזײַטיק דעמ לעניניזמ, די פירנדיקע ראָל פונ אַרבעטער־קלאַס, די פירנדיקע ראָל פונ דער פּאַרטיי. ער שטרעבט ניט אוועקשטעלנ זיך העכער פונ אנדערע, אים מאַטערט ניט דער ווילנ צו אַרויסווײַזנ זיך אָריגינעל. ער באַמיט זיך בלויז צו טאָנ ביזנ סאָפ אַלצ, וואָס מענ קענ טאָנ. ער איז ניט דער מענטש פונ וואָרט, נאָר דער מענטש פונ טאַט. ווענ ער רעדט, זוכט ער בלויז די פאַרייניקונג פונ פּאָשעטקײַט און קלאָרקײַט. ענלעכ צו לענינענ שלאָגט ער אינעם זעלבנ פּונקט, מיטנ זעלבנ געווער. ער וואַרפט דורכ אינ זײַנ ריידנ פראַגעס (ווײַל דאָס העלפט אָנטאַפּנ די אודיטאָריע) און, ענלעכ צו די גרויסע אנטישע פריידיקער, כאַזערט ער איבער און שטרײַכט אונטער די נויטיקע ווערטער. ער קענ אומפאַרגרײַזט באַווײַזנ די שוואַכע און שטאַרקע פּונקטנ. קיינער קענ זיך ניט פאַרגלײַכנ מיט אים אינעם דעמאַסקירג דעם זעלבסטצופרידענעם רעפאָרמיזמ, די אָפּאָרטוניסטישע קאָנטראַבאַנדע.

* * *

לאָמיר זיכ נאָכאמאָל אומקערנ צו דער געשטאלט פונ דעם דאָזיקנ מענטשנ,—דעם מענטשנ, וועלכער לעבט שטענדיק צווישנ דעם, וואָס עס איז שוינ געטאָנ געוואָרנ, אונ אָט דעמ, וואָס מענ דארפ נאָכ טאָנ. אז דו רעדסט מיט אימ וועגנ דער ארבעט, איז זײַנ סאמע געוויינלעכער אויסדריק—אָט דאָס „ס'איז אלצ גאָרניט אינ פארגלײַכ מיט דעמ, וואָס עס דארפ זײַנ"...

זײַנ געשיכטע—דאָס איז א קעסיידערדיקע ריי פונ זיגנ איבער דער קעסיידערדיקער ריי פונ מוירעדיקע שוועריקײַטנ. אָנגעהויבנ פונ 1917 י. איז ניט געווענ אינ זײַנ לעבנ אזא יאָר, וועלכער זאָל ניט פארדעקנ מיט זיכ דעמ פריִערדיקנ. דאָס איז א שטאָלענער מענטש. זײַנ נאָמענ כאראקטעריזירט אימ. סטאלינ—איז שטאָל. ער איז אומבויגעוודיק אונ בויגעוודיק, ווי שטאָל. זײַנ קראפט, דאָס איז זײַנ ריזיקער געזונטער זינ, דער גיגאנטישער פארנעמ פונ זײַנע-דערקענטענישנ, זײַנ וווּנדערלעכע אינערלעכע שלאנקײַט, לײַדנשאפט צו פּינקטלעכקײַט, אומבעראכמאָנעסדיקע אויסגעהאלטנקײַט, שנעלקײַט, פעסטקײַט אונ אינטענסיווקײַט פונ באשלוסנ, שטענדיקע מי צו אָפּקלײַבנ פאסיקע מענטשנ.

* * *

די געשטאָרבענע לעבנ אופ בלויז אינ די מענטשנ אונ טאטנ. לענינ לעבט אומעטומ, ווו עס זײַנענ פאראנ רעוואָליוציאָנערנ. נאָר מענ קענ זאָגנ: אינ ערגעצ לעבט אזוי ניט דער געדאנק אונ וואָרט פונ לענינענ, ווי אינ סטאלינענ. סטאלינ—דאָס איז לענינ הײַנט.

מיר האָבנ שוינ געזענ, אז מיט אסאכ זײַטנ זײַנע איז ער ענלעכ אפ דעמ אויסשליסלעכנ וולאדימיר איליטש: די זעלבע טיפקײַט פונ קענענ די טעאָריע, דער זעלבער פראקטישער כוש, די זעלבע פעסטקײַט...

מיר האָבנ שוינ געזענ אייניקע פרווּשינעס פונ זײַנ גרויסקײַט. אינ וואָס באשטייט דער גרונט-רעסורס פונ זײַנ געני? די ספּעציפישע באזונדערקײַטנ פונ סטאלינענ, יענע באזונדערקײַט, וואָס טיילט אימ אויס מער, ווי אלע אנדערע: די פייִקײַט צו ווארטנ, אָפּלייגנ, ניט אונטערגעבנ זיכ דעמ ניסאָיענ, דאָס פארמאָגנ א גוואלדיקנ געדולד. אונ, ס'קענ זײַנ, גראדע דערפאר האָט קיינ איינ רעוואָליוציאָנער אינ דער געשיכטע פראקטיש אזוי ניט בארײַכערט די רעוואָליוציע אונ האָט ניט געמאכט אזוי ווייניק פעלערנ, ווי סטאלינ.

פריִער איידער פאָרלייגנ די אָדער יענע טאט, באטראכט ער פיל אונ וועגט אָפּ (פיל—הייסט ניט לאנג). ער איז אויסערסט פאָרזיכטיק אונ זײַנ צוטרוי שענקט ער ניט לײַכט. איינער פונ זײַנע נאָענטסטע מיטארבעטער האָט ניט געטרויט דעמ צווייטנ. „א געזונטער אומצוטרוי—איז א גוטער באָדנ פאר געמיינזאמער ארבעט",—האָט אימ געזאָגט סטאלינ. ער איז פאָרזיכטיק, ווי א לייב.

* * *

דער דאָזיקער פּינקטלעכער אונ גלענצנדיקער מענטש פארבלײַבט, ווי מיר האָבנ שוינ געזענ, א פּאשעטער מענטש. זענ אימ איז ניט לײַכט דערפאר, ווײַל ער ארבעט שטענדיק. די דאָזיקע אָרגאנישע פּאָשעטקײַט האָט ניט קיינ שומ געמיינזאמעס מיט דער „פראכט-פולער" פּאָשעטקײַט פונ סקאנדינאווישנ מאָנארכ, וועלכער באוויליקט דורכצושפּאצירנ זיכ

איבער די גאסנ, אָדער פונ היטלערנ, וועגנ וועלכנ אלע זײַנע פראָפּאגאנדיסטנ טרומייטערנ, אז ער רויכערט ניט אונ טרינקט ניט קיינ ווײַנ. סטאלינ לייגט זיכ רעגוליער שלאָפנ פיר אזייגער אינדערפרי. בא אימ זײַנענ ניטאָ קיינ 32 סעקרעטארנ, ווי בא לאָיד-דזשאָרדזשנ; בא אימ איז איינ סעקרעטאר—כ׳ פּאָסקרעבישעוו. ער שרײַבט ניט אונטער קיינ פּאַפּירנ, וואָס זײַנענ צונויפגעשטעלט פונ אנדערע. אימ דערלאנגט מענ דעמ מאטעריאל אונ ווײַטער טוט ער אלצ אליינ. דורכ זײַנע הענט גייט דורכ אלצ. אונ פונדעסטוועגנ באווײַזט ער צו ענטפערנ פערזענלעכ אָדער דורכנ אפּאראט—אפ אלע בריוו, וואָס מע שיקט אימ. אינ א שמועס איז ער פּאָשעט אונ הארציק.

ווענ אינעמ גרויסנ טעאטער האָט מענ געפײַערט גאָרקיס יובילײ, האָבנ זיכ אינדערצײַט פונ די אנטראקטנ צונויפגעקליבנ די גרויסע טוער אינ די סאלאָנעו, וואָס געפינענ זיכ לעבנ דער אימפּעראטאָרישער לאָזשע. וואָס פארא טומל זיי האָבנ דאָרט אופגעהויבנ. זיי האָבנ געלאכט מיטנ פולנ מויל. דאָרטנ זײַנענ געווענ סטאלינ, אָרדזשאָניקידזע, ריקאָוו, בובנאָוו, מאָלאָטאָוו, וואָראָשילאָוו, קאגאנאָוויטש, פּיאטניצקי. זיי האָבנ דערציילט עפּיזאָדנ פונ דער צײַט פונ בירגער־קריג, זיי האָבנ זיכ דערמאָנט קאָמישע פאלנ: „געדענקסט, ווי דו האָסט זיכ אראָפּגעקײַקלט פונ פערד?“ „יאָ, א פארשאָלטענע קליאטשע! איכ ווייס ניט, וואָס איז מיט איר געווענ!..“ א האָמערישער געלעכטער, א מעכטיקע פרײלעכקײַט, א יוגנטלעכער טומל, פונ וועלכנ עס האָבנ זיכ געטרייסלט די צארישע ליוסטרעס אינ די סאלאָנטשיקלעכ,—א קורצע, א פרישע אויסלאָדונג בא די גרויסע בוולאקעס פונ דער רעקאָנסטרוקציע.

לענינ האָט אויכ געקאָנט לאכנ ביז טרערנ.

ווער עס לאכט, ווי א קינד, דער האָט ליב קינדער. בא אימ זײַנענ זיי דרײַ—דער דערוואקסענער יאשע אונ צוויי קליינינקע: דער פערצניאָריקער וואסיא אונ די אכטיאָריקע סוועטלאנא. זײַנ פרוי, נאדיעזשדא אלילויעווא, איז ניט לאנג געשטאָרבנ. פונ איר ערדישער פאָרמ איז גאָרניט געבליבנ, אויסער דעמ אײדל־פלעבעישנ געזיכט אונ דער פרעכטיקער מארמאָר־האנט אפנ דענקמאָל פונ קיווער אפנ נאָוואָ־דעוויטשער בעסוילעמ. סטאלינ האָט אדאָפּטירט ארטעמ סערגייעווג, וועמעס פאָטער איז געפאלנ א קאָרבנ פונ אנ אומגליקפאל אינ 1921 יאָר. ער זאָרגט פאָטערלעכ וועגנ די צוויי טעכטער פונעמ דערשאָסענעמ דורכ די ענגלענדער אינ באקו דזשאפּארידזענ. אונ וועגנ וויפל נאָכ אנדערע קינדער? ווי איצט זע איכ די באגײַסטערונג פונ די ווונדער־קינדער־מוזיקאנטנ ארנאָלד קאפּלאנ אונ בוסיע גאָלדשטיינ, וועלכע האָבנ מיר דערציילט, וויאזוי זיי זײַנענ געווענ בא סטאלינענ נאָכ זייער טריומפ אינ קאָנסערוואטאָריע. ער האָט פרעמירט יעדערנ פונ זיי מיט דרײַ טויזנט רובל אונ געזאָגט: „איצטער זײַט איר געוואָרנ קאפּיטאליסטנ,—אויב איר וועט מיר באגעגענענ אינ גאס, וועט איר זיכ באגריסנ?“

באגלײַכ מיטנ געלעכטער אונ, אויב מע קענ זיכ אזוי אויסדריקנ, אינ דער זעלבער ריי דערשײַנונגענ, איז בא לענינענ אונ סטאלינענ די איראָניע. זיי באנוצנ זיכ זייער ברייט מיט איר בא יעטווידנ פאל.

„ערעוו דער ארויסטרעטונג אינ יול 1917 י. זיצנ מיר צווייענ אינ רעדאקציע פונ „פּראוודא“: סטאלינ אונ איכ. עס קלאפּט דער טעלעפאָנ. עס רופנ ארויס סטאלינענ די מאטראָסנ, די קראָנשטאמער בראנישקעס. די בראטישקעס שטעלנ הארט די פראגע: זאָלנ זיי ארויסגיינ אפ דער דעמאָנסטראציע מיט די ביקסנ אָדער אָנ זיי?..

— ביקסנ?.. אײַכ, כאוויירימ, איז קענטיקער!... אָט מיר, טינטלער, שלעפּנ שטענדיק

אוגדזוער געווער, די בלײַפעדער, מיט זיכ... אונ וויִאזוי דאָרטנ איר מיט אײַער געווער, אײַכ איז קענטיקער!..

א קלאָרע זאכ, אז אלע בראטישקעס זײַנענ ארויסגעגאנגענ אפ דער דעמאָנסטראציע מיט זייערע „בלײַפעדערס!“

ער קענ שמייכלענ אויכ היימלעכ. ווענ ווענג איינעם פונ זײַנע ענטפערנ? האָט עמיל לידוויג אויסגערופנ: איר זײַט אפילע ניט כוישעד, וויִאזוי איר זײַט גערעכט? האָט סטאלינ העפלעכ געזאָגט אלס ענטפער: „ווער ווייס, ס'קאָנ זײַנ, אז איכ בינ כוישעד“. פארקערט, ווענ דערזועלבער שרײַבער האָט אימ געפרעגט: „צי דערלאָזט איר א פאראלעל צווישנ אײַכ אונ פיאָטר דעמ גרויסנ?“ האָט ער אָנ א וועלכער ס'איז איראָניע געענטפערט: „היסטאָרישע פאראלעלנ זײַנענ שטענדיק ריזיקאליש, די געגעבענע פאראלעל איז אומזיניק“. ער לאכט ווײַט ניט בא יעטווידער געלעגנהײַט.

די הויפטזאכ, וואָס ווארפט זיכ אינ די אויגנ: ער סטארעט זיכ ניט א בליצ טאָנ, ער סטארעט זיכ ניט אונטערצושטרײַכנ זײַנ ראָל.

סטאלינ האָט אָנגעשריבנ ניט ווייניק ביכער, אונ ביכער זייער באדײַטנדיקע. פיל פונ זיי רעכענענ זיכ אינ דער מארקסיסטישער ליטעראטור אלס קלאסישע. נאָר ווענ מענ האָט אימ געפרעגט, ווער ער איז,—האָט ער געענטפערט: „איכ בינ בלויז א שילער פונ לענינענ אונ מײַנ ציל—איז האָבנ די ווערט צו זײַנ א שילער זײַנער“. אינטערעסאנט איז אָפּצומערקנ, וויִאזוי סטאלינ, אונטערפירנדיק די סאכאקלענ פונ די ארבעטנ, וואָס זײַנענ געמאכט געוואָרנ אונטער זײַנ אָנפירונג, פארעכנט סיסטעמאטיש אלע דערגרייכונגענ אפנ כעזשבנ פונ לענינענ, אינדערצײַט, ווענ א גרויסע טייל פונ זיי געהערט אינדערעמעסנ אימ אליינ, אונ ביכלאל קענ מענ ניט פארווירקלעכנ דעמ לעניניזמ אינ לעבנ, ניט זײַענדיק קיינ שעפער. אינ אָט דעמ פאל איז דאָס וואָרט „שילער“ דערהויבט דעמ מענטשנ, נאָר באָלשעוויקעס באנוצנ אימ בלויז צוליב דעמ, קעדיי אראָפּזעצנ די אייגענע פערזענלעכע ראָל, קעדיי ארײַנגיסנ זיכ אינ קאָלעקטיוו. דאָס איז ניט קיינ זעלבסט־דערנידערונג, דאָס איז פּאָשעט א געפיל פונ ברידערלעכקײַט. ניט ווילנדיק דערמאָנסטו זיכ די פרעכטיקע לאפידארע פראזע פונעמ פילאָסאָפ סענעק:

„איכ וועל זיכ ניט אונטערוואַרפנ גאָט, איכ טראכט דאָס זעלבע, וואָס ער“.

אויב ס'איז ניט לײַכט גלײַכ צו פארשטיינ די דאָזיקע מענטשנ, איז דאָס ניט צוליב זייער קאָמפּליצירטקײַט, נאָר ווײַל זיי זײַנענ פּאָשעט. צוקוקנדיק זיכ, זעסטו, קלאָר, אז דעמדאָזיקנ מענטשנ שטויסט פאָרויס, האלט אימ אונטער אינ קאמפ ניט די פערזענלעכע אייגנליבע, ניט יענער אינהאלט, וואָס די מענטשנ וועלנ ארײַנלייגנ אינ זײַנ נאָמענ, נאָר עפעס־וואָס אנדערש. אָט דאָס אנדערע—איז גלויבנ. אינעמ גרויסנ לאנד, ווו די געלערנטע הויבנ שוינ אָנ פאקטיש מאכנ לעבעדיק די טויטע, ווו זיי ראטעווענ מיט בלוט פונ טויטע קערפּערס די לעבעדיקע, ווו די רעליגיעס, וואָס פארשפרייטנ דורמאנ אונ סאמ, זײַנענ צעזייט אפנ ווינט,—אינ אָט דעמ לאנד וואקסט דער גלויבנ אליינ פונ זיכ פונ דער ערד, ווי עס וואקסנ די לאָנקעס אונ וועלדער. דער גלויבנ אינעמ אינערלעכנ עמעס פונ דער לאָגיק, דער גלויבנ אינעמ חיסנ, וואָס איז אזוי טיפ אויסגעדריקט דורכ לענינענ, ווענ אלס ענטפער גאָרקענ, וועלכער האָט אָנגעהויבנ ריידנ וועגנ נידערטרעכטיקנ אטענטאט, וואָס האָט אימ פארקירצט זײַנ לעבנ, האָט ער אימ געענטפערט: „וואָס קאָנ מענ מאכנ? יעדערער טוט, ווי ער קאָנ“. דער גלויבנ אינ דער סאָציִאליסטישער אָרדענונג, אינ יענע מאסנ וועלכע פארקערפּערנ זי, דער גלויבנ אינ דער ארבעט, דער גלויבנ אינ דאָס, וואָס סטעצק

רופט אָנ „שטורמישער וווּקס פונ די פראָדוציר־קויכעס“. די ארבעט,— האָט געזאָגט סטאַלינ,—איז פארוואנדלט געוואָרנ „אינ א זאכ פונ ערע, אינ א זאכ פונ רומ, אינ א זאכ פונ העלדנמוט אונ העראָישקייט“. דער גלויבנ אינעמ קאָדעקס פונ ארבעט, אינ קאָמוניסטישנ געזעצ, אינ זײַנ ברענענדיקער ערלעכקייט. „מיר גלויבנ אינ אונדזער פארטיי“— האָט געזאָגט לענינ.—אינ איר זעענ מיר דעמ סייכל, די ערע אונ דעמ געוויסנ פונ אונדזער עפאָכע“. „ניט יעדערער איז פעיִק צו זײַנ א מיטגליד פונ אזא פארטיי,— זאָגט סטאַלינ—ניט יעדערער איז פעיִק צו אויסהאלטנ ליידנ אונ שטורעמס, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט מיטגלידערשאפט אינ אזא פארטיי“.

אויב סטאַלינ גלויבט אינ די מאסנ, איז גלויבנ אויכ די מאסנ אינ אימ. אינעמ נײַעמ רוסלאנד האָט זיכ געשאפנ אנ עמעסער קולט פונ סטאַלינענ, נאָר דער דאָזיקער קולט איז אינגאנצנ באזירט אפנ צוטרוי, אונ גייט אינגאנצנ פונ די מאסנ. דער מענטש, וועמעס פראָפיל עס איז אײַנגעראמט אפ רויטע פלאקאטנ אינ די פראָפילנ פונ קארל מארקס אונ לענינ,—דאָס איז דער מענטש, וועלכער אינטערעסירט זיכ מיט אלצ אונ מיט אלעמענ, וועלכער האָט געמאכט דאָס, וואָס איז פאראנ, אונ מאכט דאָס, וואָס וועט זײַנ. ער האָט ארויסגעהאָלפנ, ער וועט ארויסהעלפנ.

מיר ווייסנ אויסגעצייכנט, אז, ווי עס האָט זיכ אויסגעדריקט סטאַלינ אליינ, „זײַנענ אוועק יענע צײַטנ, ווענ די פירער האָבנ זיכ גערעכנט פאר די איינציקע שעפער פונ דער געשיכטע“. נאָר אויב מיר דארפנ טאקע אָפלייקענענ יענע אויסשליסלעכע ראָל אינ די געשעענישנ, וואָס עס שרײַבט צו דעמ „העלד“ קארלייל, דארפ מענ פאָרט ניט באשטרײַטנ יענע פארהעלטניסמעסיקע ראָל, וועלכע דער פירער שפילט ווירקלעכ. א גרויסער מענטש רופנ מיר אָנ יענעמ, וועלכער, פאָרויסזעענדיק דעמ גאנג פונ די געשעענישנ, גייט ניט נאָכ אימ אינ עק, נאָר גייט פאָרויס אימ, אונ קענ טעטיק זײַנ פאָרויס פונ די נאָכ ניט אָנגעקומענע געשעענישנ, קעגנ זיי אָדער פאר זיי. דער העלד טראכט ניט אויס קיינ אומבאוווסטע ערד,—ער אנטדעקט זי. ער קענ ארויסרופנ ברייטע באוועגונגענ פונ די מאסנ,—אונ דאָכ זײַנענ זיי סטיכייִשע,—ווײַל ער ווייס זייערע סיבעס. בא א ריכטיקער אָנווענדונג באקומט די דיאלעקטיק פונ דער געשעעניש, ווי אויכ פונעמ מענטשנ, אלצ, וואָס אינ איר אנטהאלט זיכ. אינ די גרויסע היסטאָרישע לאגעס איז דער גרויסער מענטש נויטיק, ווי א צענטראליזירנדיקע מאשינ. לענינ אונ סטאַלינ האָבנ ניט געשאפנ די געשיכטע—נאָר האָבנ זי ראציאָנאליזירט. זיי האָבנ דערנעענטערט די צוקונפט.

מיר זײַנענ געבוירנ געוואָרנ צוליב דעמ, קעדיי דערשלאָגנ זיכ דאָ די מאקסימאלע באוועגונג פאָרויס, וואָס איז נאָר צוטריטלעכ דעמ מענטשלעכנ סייכל, ווײַל אינ לעצטנ סאַכאקל איז דאָס העכסטע, וואָס מיר פארמאָגנ,—דער סייכל. קעדיי ערלעכ דורכגיינ אונדזער ערדישנ וועג, דארפ מענ ניט נעמענ זיכ פאר אומעגלעכס, נאָר מענ דארפ גיינ אינ דער פראקטישער פארווירקלעכונג אזוי ווײַט, ווי עס דערלויבנ די קויכעס. מענ דארפ ניט אײַנריידנ די מענטשנ, אז מענ וועט ניט לאָזנ זיי שטארבנ. נאָר מענ דארפ וועלנ געבנ זיי א פול אונ ווירדיק לעבנ. מענ דארפ ניט ווארפנ די אייגענע קויכעס קעגנ די אומהיילבארע בייזנ, וואָס זײַנענ ניט אָפטיילבאר פונ דער מענטשלעכער נאטור, נאָר מענ דארפ מיט אלע קויכעס קעמפנ קעגנ די היילבארע בייזנ, קעגנ די סאָציאלע בייזנ. אופהויבנ זיכ איבער דער ערד קענ מענ נאָר מיט ערדישע מיטלענ.

ווענ דו גייסט פארבײַ באנאכט איבער דעמ ברייטנ רויטנ פלאצ,—איז ווי ער וואָלט זיכ צעצווייט. אפ אימ זעסטו אויכ דאָס, וואָס ער איז איצט—דאָס פאָטערלאנד פונ די

בעסטע מענטשנ פונ ערדקויל,—אונ יענס פארמאבלדיקס, וואָס ער איז געווען ביזנ 1917 י. אונ עס דאכט זיכ, אז יענער, וועלכער ליגט אנ אויסגעשפּרייטער אינ זײַנ מאוזאָליי, אינ מיטנ פונ דעמ ליידיקנ באנאכטיקנ פלאצ, איז געבליבּנ איצט דער איינציקער ניט שלאָפנדיקער מענטש אפ דער וועלט, אז ער איז וואכ איבער אלצ וואָס ארומ—איבער די שטעט, איבער די דערפער. ער איז דער ווירקלעכער פירער, דער מענטש, בּא וועמעס באנעגעניש די ארבּעטער האָבּנ געלאכט פונ פרייד, זעענדיק אינ אימ א כאווער אינ א לערער איינצײַטיק. ער איז א פאָטער אונ עלטערער ברודער, דער וואָס האָט זיכ ווירקלעכ פארנייגט איבער אלעמענ. איר האָט אימ ניט געקענט, לייענער, נאָר ער האָט אײַכ געקענט אפריער, ער האָט געטראכט וועגנ אײַכ. ווער איר זאָלט ניט זײַנ, נויטיקט איר זיכ אינ דעמדאָזיקנ מענטשנ. אונ ווער איר זאָלט ניט זײַנ, איז דער בעסטער טייל פונ אײַער גורל געפינט זיכ אינ די הענט פונ יענעמ אנדערנ מענטשנ, וועלכער איז אויכ וואכ אונ ארבּעט פאר אלעמענ—דעמ מענטשנ מיט דער קאָפּ פונ א געלערנטנ, מיטנ געזיכט פונ אנ ארבּעטער, אינ דער קליידונג פונ א פּאָשעטנ סאָלדאט.

---

כ. מאלטינסקי

# דעקאבער

ס. ט. קירא̇ווס א̇נדענק

דעקאבער—א̇וונט, שנייק—בלויער...
מײַנ סינע קומט צו מיר אינ קרעפ, אינ טרויער.

דורכ שויבנ פרא̇סטיקע, דורכ טונקל—גרינע
איז ארײַנ צו מיר מײַנ סינע.

— דעם שלאנג ״דעם גליטשיקנ הא̇ט זיכ אײַנגעגעבנ
ארופפויזענ אפ קירא̇ווס לעבנ.

ס'איז ניט צו שרײַענ, אונ ס'איז ניט צו שטומענ;
הא̇ב איכ מײַנ סינע שטײַפ ארומגענומענ.

דורכ די שויבנ שטערנ שײַנענ...
סטאלינס טרער שפיר איכ אפ באקנ מײַנע.

אינ מײַנע אויגנ גרינער פײַער...
ס'וועט דעם סוינע קא̇סטנ טײַער.

ער הא̇ט אפ קירא̇וונ א האק פארהויבנ—
מיט דער ערד צעמישנ אים, מיטנ ווינט צעשטויבנ.

איזי כאריק

# אפ א פרעמדער כאסענע

(אויסצוגן פונ א פאָעמע)

I

איך קענ דיך, ווייַסרוסלאַנד, אזוי ווי איך קענ מייַנע אייגענע פינגער.
אינמיטנ דער נאכט וועל איך שטענדיק דייַנ יעטווידער סטעזשקע דערקענענ,
די טראקטנ, די טייַכנ, די וויַיכע פארנאכטנ, וואָס זינגענ,
סאָסנעס—אינ סמאָלע, בעריאָזעס—אינ שניי, וועלכע ברענענ.

כ׳געדענק דעמ ווייַסרוסישנ סומ, וועלכער האָט אלע דערפלעכ פארצויגנ,
דעמ עלנט—דעמ געלזוכט אינ שטעטעלעכ קרומע אונ לאָמע.
ס׳איז אלטע ווייַסרוסלאַנד... אונ פרווו איך פארמאכנ די אויגנ,
דערזע איך קורהאנעס, אינ שווארצע בעסייִלעמס, אונ הילצערנע צלאָמים...

רייַך איז ווייַסרוסלאַנד... די רייַכקייַטנ אלע ניט איבערצוציילנ...
לאבנס פונ סיטניצע־ברויט פלעגנ קומענ צו אונדז נאָר ווי גרויסע לעוואָנעס
צו כאָלעמ...
רייַך איז ווייַסרוסלאַנד.—דאָס קאָנענ באטראקישע פלייצעס דערציילנ,
צעשונדנ, פארשמיסנ אינ פריצישע הויכע סטאדאָלעס.

וועלדער סאָסנאָווע אונ וועלדער יאלאָווע, נאָר זיי זייַנענ סייַדווי קאזיאָנע.
דעמ גאָלדענעמ שוואָמ אונ די פריילעכע מאלינע טאָר דאָרט ניט צַנרירנ קיינער...
אינ וועלדער אזעלכע, נאָר וערנ געבאָרנ—קרעניצעס, וועלפ אונ גאזלאָנים...
אונ ערגעצ ווו קענ מענ דאָרט פלוצימ געפינענ א פעדער אינ בלוט
לעבנ ביינער...

אונ ווידער גייט וואלד. אפ די מעכטיקע שטאמענ—פעכיקע טרערנ פונ כוואָיע
אונ ווידער גייט וואלד. אונ מיט יעטווידנ בוימ ער ווערט אלץ בארוזיקט־
געדיכטער.

בלײַבסט שטײנ. דאָרטנ טיפ—עפּשער זינגט גאָר א מענטש, צי א סטײַע מיט וועלפ
עפּשער וואָיעט.
ערגעץ דאָרט אינדערטיפ ווערט געבאָרנ דער קלאַנג און פאַרשײדענע וווּנדער־געשיכטעס.

סאַמע טיפ וואַקסט א יעל. זי ט'רי לאַפּקעס צעשפּרײט און צענומענ די גרינינקע פינגער,
יעדע נאַכט קומט אהינצו א מעכטיקער מענטש מיט א שווערד, מיט א האַק מיט א פײַפל.
ווי ס'צעפּײַפט זיך דער מענטש, כאַפּט זיך אויפעט די יעל און זי הויבט אָנ מעשונע
צו זינגענ,
און דער גאַנצענער וואַלד—א פאַרקישעפטע האַרפ, וועלכע קאָנ זיך אַלײנ ניט באַגרײַפנ.

א געזאַנג—אינ דעם וואַלד: פונ דעם גאָלדענעם שוואָם ביז די העכסטע צעוואַקסענע קרוינענ.
ס'גײט אינ וואַלד א געזאַנג. דעמלט רוענ דאָרט אָפּ אי די וועלפ, אי די ברירער־גאַזלאָנים.
און ס'טרעפט, אַז אינמיטנ דעם גרויסנ געזאַנג הויבט עמעץ אָנ פּלוצים צו וויינענ.
ס'הײסט—וועלדער סאָסנאָווע און וועלדער יאַלאָווע, נאָר זײ זײַנענ סײַ־ווי קאַזיאָנע...

א כוישעכ. א וויוגע. עס פאָרנ צווײ עלנט־געלאַטעטע בוידנ.
זײ זוכנ א שטעטל. ניטאָ. נאָר די ווינטנ דאָ ווערנ מעשוגע.
ניטאָ דאָ קײנ שטעטל. די ערד און דער הימל זיך הוידענ.
קײנ שטעטל, קײנ קרעטשמע, זאָל זײַנ כאָטש א נעפעש. ס'איז קײנער ניטאָ דאָ. א וויוגע...

דאָס פאָרט אינ די בוידנ די מינסקער גובערניע, די צאַרישע גרינע פּריסוטסטווע.
און ס'האָבנ דעם גאַנצענעם הימל באַלאַגערט מעכטיקע ווײַסע וואָראָנעס.
דעם קאָפּ אָנ דעמדאָזיקנ הימל צעזעצנ: טײַערע מײַנע—א פּוסטקע.
אַזוי ווי א ווײַסער צווייקעפּיקער אָדלער קריכט דאָרט אַרום די לעוואָנע.

שטעטעלעכ פליִענ, ווי הענער אינ סרײפּעס. פאַרגײענ אינ שוואַרצע מאַגײפעס.
אומגליק און דער. אַלע ברעמענ פאַרצויגנ מיט בלוטיקע רויע טראַכאָמענ...
איז בויטרע אַנטלאָפנ אינ פינצטערע וועלדער אָפּ א גאַזלאָנישנ אויפנ.
שטעלט ער אָפּ פורנ און האַרגעט נעפאַשעס, און לאָזט מיט וואַסער פאַראָמענ...

אינ מיטנ א וויוגע קענ בײרעכקע־בויטרע אַרויסגײנ מיט זײַנע גאַזלאָנים.
בויטרע דער גאַזלענ האַלט שטענדיק א מעסער, א צווײטנ ער האַלט אינ כאַליאַווע.
מע זאָגט—אָפנ אָרט פּלאַצט דער סויכער אינ וואַלד, ווענ ער זעט זײַנ באַוואַקסענעמ פּאָנעם,
מע זאָגט—עס איז בויטרע א גרויסער אַסילעק און דײַקע דערצו נאָכ א בראַווער.

ס'איז בויטרע אַנ עלטסטער בא כעוורע גאַזלאָנים. ווערט גאָט אָפּ געוויס אים באַשטראָפנ.
מע וועט אים פאַרשמידנ אינ אײַזערנע קײטנ, מע וועט אים דערנאָכדעם פאַרשמײַסנ.

נאָר כאפ אימ! ער לעבט אינ די פינצטערע באַרג מיט סטראשנע קלייזאינ באוואָפנט.
פאָרנ דורכ וויוגעס צוויי עלנטע בוידנ, ווי דורכ א פארקישעפטער מײַסע..

דאָס פאָרט אינ די בוידנ א קלעזמער־קאפעליע. מײַנ זיידע דער מארשעליק—לייזער,
דער באדכנ, דער קלעזמער, דער פריילעכער קאפצנ, דער העפקער־הוליאקע.
ער זיצט אינ די בוידנ אונ ס׳דאכט זיכ אימ אויסעט: די וויוגע ווערט שארפער
אונ בייזער.
עס ברעכט זיכ דער הימל אונ הינטער די פלייצעס—עס הערט אלצ ניט אופעט צו קראקענ.

עס פלאקערט די וויוגע מיט טויטע טאליסימ, פארדרייט זיכ אינ ווײַסע פאטשיילעס.
א בויטרע דער גאזלענ קענ פלוצימ ארויסגיינ: „גיט נאָר אהערצו די בײַכער“.
איז וועל איכ אימ זאָגנ—דאָס פאָרנ דאָכ קלעזמער, וואָס שפילנ אפ הילצערנע קיילימ,
מיר זײַנענ די עמעסע פײַנע קאפצאָנימ, וואָס האָבנ צו זיכ ניט קיינ גלײַכנ.

אויב אזוי, וועט ער זאָגנ, איז האָט ניט קיינ מוירע אונ מאכט נאָר ניט אָנ קיינ בעהאָלע,
אויב איר זײַט בעעמעס א קלעזמער־קאפעליע, די ערשטע זאכ—נאט אײַכ אָפ שאָלעמ...
אויב איר זײַט דערצו נאָכ די רעכטע קאפעליע, טאָ שפילט פאר אונדז, פרײַנט־מוזיקאנטנ
איר וועט בא אונדז קריגנ די רעכטע מאטאָנע—א פולינקנ זאק מיט בריליאנטנ...

א כוישעכ. א וויוגע. גוט איז די קלעזמער, די בערדיקע הונגער־קלעזמאָרימ.
אזוי ווי אפ הארציקע איידעלע פידלענ פלעגט שפילנ בא זיי אפ די גאָרגלענ...
ביז פינצטערע כופעס זיי פלעגנ דערפירנ פארפירטע קלעזמאָרישע יאָרנ.
אינ כאָלעמ צו זיי פלעגנ קומענ אונ שפילנ גרויסע פארקישעפטע אָרגלענ...

נעגידישע כופעס. גווירישע סימכעס. מײַנ זיידע גייט אומ אפ די טישנ...
דאָס האָט ער זײַנ סיווינקע שיטערע בערדל פארבראָכנ אזש ביז צו דער סטעליע...
ער שלינגט איצטער שווערדנ, ער הוליעט אפ קוליעס, ער טאנצט מיט א קישנ.
עס ווילט זיכ אימ זינגענ, ער ציט פונ מויל סטענגעס... וואָס ביסטו אנטשוויגנ קאפעליע!..

— העכער, קאפעליע, שטארקער, קאפעליע, דער שעד זאָל מיכ נעמענ אינגאנצנ.
אפ אויסגעסערווירטע נעגידישע טישנ לייזער דער באדכנ גייט טאנצנ...
ס׳האָט לייזער פארהויבנ די קורצע קאפאָטע, ווײַל שמאָל די קאפאָטע אינ סטאָנ איז.
ארומ אונ ארומ קוקנ פריילעכע צורעס, ניט צורעס, נאָר פולע לעוואָנעס.

— שפילט, קלעזמערוקעס, יעשיע־די־פרימע אינ ריפסענעמ קורצנ ספינדזשאקל,
אונ אבע־סעקונדע, רעב אבעלע־קאצעוו אינ קאָרטענעמ קרומענ סורדוטל.

יוינע־רי־פליטע, און יאָשע־באַנדורע, איז מאַכט איצט דעם רעכטן שעהאַקל,
שפּילט זשע א פריילעכס, עס זאָלן אויפקגיין א הייסן קאַדריל די ניטגוטע.

די קעלישקעס זײַנען מיט ספּירעטן פול, די בעכערלעך פולע מיט ווײַנען.
אַפ די פּאַלומיסקעס—קאַרפּן און העכט צעגייען אין אייגענעם טײַנעג...
דער שויכעט האָט קאָשער די בראָכע געמאַכט, דערנאָך ערשט געשאָכטן די אָקסן.
זיי קוקן מיט גאָלדענע אויגן אַצינד פון די טעלער מים וואַרעמע לאָקשן...

די מאַנצביל באַם טיש.—די ווײַבער—דערנאָך. זיצט מען דערווײַל אין די קאַמערס.
קעדיי מע זאָל אויכעט אָטכײַען דאָס האַרץ, געניסט מען דאָ אויכעט דערווײַלע.
זיי טונקען פּאַמעלעך דעם לעקעך אין בראַנפן מיט אַלע דרײַ פינגער צוזאַמען.
דער לעקעך, דער טאָרט און דאָס קלעפּיקע טייגל, צעגייט אזוי זיס אין די מײַלער.

א טומל, א היץ. זאָל זײַן שא. זאָל זײַן שטיל. מע גייט שוין ארויס פון די קיילים.
האָט אויסגעטאָן לייזער די קורצע קאַפּאָטע, צעבונדן די הילצערנע שטאָלצן.
ער ווישט איצטער אָפּ זײַן פּאַרמאַטערטן שטערן שטיל מיט א רויטער פּאַטשיילע.
ער זעצט זיך אַוועק. א פּאַרע אַזא. די הענגלײַכטער ווערן צעשמאָלצן...

די גאַס איז שוין שוואַרץ פון דעם אוילעם וואָס וואַרט, וועלכער שטייט אַפ די שפּיץ פון די פינגער.
דורך די שויבן מע הערט, הינטער טירן מע גאַפט, ווי לייזערקע באַדכן טוט זינגען.
דער שוסטער איז דאָרט, דער שנײַדער איז דאָרט, דער באָד־יונג און דער באַלעגאָלע,
די דינסט־מויד איז דאָרט, די קעכן איז דאָרט, די גרושע—די אייביקע קלאָלע.

האָט אוימגעטאָן לייזער שוין אויך די קאַמזעלקע, די היטל איז אויכעט שוין שווער אים..
ער זאָגט איצטער גראַם. און דער גאַנצענער אוילעם נעמט פון געלעכטער זיך קײַקלען.
עס לאַכן די סמיקן, עס וויינען די פידלען אַפ זייערע צאַרטע געדערים.
לייזער נעמט צוהעלפן גיך אַפּן צימבל און דרייען און שטורכן אין פּײַקל.

— זינג אַרײַן, זאָג אַרײַן, לייזער באַדכן דו קענסט, זאָל דײַן צונג דיר אַפ יאָרן נאָך דינען
— זאָל ער שנײַדן דײַן צונג אי פאַר דיר, אי פאַר אונדז,—מיר דאַרפן א היילונג געפינען...
— זינג אַרײַן, שנײַד אַרײַן אין די גיידערס און קערק. באַ די גילדענע יויכן, די פעטע....
— אַן אָרעמע פאָלק, נאָר א פריילעכע פאָלק, כאָטש מע האָט אונדז אַהער ניט פאַרבעטן...

— ניט פאַרבעטן, איז ניט, איז געקומען אַליין, און געפּליעסקעט אַהינטער די טירן...
— אויב ־ ונגעריק־הויל, אָבער פריילעכ און וויל, כאָטש ניט פון די גוואַלדיקע גווירים...
— גײ אַהיים, גײ אַהיים, דו געמיינער האַמוין, גענוג אײַך צו שלייפן די ציינער.
די גאַס איז שוין פול פון דעם אוילעם, וואָס גאַפט, ווי לייזערקע באַדכן טוט זינגען.

שפּילט, קלעזמערוקעס, פאר כאַסנ אונ קאַלע, דער ניגנ ווי ספּירעט זאָל ברענען.
גאָט זאָל זיי געבנ, אונ זיי זאָלנ נעמענ... וויפל זיי וועלנ נאָר קענענ...
ווי האַלט מיט די גווירים? די גווירים איז גוט, אָבער אונדז איז מיליאָסנ־מאָל בעסער:
זיי עסנ די טײַערסטע מיני־מײַכאָלים, אונ מיר לעקנ אָפּעט דעם מעסער...

שפּילט, אַז די ניכפּע זאָל וועלנ אונדז נעמענ, דער קאָפּ ווערט צעריסנ אַפּ שטיקער.
זאָל אײַכ ניט אַרנ, וואָס לײַזערקע־באַדכנ איז איצטער אביסעלע שיקער.
בא מיר אפנ האַרצנ איר שפּילט מיט די סמיקנ, צי קענ מענ א ווייטיק פּריטשמעליענ.
ס'וועט לײַזער—דער באַדכנ—פאַרבלײַבנ א באַדכנ, ניט מער ווי א באַדכנ קאַפּעליע...

כ'האָב א ווײַב—אַנ אַרורע. א האַרצ—אַנ אַרורע. די שטעטל איז אויכ אַנ אַרורע.
שפּיל אפ דער סאַמע צעיאָמערטער סטרונע, מײַנ טײַערער יאָשע־באַנדורע...
שפּיל, עס זאָל מוזנ דער זײַדענער כאָסנ, אויכעט אוועק אפ די טישנ...
אָט גיב איכ אימ אָפּעט די הילצערנע קוליעס, דעמ הילצערנעמ שווערד אונ די קישנ...

זאָל ער זיכ טאַנצנ, דער איידעלער כאָסנ, זאָל ער זיכ זאָגנ זײַנ דראָשע.
א פּעטאַק—א קאַדריל, א קאָפּקע—א שער, דאָס באַדכאָנישע לעבנ—א גראָשנ.
ווי האַלט מיט די גווירים? די גווירים איז גוט, נאָר אונדז איז מיליאָסנ מאָל בעסער:
זיי האָבנ די קלייטנ, די גראָבע קאַמאָדנ, אונ מיר היטנ אָפּעט די שלעסער...

די מעכוטענעסטע איטקע, די ווייצענע קיטקע, די קוקסע געפלאָכטנ אינ דרײַענ,
האָט פאַרהויבנ די בופעס פונ זײַדענעמ יאַקל אונ געלאָזנ זיכ הייזעריק שרײַענ:
— זע־נאָר, הער־נאָר, א הוק, ס'איז די פלוימע שוינ דאָ. ט'מיר צעבראָכנ די שויבנ הולטײַעס
אונ דער גלאַוונער מעכוטנ האָט לאַנג געקיפּייעט אונ שטיל אפנ באַדכנ געפײַערט:

— הער נאָר, דו באַדכנ, דו פריילעכע קיילע, דאָס האָב איכ געבראַכט דיכ אַהערצו,
דו זאָלסט מיר פאַרשטערנ די גאַנצענע סימכע אונ גיסנ נאָכ בלײַ אפ די הערצער.
מאַכ אונדז דאָ פריילעכ. איכ וועל דיר באַצאָלנ. דאַרפסט פאַר אונדז ריידנ צומ גוטנ.
לײַזער צופּט לאַנגזאַמ די סיווינקע בערדל:—אינגאַנצנ גערעכט רעב־מעכוטנ.

אָט וועל איכ, ראַבויסײַ, דערציילנ א מײַסע, וואָס איז אינ א שטעטל פאַרלאָפנ,
אַנ עמעסע מײַסע, א וואָרע געשיכטע, וואָס האָט דאָרט אַנומלט געטראָפנ.
איינער א קייסער, א מעלעכ בענ מעלעכ, א גוואַלדיקער גראַפּ אונ א סראָרע,
לאָזט צו זיכ רופנ די גרעסטע כאַכאָמימ: עס האָט אימ פאַרשאַט די אײַנהאָרע.

ער האָט דאָך א שלאַל מיט מאיאָנטקעס און קראָמען און קאָלערליי מיניי־פּאַלאַצן.
ער פּאָרט אַף יאַרידן, פאַרדינט ער אַזויפיל, אַז ס'נעמען די קעשעניעס פּלאַצן.
רופט ער צו זיך זײַנע גלאַוונע כאַכאָמים:—אומעטיק, זאָגט ער, ראַבויסײַ,
— אויב אומעטיק,—זאָגן די גלאַוונע כאַכאָמים,—קענסטו ווערן א לעצ, פּאַני־קייסער...

טאָ שפּיל זשע, קאַפּעליע, דעם פריילעכן וויוואַט פון עמעסע קאָשערע קלאַנגען.
לעקאָוועד דעם כאָסן, לעקאָוועד דער קאַלע, לעקאָוועד דער כופּע מיט שטאַנגען.
לעקאָוועד דעם ראָוו און לעקאָוועד דער שוויגער, לעקאָוועד די פּניי־מעכוטאָנים.
יעשיִע און אבע און קאָלערליי קלעזמער, באַווײַז זיי אקאָרשט וואָס מיר קאָנען...

א באַדכן איז פונקט, ווי א בעזים אין מערכעצ: מע בעזימט זיך אויסעט און—יויצע...
נאָר ווען עס איז בלײַבט נאָך א גרינינקע בלעטל אַף א נעגידישער פּלייצע...

באַדיַ וואָלט איך א באַנדער זײַן,
א פּראָסטער לאָזעקרוט,
אבי נאָר ניט קיין באַדכן זײַן, —
א באַדכן איז ניט גוט.

אבי נאָר מער ניט ברעכן זיך,
אַף טישן און אַף בענק.
וואָס ווייסן זיי, וואָס הערן זיי,
וואָס פילן זיי, אַז כ'בענק:

ס'זאָל יעדער וואַלד א פידל זײַן
און יעדער בוים—א סמיק...
און אַלע נאַכט עס גייט אַף מיר
א גרויסער סאָרט מוזיק...

צערײַס איך זיך, צעבײַס איך זיך,
צעברעך איך זיך די הענט...
דער קלעזמער־יונג, דער באַדכן־יונג
ער ווערט אין מיר פאַרשעמט.

באַזעצנס—זינג, באַדעקנס—זינג,
זינג צו פליישׁ און יויך:
עס דאַרף פון פרייד זיך אומוויגן
יעדער וואַשנער בויך.

און יעדער איינער שרײַט צו מיר
— ברעכ זיכ און דערפרײַ.
און יעדער איינער מאָנט צו מיר...
און מיר אליינ טוט וויי.

אָ, נעמט פונ מיר דעם באדכנ צו,
ער קריכט שוינ מיר פונ האלדז.
כ׳בינ ניט עליאָקום־באדכנ אײַכ,
וואָס קוויקט אײַכ דאָ מיט אלצ...

קאפעליע—שפיל, קאפעליע—שאל,
צערייצ אינ מיר דעם לעצ.
קוקט ווי לייזער־באדכנ ווערט
אינ סינע איצט צעזעצט.

א ווארע מאכט, א ווארע מאכט,
איכ גיי דאָ אָפּ מיט בלוט...
באדײַ וואָלט איכ א באַנדער זײַנ,
א פראָסטער לאָזעקרוט...

זאָל זײַנ שא. זאָל זײַנ שטיל. די היצ פאלט אראָפּ. ס׳ווערנ פײַכט שוינ די ווענט און די סטעליע
ס׳ווערנ ביסלעכווײַס שטיל, עס גרימפלט שוינ מיד די גראָע צעקנייטשטע קאפעליע.
פארוקט אינ א זײַט זיצט לייזער און שווײַגט. ער קענ שוינ דעם קאָפּ ניט פארהויבנ.
אינ דרויסנ ווערט טאָג. דער טאָג זעצט זיכ אָפּ אפ די בלויע פארצויגענע שויבנ...

— האָט לייזער געענדיקט, דער אוילעם נעמט שווײַגנ,—דאָס איז ער פארכידעשט געבליבנ,
— שוינ איינמאָל א לייזער מיט קאָלערליי שמאדשטיק, אי, האָט ער קאטאָוועס געטריבנ...
און ס׳האָט דער מעכותנ פונ גרויסער מעפיקעס די איידעלע הענט זיכ געריבנ...
ס׳איז לייזער געשטאנענ און גאָרנישט פארשטאנענ, עס האָט אימ נאָר עטוואָס געפיבערט...

אינ לאנגע רעטאָנדעס, אינ שטרײַמלעכ, אינ לאסטיק צעגייענ זיכ די מעכותאָנים.
זיי גייענ אהיימ, און עס וועט זיי דער מאזל ארויסגיינ אנטקעגנ מיט פולנ...
זיצט לייזער אליינ. ער רײַבט זיכ דעם שטערנ. ער קענ זיכ נאָכ אלצ ניט דערמאָנענ,
וואָס האָט ער געטאָנ דאָ... עס שפרייט זיכ אנ אומעט אפ ליידיקע טישנ און שטולנ...

— הייסט עס—וואָס? הייסט עס—נישט. הייסט עס גאָרנישט מיט נישט. סי א מאָשל
א טאָרבע מיט פלעקער?

אָפּגעשפּילט און געגוג? גיי אהיים? אויב דו ווילסט, קענסט א מיסע־מעשונע זיך אָנטאָן?

מאָרגן קום אפ צוריק? צום דאָברי דזיען דערפריי? אין די אויערן הילכן אים גלעקער.

— לייזער־באדכן, דו הערסט, טרינק אויס ספּירעט א גלאָז. אווו איז ער זײַן עמעסער
יאָנטעוו?..

— מעכוטאָנים־לאַמדאָנים, נעגידים־אדירים, שיינע ייִדעלעך, גוטע און פרומע,

וואָס זײַנען פון לאנג פּאני־בראט מיט דעם פּײַנעם ריבוינע־שעלוילעם,

וואָס האָט איר פארשלעפּט אונטער לאנגע רעטאָנדעס, אונטער קאָשערע פרומע סורדוטן?

מײַן סימכע גיט אָפּ! און ס׳דאכט זיך אים אויסעט: ער זיצט דאָ אינגאנצן א היילער..

II

עס האָבן די הענער דרײַ מאָל שוין געקרייעט, די זון איז אפ דעכער געקראָכן,

די גאנצע שטעטל האָט איצטער געעטעמט מיט גרינע פארצײַטיקע מאָכן..

אינגאנצן שוין ניכטער איז לייזער געגאנגען, געהויקערט אזוי און געבראָכן.

אויס—לייזער דער באדכן, אויס—העפקער־הוליאקע. ס׳קריכט ווידער שוין דער
אָנדערוואָכן..

עס שטארקט זיך דער טאָג, ווערט דער הימל שוין העל. עס ווערט העכער, און ברייטער
און גרעסער,

קרעמער קומען צוגיין, נעמט שוין קרעכצן דער מארק, מען צעעפנט די בײַכיקע שלעסער.

ס׳נעמט שוין שמעקן די לופט מיט צעפרייעטע בערד, מיט געוואלצענע ליידיקע פעסער.

פעט איז די לופט. געדיכט איז די לופט, קענסט שוין שנײַדן די לופט מיט א מעסער..

סקריפּ און סקריפּ. א געסקריפּ... לייזער שטייט אפן מארק. ס׳נעמען גיין אפ אים ליידיקע
קראָמען...

וואָלט כאָטש בויטרע דער גאזלען דאָ נאָענט געווען און ארויסגיין אפ זיי אין מילכאָמע.

איז דאָ קיינער ניטאָ. לייזער־באדכן, ניט לויפ. קענסט זײַן אויכעט אין שטעטל צופרידן:

אויב א קלעזמער איז קארג און א מארשעליק—קארג, קענסטו ווערן א קאברען בא ייִדן..

הויבט דעם בארמענען אָפּ. די מיטעס—ארופ! שלעפּט ארויסעט די שווארצע לעוואיעס.

אָ, דו קרעמערשע שטעטל, שאלקהאפטיקע אָרט, זאָל דיך נעמען דער העלישער פײַער.

זע, וואָס שרײַ איך אזוי? לייזער-באדכן, דו שרײַסט, ווי ס׳וואָלט וועלן דיך עמעצער קיילן.

קענסט באטארכטן דײַן וועג: צי ווי בויטרע—אין וואלד, צי א קוואָרעסמאנ אפ
א בעסיילעם..

ווערט לייזערנ קאלט... ער פארנעמט די קאפאָטע. עס ווילט זיכ ניט גיינ איצט אהיימ אימ. אינמיטנ דעמ מארק שטייט א שניי־וויַסער באָק. —

— א גוט־מאָרגנ דיר, איינציקער שוימער...

— נו, וואָס הערט זיכ בא דיר? וווּהינ גייט מענ אצינד?.. ביסט א טיַערע יידישע בעהיימע.

א געציפצ. א געלאָפ. עס ליפט אינ כיידער גאנצ פרי א צעשראָקענע קינדערשע פלוימע.

— זע נאָר, כעוורע־ליַט—שטייט. כעוורע פופיקעס—וואַרט. איז אפ אנ אָנבייסנ וואָסטיר באקומענ?

כאָטשבי זעמעלעכ? ניט? מארצעפאנעס אויכ ניט? אָבער ברויט האָט איר אלע געגעסנ?.. זעצט זיכ צו אָטאָדאָ. איַער כיידער אנקלויפט? אירט באוויַזנ אהינצוצו קומענ.

כעוורע פיזשיקלעכ—ווארט. כעוורע פיזשיקלעכ—זיצט. כעוורע פיזשיקעס זיַנענ געזעסנ.

— לייזער־באדכנ, איר ווייסט? ווענ איר שפילט אָטאָדאָ, וואָלט עס זיַנ זייער שיינ אונ נאָכ בעסער...

— לייזער־באדכנ, איר ווייסט? איַכ איז שלעכט, איר זיַט בלייכ: איר האָט אָנבייסנ אויכ ניט געגעסנ?

— לייזער־באדכנ איר ווייסט? ווענ איר זינגט אָטאָדאָ, וואָלטנ אלינקע רויִק געזעסנ.

— כעוורע־פופיקעס—שא, כעוורע־פיזשיקעס—זיצט. כעוורע פיזשיקעס זיַנענ געזעסנ...

— כעוורע־שטיפער, שא, שטיל.
כ'מאכ דאָ באלד וואָס יעדער וויל.
גיט, לעמאָשל, נאָר א טראַכט, —
ווערט עס איינס־אונ־צוויי געמאכט.

א טאָרבע בויגל ווילט איר? גליַכ.
צי עפשער סמעטענע א טיַכ?
צי ווי א שטוב א זיסער טאָרט?
לעקעכ עפשער אפנ קוואָרט?
צי אנ ארשינ מיט גענדזנ־שמאלצ?
האָט איר דאָס אונ האָט איר אלצ.
האָקוס־פאָקוס, ניט געטראכט —
טייקעפ ווערט עס אלצ געמאכט.

א צימבל ווילט איר? אָטאָ־שוינ,
צי א פידל, ווי א בוימ?
צי א מויערדיקנ סמיק?

װעלדער שפּילן אופ מוזיק
און דער פּויק איז װי א מארק.
שפּילט זשע, קינדער, שטארק, שטארק,
מײַנע סטרונעס בלײַבן גאנצ...

לײזער גײט א גרויסן טאנצ.
לײזער גײט, די קינדער—מיט.
קוקט דער מארק און ס'לאכט די גאס:
— כאָסערדײע, מעשוגאס.
— גאָט באשיצ און גאָט באהיט.
— בארכן, גײ און שלאָפ זיכ אויס.

לײזער שטעלט די קינדער אויס...
און דער גרויסער װי די קלײנס:
— מירן איצטער, כעװרע, גײן
װו א שטוב און װו א קלײט:
— עפּשער דארפט איר אויכעט ברויט?
װו א שטוב און א געװעלב:
— לאָמיר טײלן זיכ אפּ העלפט?
װער איז אָרעמ, און װער איז רײַכ?
בויטרע־גאזלען גײט אפּ אײַכ.
װײַל מע טאָר און װײַל מע מעג.
— צײנ־קאָדאָשים, קינדער...
— מע—ע—ע...

שטוינט דער מארק און ס'לאכט די גאס:
— כאָסערדײע, מעשוגאס.

פערעצ מארקיש

# א באגעגעניש

דרײַ סאטוּיִרטע ווערטער אפ אנ אומבאקאנטער פעסטער האנט עטוואָס נידעריקער פונעמ עלנבויגנ שטייענ פאר די אויגנ דעמ דירעקטער פונעמ שיפ־זאוואָד אנדריי ניקאָ־לאַיעוויטש פאָמינ.

שוינ דער זיבעטער זומער זינט די דאָזיקע סאטוּיִרטע האנט האָט אנדריי פאָמינענ, אינ א טויט־געפערלעכנ צושטאנד, אופגעקליבנ פונ א שלאכט אונטער נאָוואָראָסיסק. שוינ דער צענטער זומער זינט אנדריי פאָמינ האָט אופגעהויבנ א גאנצנ זאוואָד א צענ מאָל כאָרעוו־געוואָרענעמ פונ שלאכטנ ארומ ניקאָלאַיעוו. איצט איז דער ערשטער זומער, וואָס מ׳האָט צוגעשריבנ פאָמינענ זיכ קורירנ אינ סעוואסטאָפּאָל.

מיט א פארשײַטער אָנגעווארטמקײַט אינ הארצ האָט ער געמאכט א כעשבנ פונ א גליקלעכנ כוידעש, וואָס ס׳גרייט אימ דער זומער באמ יאמ, ווו מע ווערט באדעקט מיט דעמ טײַערסטנ קאָליר פונ לעבנ:

מיט זונ־פארברוינ!

א היפשע צײַט פריִער האָט ער זיכ געהאט צונויפגערעדט, אז די פארטרונקענע שיפ, וואָס ווערט איצט אופגעהויבנ פונעמ יאמ־דעק אינ די סעוואסטאָפּאָליער וואסערנ, זאָל גיינ אפ רעמאָנט צו אימ אינ ווערפ.

ס׳האָט זיכ געהאנדלט וועגנ יענער שיפ, וואָס אפ איר האָט פאָמינ געטראָגנ זײַנ מי־ליטערישע יאמ־דינסט אינ דער בירגער־קריג. אונ אפ א באגעגעניש מיט איר האָט ער געווארט מיט שטאָלצ אונ מיט אומגעדולד, ווי אפ א באגעגעניש מיט זײַנ דערטרונקענער יוגנט.

אנדריי פאָמינ האָט פונ פארפריר שוינ געהאט באשלאָסנ:

אומבאדינגט ארויספאָרנ אפ דער באזע, ווו ס׳ווערט געפירט די ארבעט אפ אופהייבנ זײַנ אונטערגעשאָסענע שיפ, וואָס ליגט שוינ דאָס זיבעצטע יאָר אונטערנ וואסער. צווישנ אָנגעשוואָלענע קוסטנ אפנ יאמ־דעק.

אונ—דאָס וויכטיקסטע:

— די הויכע אויסצייכענונג וואָס וועגנ איר רעדט מענ שוינ אומעטומ פאר זײַנע צענ יאָר ארבעט אפנ זאוואָד.

דעריבער איז ער באזונדערס געווענ צופרידנ מיט זײַנ רײַזע קיינ סעוואסטאָפּאָל.

נאָכ אפ דער ארבעט, איידער מ׳האָט געגעבנ דעמ קלונג האָט ער זיכ אוועקגעזעצט אונ אָנגעוואָרפנ א בריוו מיט אסאכ צעטראָגנקײַט אינ האנטשריפט:

— טײַערע וואליא! צוויי קעגנער האָב איך איצט. מער ניט. דעם יאם און דײַן מאַן. איז מיטן יאם גייט עס אפ א וועג. די שיפ ווערט ביסלעכווײַז באפרײַט פונעם יאם־דעק. זי וועט אינגיכן זײַן בא מיר. און מיט דײַן מאַן...

פאָמינ האָט זיך א ווײַלע פארטראכט און ווײַטער געשריבן:

„— און מיט דײַן מאַן... אז... דעם ערשטן קעגנער מײַנעם—קאָן איך. דעם צווייטן—ניט... ס'קאָן זיך טרעפן, אז אופהייבן זיך פון דײַן היים זאָל זײַן שווערער ווי די שיפ פונעם יאם־דעק".

ער האָט ניט קוקנדיק אָנגעטאפּט מיט דער האנט דעם קאָנווערט און א טראכט געטאָן:

— זאָל ער איר עפשער אָנשרײַבן וועגן דעם, אז ער ווערט צוגעשטעלט צו אַן אָרדען פאר זײַן...

— ניין!

— ער וועט איר וועגן דעם זאָגן, ווען זיי וועלן זיך באגעגענען.

מיט שטארק צעווארעמטע אויגן האָט ער געקוקט אפ דעם אָנגעשריבענעם און אַלע ווײַלע צורעכט געמאכט א ניט־קלאָר ארויסגעקומענעם בוכשטאב. נאָך פון דער דאָזיקע קי־מאט קינדעריש־פארכאפּטער ארבעט האָט אים אָפּגעריסן א קלונג אין טעלעפאָן. אין איין האנט האלטנדיק דעם בריוו, האָט ער אין דער צווייטער גענומען דאָס טרײַבל:

— אַללאָ!

ס'האָט אים אין טעלעפאָן צווויסן געגעבן זײַנער א פרײַנט, אז ס'איז נויטיק צום איניען וועגן זײַן אויסצייכענונג צושטעלן נאָך אייניקע דאָקומענטן. ער האָט זיי דורכן טעלעפאָן אויסגערעכנט.

פאָמינ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צו יעדע וואָרט, וואָס האָט זיך אים ארײַנגעשטראָמט דורכן טעלעפאָן אין אויער, זיך באמיט צו דערמאָנען, ווו יעדער פון די אָנגערופענע דאָ־קומענטן ליגן און שוין גענומען דורכשנײַדן מיט די אויגן פארשיידענע פאפקעס שופלאָדן און קעסטלעך און אויך די קעשעניעס פון זײַן אָנטאָן.

דאָס קאָל דורכן טעלעפאָן האָט פאָרגעזעצט:

... און אומבאדינגט צולייגן א וועלכן ניט איז דאָקומענט, וואָס האָט א שײַכעס צום לעצטן שלאכט ארום נאָוואָראָסיסק און צום פארווונדעט ווערן. א וועלכן ניט איז, אָבער וואָס שנעלער,—האָט אים נאָך א ווארעם געטאָן דעם אויער די שטים פון טעלעפאָן.

פאָמינס אויסגעשטרעקטע האנט מיט דער בריוו האָט זיך ביסלעכווײַז גענומען אראָפּ־לאָזן, דאָס פאָנעם—זיך אויסציִען אין פארלעגנהײַט. ער האָט נאָך א ווײַלע געשאָקלט מיטן קאָפּ, פונקט ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט עפּעס דערמאָנען און, אופהענגענדיק דאָס טרײַבל, א זאָג געטאָן צו קיינעם ניט:

— אָט האָסטו דיר!

ער האָט נאָך אמאָל אפן קאָפּ איבערגערעכנט אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך פון אים געפאָדערט. סע דארף אים קאָסטן ניט מער ווי א מינוט צײַט, זיי זאָלן ליגן אפן טיש. אַלע.

— אָבער ווו,—האָט פאָמינ מיט פארדראָס א טראכט געטאָן,—קאָן איך איצטער באַ־קומען אזא צײַגעניש? וועלכע ניט איז, האָט ער געזאָגט... ס'איז דאָך אָבער א זאך פון פריר מיט זיבעצן יאָר!

אנדריי פאָמינ האָט גענומען רויִק מיט זיך אליין אײַנשמועסן:

— ווי באלד אָן אָט דער דאָזיקער צײַגעניש קאָן דער איניען איצטער ניט דערקלערט ווערן, הייסט עס — קיינמאָל ניט!

ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אינ שטול. געקוקט אפ דעם אָנגעשריבענעם בריוו. ניט געקאָנט איבערלייענען קיין איינציק וואָרט און ווי פונ א נערוון־אטאק גענומען אונטער־קלאפּנ מיט די פיס:

— ס'א נארעשע בריוו! זייער א נארעשע...

דאָס וואָרט „קעגנער" און „יאמ" זײַנען אימ געשפּרונגען אינ די אויגנ. אימ גערייצט און אויסגעלאכט:

— נאָכ גוט, — האָט ער א דריי אוים געטאָן דעמ קאָפּ, וואָס כ'האָב ניט אָנגעשריבנ וועגנ דעמ אינ בריוו...

פאָמינ האָט גענומען אָן שומ באדערפעניש איבערלייגנ די אָנגעוואָרפענע פּאפּירנ אפ זײַנ טיש, אָנגעשטעלט די אויגנ אפ פארמאכטע שופלאָדנ, וואָס האָבנ אויסגעזען אזוי, פּונקט ווי זיי ווילנ פונ מער גאָרניט וויסנ, כוץ היטנ אימ, אָט דעמ שווערנ דעמבענעם טיש און קיינ שומ זײַטיק אויג ניט אויסזאָגנ וועגנ דעמ וואָס טוט זיך אינווייניק...

איצטער האָבנ פאָמינס אויגנ אויסגעזען ווי זײַטיקע בא זײַנ אייגענעם טיש. די גלאנצנ־דיקע גרויקײַט זייערע האָט, קוקנדיק אפ די שופלאָדנ, באטײַט:

— א נארישקײַט דאכט זיך און ס'קאָן דיך אמאָל אָנעמענ פארנ גאָרגל אפ דער עמעסנ...

ער האָט אָן דער מינדסטער האָפענונג אפ עפּעס דערטראכטנ, א רעכנ איבער געגעבנ אפנ געדאנק, וואָס, אייגנטלעך, איז פארבליבנ אינ די זיבעצנ יאָר אזוינס, סע זאָל קאָנענ באשטעטיקנ די אומגעבונג פונ זײַנ פארוווּנדעט ווערנ און בלויז געפּאטשט מיט די ברעמענ.

— גאָרניט!

ארײַנלייגנדיק דעמ בריוו אינ בוזעמ־קעשעניע, האָט ער מיט אזא אופנעווקטנ טערפּקנ ראש פונ איבערגעפאָרענע יאָרנ א טראכט געטאָן:

— איינ מענטש קאָן עס באשטעטיקנ. אָט יענער מענטש, וואָס איז נישטאָ. דער מאט־ראָס, וואָס האָט אימ מיט זיבעצנ יאָר צוריק אופגעקליבנ אינ פעלד נאָכ דעמ שלאכט און אפ זײַנ פּלייצע אימ אומגעקערט דאָס לעבנ...

— מער קיינער ניט!

דעמ גאנצנ טאָג האָט זיך שוינ פאָמינ ארומגעדרייט אביסל א צעטראָגענער און דאָכ געשמייכלט מיט אזא פײַנעמ און דינעמ שטאָלצ אינ די אויגנ:

— אָט טראָגסטו אינ מויל א ווונד פונ דער רעוואָליוציע גאנצע זיבעצנ יאָר און קאָנסט וועגנ איר גאָרניט זאָגנ... אָט טראָגסטו אפנ געזיכט אנ אָרדענ, אנ אויסגעשניטע־נעמ אינ לײַב און דאָכ איז ער ניט גילטיק אָנ א באגלייטנדיק שטיקל פּאפּיר...

— נו?!

---

א זוניקער טאָג פונ מיטנ יולי. יונגע ביימלעך ניט־לאנג־פארזעצטע ארומ זאוואָד באָדנ זיך נאקעטע אינ טשאד פונ אָנגעגליטער לופט. מאָגערע בלעטלעך דעקנ צו זייערע דארע גאָרגלענ. זיי זײַנען מער ענלעך אפ לענגלעכע קאבאקנ־קערלעך, ווי אפ בלעטער. דאָכ דאכט זיך אנדריי פאָמינען, דעמ דירעקטער פונ זאוואָד אויס, אז די היצ גייט ניט פונעמ כוידעש יולי, ניט פונ דער זונ, ניט פונ אימ. פונ זײַנ אפּסנײַ פארוווּנדעט הארצ. א גאנ־

צער אָטריאַד װענטילאַטערס מיט נעגל אײַנגעזױגענע אין די װענט שלאָגן זיך מיט דער לופט.

אַנדריי פאָמין איז אַרײַן אין װאַש־צימער. פאַרקאַשערט די אַרבל און געװאַשן די הענט.

ער האָט געדרייט דעם גרױסן קאָפּ אין ביידע זײַטן, װי ער װאָלט װאַשנדיק די הענט זיך צוגעהערט, טאָמער װעט אים עמעצער אַ רוף טאָן.

מ׳האָט געקלונגען דעם איבערײַס.

װען פאָמין, האָט אײַנהערנדיק זיך אין קלונג פאַרהאַלטן די אױגן אױף זײַנע אָנגעזייפּטע הענט, און װער װייסט צום װיפלסטן מאָל דערזען פון אונטערן אָנגעלאָפּענעם װײַסן זייפן־שוים בלױע אָדערלעך פון טאַטוירטע פיגורן,—האָט ער זיך װידער אַמאָל דערמאָנט אָן יענעם אומבאַקאַנטן מאַטראָס, װאָס האָט אים צוריק מיט זיבעצן יאָר אױפגעקליבן פון פעלד און אים אומגעקערט דאָס לעבן...

פון די בלייכע אױסגעבליאַקעװעטע טאַטוירטע פיגורן אױף זײַן האַנט ביז דער פאַרטרונקענער שיף, ערגעץ אױף אַ גרינבלעכן יאַם־דעק, איז געגאַן אַ דירעקטער װעג.

אַ גלײַכער װעג. ער איז געגאַנגען פון די אױגן. ער האָט זיך אָנגעהױבן אין דער געדעכעניש, ער האָט זיך געענדיקט דאָרט, װו ס׳ענדיקט זיך דער באַװוסטזײַן.

נאָר דורך די אָפּגעבליאַקעװעטע ליניעס פון דער טאַטוירונג, איז אַנדריי פאָמין, װי דורך העל־גרינבלעכע סטעזשקעלעך אָנגעקומען אין יענע רױשיקע יאָרן, װען ער האָט געדינט אין רױטן פלאָט.

אָט איז ער שױן אױף דער פּאַלוב. אין די ברייטע מאַטראָסישע הױזן. אין בראָנאַטענעם האַרטן בושלאַט. און װאָס האָט באַ אים די װערט אַרופקלעטערן אױפן מאַסטבױם צוציִען דורכן בינאָקל צו די אױגן עטלעכע צענדליגג קילאָמעטער יאַם?

אָט טראָגט ער זיך איבער די לייטערס פון טריום און צוריק און ס׳דאַכט זיך אים, אַז, װי ביינערנע קײַלעכס אױף אַ ביליאַרד־טיש שלאָגן זיך אָן פון פאַרשיידענע זײַטן איינס קעגן אַנדערן באַפעלן:

— אַרױסשיקן פּיקעטן!

— פּאַראַן—אַרױסשיקן פּיקעטן!

— פּריצעל אױף צען מיט אַ האַלבן!

— פּאַראַן—פּריצעל אױף צען מיט אַ האַלבן!

— אין נאָמען פון דער רעװאָליוציע דערטרונקען די שיף, זי זאָל ניט אָנקומען דעם סױנע!

— פּאַראַן—אין נאָמען פון דער רעװאָליוציע...

— פּאַלבאַ!

— פּאַראַן!

— װו זײַנען זיי אַלע איצטער?—האָט פאָמין מיט קאָנטיקער בענקשאַפט אַ טראַכט געטאָן, נאָך טיפער אײַנקוקנדיק זיך אין די ליניעס פון זײַן טאַטוירטער האַנט? מיט װאָס פאַר אַ פאַרגעניגן װאָלט ער זיי אַלע איצט באַגעגנט?

— װער װייסט? געװיס זײַנען אַסאַך פון זיי אַװעק אױף דער בױנג אַזױ װי ער.

— עפשער זײַנען זיי געבליבן אין פלאָט אױף אַנדערע שיפן?

— װער װייסט?

ער האָט מער ניט געטראכט וועגן וואליען און וועגן דעם גליקלעכן קור־כוידעש אין סעוואסטאָפּאָל: ער האָט בלויז פארלאנגט, פאר זיבעצן יאָר, זיך נאָכאמאָל טרעפן מיט עכטע יאַמ־לײַט וואָס ליגן איצטער, ווער ווייסט וויפל סאזשען, אונטערן וואסער און בלאָזן ארײַן פונדאָסנײַ א נעשאָמע אין זײַן דערטרונקענער מאטראָסישער יוגנט...

דער קלונג פון איבערײַס האָט ניט אופגעהערט.

דורך עטלעכע צענדליג טירן פאנאנדערגעעפנטע מיט אמאָל, האָבן געשטראָמט ארבעטער פון פארשיידענע צעכן.

דורך עטלעכע צענדליג אנדערע טירן זײַנען מענגעס ארבעטער אָנגעקומען און פארנומען זייערע ערטער בא די געשטעלן.

ווענטילאטערס האָבן געארבעט אָן איבערײַס.

זיי האָבן געהאלטן אין אויסטרייסלען די לופט פון די אויבערשטע יארוסן.

פון דאָך האָט זיך ווי א ריזיקער פיש זיך געריסן א קארקאס פון א נײַעם דאמפער. ער האָט זיך געריסן ארעפשפרינגען אין וואסער אזויווי ער גייט און שטייט, מיט דער הילצערנער ליסקע פון וואלד־געוועב.

אנדריי פאָמין האָט א קוק געכאפט אין פענצטער. דאָס מויל איז בא אים געווען עטוואָס צעעפנט צום שמייכל, ווי בא א קינד.

ווען ס'האָט א שפריץ געטאָן פונעם קראנט אביסל וואסער אפ זײַן אויבערשטער ליפ, האָט ער עס מיטן צונג, וואָס איז ערטערווײַז געווען פארהאפט, ארעפגעלעקט.

— ער האָט געהאט פולע זאפטיקע ליפן און גערעדט שטארק אונטערן צונג.

פון זײַנע מאטראָסישע יאָרן איז אים פארבליבן די געוווינהײַט טראָגן בא דער ארבעט דאָס היטל פארוקט אפן קאָפּ. הויכ. ס'קאָן זיך אויסדוכטן, אז ווען ס'זאָל אים דערלויבן זײַן אָפיציעלער דירעקטאָרישער אמט, וואָלט ער ערשט אפ אן עמעס ארופגערוקט דאָס היטל, ווי אפ דער שיפ. און דעמלט וואָלט דער עפעקט אין זײַן אויסשפראך געווען אָנגעמאָסטן...

נאָר פאָמין איז זייער צוריקגעהאלטן. זײַן שעפעליאווע שפראך—שפּאָרעוודיק. ער רוקט נאָך אָפטמאָל אָן דאָס היטל אפן שטערן מיט א באוועגונג פון דער האנט איבערן האלדז און נאקן, ווי ער פלעגט עס אמאָל מאכן מיט זײַן מאטראָסקע. און ווען ער ענדיקט א געשעפטלעכן געשפרעך מיט א באזוכער גיבן בלויז א בלאָנדזשע זײַנע אויגן מיט א פראגע:

איר זײַנט, כאווער, קיינמאָל ניט געווען אין פלאָט?

---

אנדריי פאָמין האָט אין מעשעך פון זעכצן יאָר ארומגעזוכט אָט יענעם וווּנדערלעכן מאטראָס.

ער האָט זיך מיט דעם דאָזיקן מאטראָס קיינמאָל אין לעבן ניט באגעגנט. אין פּאָנעם קיינמאָל ניט אָנגעקוקט. ער האָט, ווי סע ווײַזט זיך אים אויס, געזען בלויז זײַן האנט. און נאָך:—דרײַ טאטויִרטע ווערטער—נידעריקער פונעם עלנבויגן מיט טונקל־גרינער אײַנגעגעסנקײַט זײַנען זיי געקראָכן די אויסגעטאטויִרטע ווערטער פון אונטער דער הויט:

— וואלקא טי סטיערוו.

ווען אנדריי פאָמין דערמאָנט זיך אין דער דאָזיקער אויסטערלישער טאטויִרונג, פארציִען זיך אים די אויגן מיט היץ. זיי הויבן אָן פיבעריש זוכן די געזונטע, די פעסטע מאטראָסישע האנט, וואָס אפ איר זײַנען די ווערטער געווען אויסגעטאטויִרט. ס'הויבט

זיך אים אָן דוכטן, אז אָט די דאָזיקע האנט איז געווען אײַנגעשלאָסן ניט אין די אקסל פון א מענטשן, נאָר אין די אקסל פון דער גאנצער רעוואָליוציע, וואָס האָט אים אופגעהויבן און געטראָגן און געבראכט...

א העפטיקער שלאָג אין די שלייפן רײַסט אים איבער דעם געדאנק און ס'הויבט זיך אָן מיראזש.

סײַ די נאקעטע האנט, סײַ די אויסגעטאטויִרטע דרײַ ווערטער אף איר זײַנען צו פּאָמינען אין זיקאָרן דערגאנגען פון א הייסן זומערדיקן טאָג, פון אזא ווי ס'איז איצט, ווען ער קלײַבט זיך אין אורלויב דאָס ערשטע מאָל קײַן סעוואסטאָפּאָל. זיי זײַנען צו אים אין זיקאָרן דערגאנגען פון פעלד. פון באוווסטלאָזן צושטאנד. פון פארבאקן בלוט אין מויל און אין די אויגן זײַנען בא אים פֿארבליבן אפן גאנצן לעבן.

ס'איז געווען דאָס יאָר 1918.

א קליינער אָטריאד מאטראָסן, צווישן וועלכער ער איז דעמלט געווען דער ייִנגסטער, איז געווען געצווונגען פארלאָזן דעם יאם און אָפּטרעטן זייער עקסטרא דורך דער יאבאָשע. און פּופּצן קילאָמעטער אונטער דער שטאָט איז ער, אנדריי פּאָמין, פארוווּנדעט געוואָרן, די ווונד איז געווען אין באק. דורכגעשטאָכן מיט א באגנעט.

ביז אהער געדענקט אנדריי פּאָמין אלצדינג, קלאָר, ווי זיי האָבן אָפּגעטראָטן און ווי אזוי ער איז אומגעפאלן. ער איז געפאלן זייער לאנג, דוכט זיך אים אויס. וואָס פונקט ווי מע פאלט אפן דנאָ פון יאם.

דאָס ווײַטערדיקע איז שוין פאָרגעקומען פון זיך אליין.

לעכאטכילע האָבן די מאטראָסן געפּרווּוט, ניט פארקלענערנדיק דעם טעמפּ פון זייער צורִיק־מארש, מיטראָגן מיט זיך דעם פארוווּנדעטן כאווער. אָבער דאָס האָט געדויערט ניט לאנג. דאמלט האָבן זיי באשטימט איבערלאָזן דעם פארוווּנדעטן אין פעלד. ס'האָט זיי פארפּאָלגט א העפטיק שיסערײַ און אונטער א גרויסן געפאר האָבן זיי באוויזן דעם פארווּנדעטן אוועקלייגן אונטער א געדיכטן קוסט און פאָרזעצן דעם וועג.

טעג זײַנען געשטאנען זייער הייסע. די ווּנד אף פּאָמינס באק איז אינגאנצן שווארצ געוואָרן. דער צונג האָט זיך אים ארויסגעוואלגערט. ער האָט פארלוירן זייער אסאך בלוט און דעם גאנצן באוווסטזײַן. ער איז אָפּגעלעגן אָנדערהאלבן מעסלעס.

פאר דער דאָזיקער צײַט האָט אן אנדער רויטפלאָטישער אָטריאד, וואָס האָט די לעצטע טעג זיך אופגעהאלטן אף דער יאבאָשע, זיך אומגעקערט צוריק אין פּאָרט. די ווײַסע אפן יאם זײַנען געווען צעקלאפּט. דער דאָזיקער אָטריאד איז געגאנגען מיטן זעלביקן וועג וואָס דער ערשטער. און פופצן וויאָרסט פאר דער שטאָט האָבן זיי באמערקט א פארוווּנדעטן מאטראָס.

— אן אונדזעריקער! — האָט זיך איינער אָנגערופן, — און באלד איז פּאָמינס מאטראָסקע געגאנגען פון האנט צו האנט.

ס'האָבן זיך א דריי געגעבן פענעמער דורכגעשטרייפטע מיט ליענטעס און פון אלע איניינעם איז געגאנגען א ווינטיקער שאָרך.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט דער פעלדשער פון אָטריאד שוין געהאט פעסטגעשטעלט, אז באם פארוווּנדעטן איז גאנגרענע. ער האָט א דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— מ'עט אים מוזן אָפּשנײַדן דעם צונג...

— וועט ער לעבן? — האָבן קימאט אלע א פרעג געטאָן איניינעם.

— דאָס איז שווער צו זאָגן. — האָט דער פעלדשער נאָכאמאָל זיך אָנגעבויגן צום פארוווּנדעטן.

ווידער אמאָל האָבן אַלע איינינעם א שורשע געטאָן:

— מע מוז אים צונעמען פונדאנען!

— מיטנעמען!—האָט אָפגעהילכט אין פעלד...

מאטראָסן האָבן דערוויַיל באוויזן ארופלייגן אפ דעם פּאררווּנדעטנס קאָפּ די מאטראָסקע, קעדיי ער זאָל ליגן אין זיַין גאנצן מיליטערישן קאָיוער און איי‌ניקע האָבן אונטערוויַילעכטס גענומען ברעכן דעם קוסט, פאנאנדצושפּיליען די איבעריקע רימענס און צונויפשטעלן א טראָגברעטל.

מ'האָט געריסן די צוויַיגן, זיי האָבן געבראָכן און געמאָסטיעט. און ס'איז גאָרניט ארויסגעקומען. דאמלט האָבן די מאטראָסן זיך גענומען איבערקוקן איינער מיטן אנדערן. דאָס איבערקוקן האָט באטיַיט:

— ארופוואַלגערן דעם פּאררווּנדעטן אפ די פּלייצעס און ניט פּאטערן קיין ציַיט.

פון צווישן דער מאכנע מאטראָסן האָט זיך ארויסגערוקט איינער. דער סאמע העכסטער פונעם אָטריאד. מיט לאנגע הענט, ווי מיט שטארקע צוויי וועסלעס האָט ער א פּרווו געטאָן דאָס טראָג־ברעטל און אויסגעשפּיגן.

— נו, וואָס זאָגסטו, ארטיאָמאָוו?—האָבן איי‌ניקע מאטראָסן בא אים א פרעג געטאָן נאָכדעם ווען ער האָט זיך מיט א שפּיַי אָפגעקערעוועט פונעם ניטגעראָטענעם טראָגבעטל,—סע פּאָדערט זיך גליַיך אן ענטפער, ארטיאָמאָוו!

ארטיאָמאָוו האָט קיין סאך ניט געטראכט.

ער האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גראָבן געווענטענעם בושלאט, אונטערגעשטעלט א געזונטע אויסגעברוינטע פּלייצע און א מאך געטאָן מיט די אויגן צום פּאררווּנדעטן:

— לייגט אים ארוף! פופצן וויאָרסט ביזן שטאָט וועל איך אים דערטראָגן. און נאָכדעם לאָז מיט אים די רעוואָליוציע טאָן ווי זי פארשטייט!

דער פּאררווּנדעטער איז געלעגן אָן באוווסטזיַין. פון דער ערשטער הילף, וואָס דער פעלדשער האָט אים באוויזן צו געבן, און פון דעם ארופליגן אפ ארטיאָמאָווס פּלייצע, האָט מען אים אביסל צעטרייסלט. ער האָט אָנגעהויבן באוויַיזן סימאָנים פון לעבן. נאכהער, אין מעשעך פון גאנצן וועג ביז דער שטאָט, האָט ער א פּאָר מאָל אפ א רעגע אופגעעפנט די אויגן. ער איז געלעגן מיטן פּאָנעם אראָפּ. איבער ארטיאָמאָווס פּלייצע. הארט נעבן זיַין בלוט־פארלאָפענעם פּאָנעם איז געווען אונטערגעשטעלט א פעסטער אָנגעגאָסענער עלנבויגן, אן איַינגעפלאָכטענער אין אָדערן און אין קסאָוו פון דער טאטויִרונג.

אין וועג האָט ארטיאָמאָוו די פּלייצע אונטער דער לאסט זיַינער ניט געביטן און קיין איינציקן טראָט אין טעמפּ ניט פארמינערט. אָפּגעגעבן דעם קראנקן אין שפּיטאָל, ארומגעווישט דעם שווייס אפן האלדז און אויסגלייַכנדיק די ביינער, א זאָג געטאָן:

— נו, איצטער לאָז די רעוואָליוציע טאָן דאָס וויַיטערדיקע.

— אליין איז ער גליַיך אוועק.

ווען פּאָמין האָט זיך נאכהער פאנאנדערגעפרעגט בא דאָקטוירים, וואָס האָבן אים געהיילט, ווער איז דער מענטש וואָס האָט אים אפ די פּלייצעס אהער געבראכט, האָבן זיי ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן. זיי האָבן אים בלויז געגעבן סימאָנים:

— א הויכער, זייער א הויכער. א גוואר!

פון דעמלט אָן האָט אנדריי פּאָמין אליין אָנגעהויבן זאמלען בא זיך אין זיקאָרן אלץ, וואָס האָט זיך בא אים אָפּגעשטעלט פאר יענע פּאָר שאָ, וואָס אין זיי האָט מען אים גערטעוועט פון טויט. נאָר בא אַלע וויַיטיקלעכסטע אָנשטרענגונגען איז מער ווי א גרויסע גאקעטע האנט מיט בוכשטאבן פון טאטויִרונג גאָרנישט ניט ארופגעקומען. ווען די טאטויִרטע פיגורן האָבן זיך בא אים אין זיקאָרן גענומען פאָרמירן, האָט ער געהאט ס'געפיל,

אז דאָס איז געבליבענע פארקערפערונג פונעמ פיבער, וואָס איז דאמלט געווענ זײַנ איינציקע לעבנס־פאָרמ.

אזוי זײַנענ פאָריבער זעכצנ יאָר. פונ דער טויט־געפערלעכער ווונד איז בא פאָמינענ פארבליבנ א קליינינקער דעפעקט אינעמ אויסשפראכ. אונ פונ זײַנ לעגענדארנ רעטער — א נאקעטע האנט מיט דרײַ טאטויִרטע ווערטער. איצט האָט ער געפילט פארווונדעטקײַט אינ זײַנ רײַזע קיינ סעוואסטאָפאָל. —

איז ער געשטאנענ אינ וואש־צימער. געוואשנ די הענט. פונ אונטערנ אָנגעלאָפענעמ ווײַסנ זייפנ־שוימ האָבנ אפ אימ געקוקט בלויע אָדערלעכ פונ טאטויִרטע פיגורנ, וואָס האָבנ אמאָל באשײַנט זײַנע מאטראָסישע הענט. ער האָט געדרייט דעמ קאָפ אינ פארשיידענע זײַטנ, זוכנדיק א לעגענדארנ מענטשנ, קעדיי א פרעג טאָנ בא אימ מיט זײַנ שעפעליאווער אויסשפראכ:

— איר האָט קיינמאָל ניט געדינט אינ פלאָט?

---

די בריוו צו וואליענ האָט אנדריי פאָמינ ניט אָפגעשיקט.

זײַנ קור אינ סעוואסטאָפאָל האָט ער באשלאָסנ נעמענ נאָכדעמ ווי ער וועט האָבנ געווענ אפ דער באזע, ניט געקוקט דערופ, וואָס די לעצטע טעג האָבנ אימ שטארק אויסגעמאטערט אונ וואָס דאָקטוירימ האָבנ געפאָדערט, ער זאָל זיכ אומבאדינגט פריר פאר אלצ זיכ פאָרנ א הייל טאָנ. ער האָט זיכ מיט אלע קויכעס באמיט צו פארגעסנ אינ דער אומאָנגענעמענהייט ארומ זײַנ באלוינונג, וואָס ווענג איר האָבנ אלע ארומיקע גערעדט זייער שטיל... קימאט שושקענדיק זיכ. פארגעסנ אינ דעמ אלעמענ האָט אימ באדארפט העלפנ זײַנ באגעגעניש מיט יאמ־לײַט, מיט מענטשנ, וואָס זייער העלדישקײַט איז אפילע אינ דער קלענסטער מאָס ניט באלאנגט אינ דער פארגאנגענהײַט אונ אינ פארשיידענע צײַגנישנ.

האָט ער באשלאָסנ פריר פאר אלצ א פאָר טאָג אפ דער באזע אונ נאכהער, אנ אָפגעפרישטער קומענ צו וואליענ אונ ערשט דעמלט אָנהויבנ טראכטנ ווענג זײַנ קור.

אזוי האָט ער געטאָנ. פונ סעוואסטאָפאָליער וואָקזאל איז ער גלײַכ אוועק אינ פאָרט. אונ אפנ צווייטנ פרימאָרגנ האָט ער זיכ שוינ געטראָגנ אפ א קליינעמ קאטיער צו דער באזע, ווו די אונטערוואסער־בריגאדע האָט געוועקט זײַנ שלאָפנדיקע שיפ פונ איר זעכצניעריקנ שלאָפ אפנ דנאָ פונ יאמ.

אינ דער גאנצער יאמ־שטרעקע פונ סעוואסטאָפאָל ביז נאָוואָראָסיסק, האָט ער זיכ פאנאנדערגעקליבנ ניט ערגער, ווי אינ זײַנ נאָטיצ־ביכל.

דעמ מאטראָס, וואָס האָט געפירט דעמ קאטיער, האָט פאָמינ אלע ווײַלע געמאכט אופמערקזאמ מיט שטאָלצ אונ באהאוונטקײַט פונ א מענטשנ, וואָס פילט זיכ זייער היימיש אפנ יאמ:

— מיסטאָמע ווייסט איר, אז דאָ האָבנ ארומגעשווומענ מינעס ווי די קארפנ?!

ער האָט זיכ באמיט פעסטשטעלנ גענוי אפנ אויג, פונקט ווי אפ א קאָמפאס דאָס אָרט, ווו ס'איז פארטרונקענ געוואָרנ די שיפ. קיינ סאכ מי האָט אימ ניט באדארפט קאָסטנ דערגרייכנ אזא פינקטלעכקײַט.

— סארא שטילקײַט אפנ יאמ,—האָט פאָמינ ניט געקאָנט אָפרײַסנ די אויגנ פונ בײַדע זײַטנ קאטיער —ער פלעג אמאָל אזוי ארומפאָרנ אינ צווייענ באנאכט איבערנ יאמ, מיט

מיליטערישע אופגאבנ. דורכגיינ א קילאָמעטער האָט דאנ באטײַמי:—ציִענ א קאָרט פונ יענע, וואָס דער גורל אליינ האלט אינ די הענט...

דער קאטיער איז געגאנגענ שנעל. ער האָט געשטעפט דעמ זוניק־בלאקיטנעמ צע־שפרייטנ שטאָפּ פונ יאמ אָנ דעמ מינדסטנ שטער. די זונ איז געלעגנ פאנאנדערגעשפרייט ווי א גאָלדענער שאָסיי. כאָטש קריכ ארויס פונ קאטיער אונ לאָז זיכ שפאנענ צופוס איבער אָט דעמ גאָלדענעמ וועג גלײַכ צומ האָריזאָנט.

—אינ דעמ דאָזיקנ ראיאָנ,—האָט אנדריי פּאָמינ ווידער אמאָל איבערגעריסנ דעמ אייגענעמ געדאנק,—איז אויכ געווענ א נישקאָשעדיקע נעסט פונ „סיגארעטנ״... אָבער—אונדזערע—האָט ער געלאָזט ארײַנטריפנ צו זיכ אינ זיקאָרנ נאָכ א וואָרט, ווי מע גיסט ארײַנ א שטארקע כעמישע פליסיקײַט אינ וואסער, וואָס פונ איר באקומט דאָס וואסער מאָמענטאל אנ אנדער קאָליר.

— אונדזערע!..

ניט די זעכצנ פארגאנגענע יאָר, ניט די איבערגעלאַדנקײַט מיט טאָג־טעגלעכער אר־בעט האָבנ אפ קיינ האָר ניט פארמינערט די שארפקײַט פונ זיינע עמפינדונגענ, ווענ ער טראָגט זיכ איבערנ יאמ, ווו ער איז, דאכט זיכ, אינערגעצ ניט אזוי בא זיכ ווי אפ אָט דער באוועגלעכער גאָלד־געוועבטער פלאכ.

נאָכ בא דער ערשטער בארירונג מיטנ קאטיער, מיט די דאָזיקע יאמישע ערטער, האָבנ זיכ פונ אימ אינ איינ אויגנבליק אָפּגעטאָנ זײַנע געזעצטע דירעקטאָרישע יאָרנ אונ ער איז צוריק געוואָרנ—מאטראָס.

ער האָט פאר געוויס מיט דעמ איצטיקנ שפאציר צו דער באזע פונ די אונטער־וואַ־סער־העלדנ זיכ געפילט ניט וויניקער קאָרעוו צו זיי אליינ אונ צו זייער רומפולער אָרבעט, ווי צו דעמ זאוואָד, וואָס ער האָט געבויט אונ מיט אימ אָנגעפירט, ס'האָט זיכ בא אימ א קנייטש אויס געגעבנ דער שטערנ.

ער וואָלט דאָכ, אייגנטלעכ, אויכ געקאָנט געווענ זײַנ איינער פונ יענע געוואגטע יאמ־לײַט, וואָס מאכנ טאָג־טעגלעכ די געפערלעכסטע אונ געוואגסטע וויזיטנ אינ דער אייגנארטיקער סטראטאָספער פונ די יאמישע טיפנ אונ—פאָרנ אהער—ניט צוגאסט, ניט אפ א שפאציר, נאָר צו זיכ, אינ אייגענעמ לעבנ...

פונ דער ווײַט האָט א פינטל געטאָנ א שיפ: ס'האָט אויסגעזענ ווי דער יאמ וואָלט געהאלטנ אפ זיכ א גרויסנ אָנגעצויגענעמ בויגנ. דער מאסטבוימ איז ווי א פײַל געווענ געצילט אינ הימל.

אפ דער באזע האָט מענ געוווּסט, אז ס'דארפ קומענ דער דירעקטער פונעמ שיפ־זאוואָד וואָס צו אימ אינ ווערפ וועט די אופגעהויבענע שיפ גיינ אפ רעמאָנט. מע האָט געווארט אפ אימ.

נאָר ווענ פּאָמינ איז אָנגעקומענ, איז אפ דער שווימענדיקער באזע געווענ זייער שטיל. קוימ וואָס מ'האָט זיכ מיט אימ געגריסט. דאָכ האָט ער באוויזנ שטעלנ א פאָר פראגנ. אינ א מינוט ארומ איז שוינ פּאָמינ אליינ אויכ געווענ ארײַנגעצויגנ אינ דער פראָדוציר־שטילקײַט. אפנ דנאָ איז אינ יענער צײַט פאָרגעקומענ די פאראנטוואָרטלעכסטע אָפּעראציע. ס'האָט זיכ דאָרט געפּאָרעט א וואסער־טוקער שוינ העכער א שאָ. ער האָט דאָרט אָנגעטאָנ דעמ לעצטנ האנטוכ אפ דער נאָז־זײַט פונ דער דערטרונקענער שיפ. דער טעלעפאָנ האָט געאַרבעט ניט מיט דער געהעריקער קלאָרקײַט. אונ איבער דער גאנצער קאָמאנדע האָט געשטראָמט א געוויסע נערוועזישקײַט. איינער פונ דער בריגאדע האָט זיכ דאָכ געוויצלט אונ אונטערגעהאלטנ דעמ מוט:

ניט אנדערש ווי ער וויל זי אפּ די אקסלען אַרופּברענגען... אָדער ער רעמאָנטירט זי דאָרט שוין. פאַר איינוועגס.

איבער פאָמינען איז דורכגעגאַנגען א ציטער:

— פּונקט היינט האָט ער באַדאַרפט אָנקומען... טאָמער וואָס... טאָמער א קאַטאַס־טראָפע, וועט ער דאַרפן שטיין אפּ דער פּאַלוב און ניט וויסן ווי אהינצוטאָן דאָס פּאָ־נעם... אז וואָס?.. אז גיין אונטערן וואַסער קען ער דאָך ניט... יעדער פאַרשנעלערטער קלאַפּ אין האַרץ האָט אים גענומען אָפּקלינגען אין די אויערן, ווי א פּאַטש איבערן איי־גענעם פּאָנעם... אָבער זיין הילף וועט ער דאָך פּאַרלייגן. מיט וואָס איז אים אלציינס. טאָמער וואָס—וואַרפט ער פון זיך אראָפּ דאָס אָנטאָן און ער איז א מאַטראָס. א פּאָשע־טער מאַטראָס!

ס'איז געווען שטיל. איבערייסן די שטילקייט מיט אוועלכן ניט איז וואָרט, האָט פּאָ־מין ניט געוואָלט. ער האָט בלויז געצויגן די הענט פון אונטער די אַרבל, אז עמעצער פון דער קאָמאַנדע זאָל דערזען זיינע טאַטויר־צייכנס, און דאָס זאָל יעדן געבן צו וויסן, אז ער איז א מאַטראָס. און אז אין פאַל פון א גויט, זאָל מען אפּ אים אויסרעכענען ווי אפּ איינעם פון עקיפּאַזש.

נאָר מיט אמאָל האָט זיך דעם סטאַרשינאַס פּאָנעם אויסגעלייטערט. דער טעלעפּאָן־שטריק האָט דערלאַנגט א יעדיע, אז די אַרבעט איז פאַרענדיקט. דאַמלט האָט דער סטאַר־שינא מיט איינגעהאַלטענער פרייד א צי געגעבן דריי מאָל די שטריק. דאָס האָט באַטייט:

— מיר הייבן זיך אוף!

דאָס צווייטע קאָל נאָך דעם סטאַרשינאַס, וואָס ס'האָט זיך דערהערט אפּ דער פּאַלוב איז געווען פּאָמינס. ער האָט געלויכטן.

פון דער יאַמישער טיפּ זיינען געקראָכן אָנגעצויגענע שטריק, אַרופּשלעפּנדיק פון דער טיפּ דעם וואַסער־טוקער מיט זיין קאַבינקע. און פּאָמין האָט מיט גרויס רעגונג דערציילט דער קאָמאַנדע וועגן פאַרשיידענע דעטאַלן אפּ דער פּאַרטרונקענער שיפּ, פּונקט, ווי ער וואָלט זיך נאָר וואָס אופגעהויבן פון א וויזיט בא איר. איינער פון דער קאָמאַנדע האָט שוין געהאַט אויסגערעכנט די צייט, ווען אומגעפער קאָן די שיפּ אָנקומען אפּ רעמאָנט. פּאָמין איז געווען בלאַס פון די איבערלעבונגען. און נאָך מער דערפון, וואָס ער וועט באַלד דערזען און דערהערן א לעבעדיקן גערוס פון זיין שיפּ.

—ס'דאַרף נאָך דאָכט זיך גאָר ליגן אין טריום,—האָט פּאָמין זיך א וויצל געטאָן, — עפּעס פון זיין אַלטער מאַטראָסישער אַמוניציע, וואָס ער האָט ניט באַוויזן פאַרכאַפּן מיט זיך דאַמאָלט...

דער וואַסער־טוקער האָט זיך לאַנגזאַם געהויבן. נאָך דעם לעצטן אונטערוואַסערדיקן אָפּשטעל, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אים באַגעגענען. די קאַבינקע איז אָנגעקומען. צוויי האָבן אים אויסגעטאָן דעם סקאַפאַנדער און דער סטאַרשינא האָט זיך געזידלט:

— וואָס האָסטו זיך דאָרטן געקראַצט איבעריקע דריי מינוט?

— געכאַפּט פיש!—האָט דער וואַסער־טוקער געענטפערט.

אין דעם אראָפּגענומענעם סקאַפאַנדער האָט מען ווירקלעך געפונען א קאַמבאַל. זי איז געווען אופגעריסן ווי פון דינאַמיט.

אנדריי פּאָמין איז מיט גרויס אָפּשיי צוגעגאַנגען צום וואַסער־טוקער, בעשאַס יענער האָט אראָפּגענומען פון זיך דאָס וואַרעמע גרעט פון אונטער דעם סקאַפאַנדער און ניט געפונען מיט וואָס אָנצוהויבן זיין באַוווּנדערונג. ער האָט געקוקט אפּ אים מיט ליבע,

מיט דאנקבארקײַט און מיט פארערונג און ענדלעך אויסגעשמייכלט צו אים מיט קינדער־שער שעפעליאווער אויסשפראך.

— איר װעט מיר עפשער כאװער אָפּגעבן א גרוס פון מײַן שיפ.

דעם װאסער־טוקערס קאָפּ איז שוין געװען פרײַ פונעם װארעמען גרעט, װאָס ער האָט דורך איר אראָפּגעצויגן. האָט ער זי אויסגעדרייט צום אומבאקאנטן און לאנגזאם און פארװוּנדערט אראָפּגעצויגן אויך די ארבל פון זײַנע הענט.

און איידער פאָמין האָט נאָך באקומען אן ענטפער, האָט ער באװוּנדערנדיק דעם װאַ־סער־טוקערס ריזיקן קערפּער, איבערגעלייענט אף זײַן פעסטער אָדערדיקער האנט דרײַ אויס־געטאטויִרטע װערטער:

— װאלקא טי סטיערװ!

---

פאָמינען האָט באשלאָגן א שווייס. לעכאטכילע האָט ער אינגאנצן פארלאָרן דאָס לאָשן, װען ער איז געקומען צו זיך פון אָט דער הייסער כװאליע פרייד, האָט זיך אים געגלוסט שפּרינגען אין יאם. ער האָט געװאָלט טייקעף געבן א ראדיאָ צו זיך אהיים. זײַנע אויגן האָבן געזוכט דעם קאטיער ער זאָל קאָנען גלײַך פאָרן צו װאליען. ער האָט ארומגעכאפּט אר־טיאָמאָװן, אז יענער זאָל מיט אים באלד פאָרן קײַן סעװאסטאָפּאָל. ער האָט געװאָלט אלע זאכן טאָן מיטאמאָל.

נאָר דער גרויסער רויִקער ארטיאָמאָװ האָט שמייכלענדיק זיך איבערגעטאָן און בארויִקט פאָמינען:

— נו, פאָר דערװײַל אליין! פאָר קיין סעװאסטאָפּאָל. איך װעל אין א פּאָר טעג ארום זײַן אינדערהיים. כ'האָב געמיינט ביזס שוין פון לאנג אף יענער װעלט!

און װען פאָמין איז פון אים ניט אָפּגעטראָטן, האָט אים ארטיאָמאָװ פארבעטן אף די פּאָר טעג צו זיך אהיים, קיין סעװאסטאָפּאָל. ער האָט אים אָנגעשריבן א בריװ צו זײַן פרוי, זי זאָל אים אופנעמען און ניט אָפּלאָזן ביז ער װעט ניט קומען—„װאליעטשקע! — האָט ער איר צוגעשריבן צום סאָף,—מיט דער שיף גייט עס אף א װעג! און װי גייט עס בא דיר?.. נו, אין צוויי טעג ארום!"

פאָמין האָט אפ גאָרניט ניט געקוקט. ארײַנגעלייגט די בריװ אין קעשעניע און אװעק. דעם גאנצן צוריקװעגס האָט פאָמין ניט געקענט קומען צו זיך. עטלעכע מאָל האָט ער ארויסגענומען פון טאש די בריװ און זי ארײַנגעלייגט צוריק. ער האָט זי גלאט געהאלטן די בריװ, װי ארטיאָמאָװס װארעמע האנט, װאָס קיינעם ניט אזוי װי איר האָט ער געהאט צו פארדאנקען פאר זײַן לעבן...

ער האָט דאכט זיך שוין עטלעכע מאָל געהאט איבערגעלייענט דעם אדרעס און גאָר־ניט געזען.

און אז ס'האָט זיך אים א שמעלץ אײַנגעגעבן אין די אויגן דאָס װאָרט „װאלענ־טינא", װאָס איז געװען אָנגעשריבן אפן אדרעס, האָט ער זיך מיט אזא מין טויבן ניט־דערקלערטן דערשרעק א כאפּ געטאָן:

— שטיי! זי הייסט דאָך אויך װאליא...

װײַטער האָט ער שוין געלייענט דעם אדרעס אזוי, פונקט װי עמעצער װאָלט אים אָנ־געבויגן דעם קאָפּ צום קאָנװערט:

— װאָס?.. ניקאָלאיעװנא?.. ארטיאָמאָװא...

ס'האָט זיכ אים עפּעס אָפּגעריסנ אינ האַרצ.

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אפּ צוריק, אינ יענער זײַט יאם, ווּ ס'האָט זיכ געפונענ די באזע אונ איז א שטיק צײַט געטראָגנ געוואָרנ פונעם קאטיער אזוי, פונקט ווי מע וואָלט אים מיט גוואלד אָפּגעריסנ פונ יענעם אָרט, ווּ ס'האָט זיכ גענעסטיקט זײַנ לעבנ...

נאכהער האָט ער אינ א דערשלאָגענער גלײַכגילטיקײַט געקוקט אינ יאם פונ בײדע זײַטנ קאטיער אונ מיט א טעמפּער באוועגונג ארויסבאקומענ פונ בוזעמ־קעשענע זײַנ אייגענעם בריוו, וואָס ער האָט ניט אוועקגעשיקט צו וואליען.

דער יאם איז געווענ וואָלקנדיק. ווי דער הימל איז ער געווענ באלייגט מיט כמארעס. דער קאטיער האָט זיכ געהוידעט אונ אלע ווײַלע אונטערגעהויבנ פאָמינען פונ זײַנ אָרט, פונקט ווי ער וואָלט אים געשלאָגנ.

לאנגזאם האָט פאָמינ געריסנ בײדע בריוו, ווי זײַנ האַרצ אונ דאָס צעריסענע פאנאנדערגעוואָרפנ אינ יאם פונ בײדע זײַטנ קאטיער.

דאָס זײַנענ געווענ די איינציקע ווײַסע צייכנס אפנ גרויענ אָנגעוואָלקנטנ יאם.

פונ פּאָרט איז אנדריי פאָמינ גלײַכ אוועק צום וואָקזאל.

פונעם וואָקזאל איז ער מיטנ ערשטנ צוג אָפּגעפאָרנ אהיים.

אונ אינ צוויי טעג ארום האָט אים ארטיאָמאָוו ארומגעזוכט איבער דער גאנצער שטאָט סעוואסטאָפּאָל.

ז. ביאדוליא

# אינ אָנקומ *)

סאָקאָלאָווסקעס פולוואראָק שנײַדט זיכ ארײַנ אינ מיטנ שטעטל. דער הויכער פעסטער פארקאנ דערמאָנט אָנ א פעסטונג. געדיכטע אלייענ פונ ליפעס אונ דעמבעס פירנ אינ דער טיפ פונ הויפ ארײַנ. פונ גאס זעט זיכ ניט דאָס הויז אונ ניט דער סאָד. כוצ מיט דערווירטשאפט, פארנעמט זיכ נאָכ סאָקאָלאָווסקי, מיט אופקויפנ לײַוונט אפ זעק פאר די אָקאָפּעס, בעשוטפעס מיט שימענ קאנטראָוויטשנ אונ מיטנ „שטילנ מאלעכ"—גאָרעליקנ ער האָרעוועט, נעבעכ, פארנ פראָנט אונ האָט דערעכערעצ פאר נאטשאלסטווע. דעמ סאָד האָט ער פארדונגענ, מאכמעס ער אליינ האָט קיינ צײַט ניט מיט אימ זיכ צו פארנעמענ. ער קויפט אויכ אופ בעהיימעס אינ דער אומגעגנט אונ שיקט אָפּ אינ אויעזד צומ פּאָ־דריאדטשיק פעלדמאנ, וואָס טרײַבט זיי אינ גרויסע טשערעדעס קיינ ווילנע פאר דער ארמיי. צו סאָקאָלאָווסקענ קומענ צו גאסט דער גאלעכ, דער אוריאדניק, דער פריסטאוו. זײַנ קײַלעכדיק געגאָלטער פּאָנעמ, מיט די לאנגע וואָנצנ ווערט אזש רויט פונ שטאָלצ אונ פונ דערעכערעצ צו די דאָזיקע געסט. די שווארצע הויזנ—ברייטע אונ געפּאקטע, זײַנענ אריבערגעלאָזנ איבער די שטיוול, אונ זײַנע פיס ווײַזנ אויס, ווי די פיס פונ א העלפאנד.

דורכ סאָקאָלאָווסקעס הויפ גייט לעווינ צומ סאָד, פונ וואנענ עס הערט זיכ דאָס ברינ־דזשענ פונ א באלאלײַקע, אונ צוגלײַכ מיט דעמ לעבנ פערדשטאל א בייזער געשריי. ער גייט אהינצו, פונוואנענ עס הערט זיכ דער בייזער קאָל. לעבנ דער אָפענער טיר פונ שטאל שטייט סאָקאָלאָווסקע, רויט פונ קאעס. אינ ווינקל, צוגעשפארט מיטנ עלנבויגנ צומ וואנט, שטייט א יונג פונ א יאָר זעכצנ, מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ אונ אָנ א היטל, אונ ווישט זיכ שווײַגנדיק מיטנ ארבל דאָס בלוט פונ נאָז. סאָקאָלאָווסקעס שפּעלטעלעכ־אויגנ שיטנ בליצנ אונ דער קאעס זײַנער האלט אינ איינ וואקסנ:

— אכ, דו אויסוווּרף! איכל דיר געבנ—פּאטערנ מיר די פערד! דו פּוסטעפּאסניק! דײַנ גליק, וואָס דו האָסט דאָס מאָל געכאפּט נאָר אינ נאָז, א צווייטנ מאָל וועל איכ דיר דעמ קאָפּ אראָפּדרייענ!

סאָקאָלאָווסקי עטעמט שווער, ווי א לאָקאָמאָטיוו, אונ עס שטילט אימ ניט דאָס הארצ. ער הייבט אופ פונ דר'ערד א שטיינ אונ טוט אימ א לאָז אפ די הינער, וואָס קאפּאָשקענ זיכ אינעמ מיסט. דערזענ לעווינענ, סטארעט ער זיכ צו באהאלטנ די רעציכע אונטער א פרײַנטלעכנ ליבנ שמייכל.

— א־א! פּאניע לעווינ! א גאסט, כ'לעבנ, א גאסט!—סאָקאָלאָווסקי שאָקלט צו מיטנ קאָפּ, טשמאָקעט מיט די ליפּנ אונ כאזערט איבער:—א גאסט! כ'לעבנ! ניט צו לעבנ, זאָג

*) פונעמ ראָמאנ „אינ אָנקומ"

איכ אײַכ, פאניע לעווינ, פונ די דאָזיקע פוסטעפאסניקעס. אזא שלימאזל, א יאָלאָפ: פירט אוועק אפ דער וואכטע א גוטנ פערד אונ ברענגט מיר צו פירנ צוריק א הינקענדיקנ! אָט, וואָס עס הייסט—פרעמדע הענט! אונ איכ, פאניע לעווינ, ווי איר קוקט מיכ אָנ, גיב דאָכ אימ עסנ אונ טרינקענ, איכ קלייד אימ אונ שוכ אימ אונ אנ אָרט אפ צומ שלאָפנ גיב איכ אימ. אונ איר זאָלט זאָגנ, מע זאָל דאָס האָבנ אפ א האָר א נוצנ פונ אזא יונג, איז ניינ. טפו, צו אלדע שווארציאָר!—אונ סאָקאָלאָווסקי נעמט זיכ ווישנ מיטנ גראָז די הענט, וואָס זײַנענ געווענ אײַנגעריכט אינ דעמ בלוט פונעמ מינדעריעריקנ פארעבאָק.

ווידער פארציִענ זיכ זײַנע אויגנ אינ קליינע שפעלטעלעכ, אפנ שטערנ דרייענ זיכ בלויע אָדערנ. ער צעלאָזט זיכ אפ די אויבערשטע קיילים:

— זאָג מיר נאָר, דו לײַדאק איינער, וויִאזוי סאָרט האָט דער פערד בא דיר אָנגעהויבנ הינקענ?

— איכ ווייס ניט.

דעמ יונגס אויגנ קוקנ פונ אונטנ ארופ אפ סאָקאָלאָווסקענ אונ גיבנ אָפ מיט א מאָדנעם גלאנצ.

— „איכ ווייס ניט”... זע, סארא קוקערס ער האָט דאָס אויסגעשטעלט אפ מיר! א ווילדע כײַע. אז יעדער וואָרט איז ווי א שפײַ אינ פאָנעמ,—„איכ ווייס ניט”... די נעשאָמע דײַנע, די פאריפעשטע, וועל איכ פונ דיר ארויסשלאָגנ!

אונ ווידער גיט ער זיכ א לאָז אפנ יונג.

— פאניע סאָקאָלאָווסקי! פאניע סאָקאָלאָווסקי!—לעווינ כאפט אימ אָנ פארנ האנט. עפשער ווייס ער טאקע ניט?

סאָקאָלאָווסקי האלט זיכ אָפ, אונ זײַנ קאָל ווערט ליבהארציק אונ ווייכ:

— איכ בינ דאָכ פאר אימ, פאניע לעווינ, ווי אנ אייגענער טאטע, אונ קוקט נאָר אָנ, ווי ער פאסט עס אופ מײַנ האָב אונ גוטס! הײַנט סארא אקשנ דאָס איז! הײַנטיקנ פרילינג האָט ער אָפגעטאָנ אזא שטיקל ארבעט: גענומענ אונ אויסגעשלאָגנ א שויב פונ קאעס, וואָס איכ האָב אימ געגעבנ אינ די ציינער (פארשטייט זיכ, אז ער האָט עס בא מיר קאָשער פארדינט), אונ איז נעלעמ געוואָרנ. ניטאָ אימ. עטלעכע טעג האָט ער זיכ אומגעדרייט בא פארע־יידענע באלעבאטימ. קיינער האָט אימ צו דער ארבעט ניט גענומענ, מאכמעס איכ האָב שוינ אלעמענ געגעבנ אָנצוהערעניש, וואָס דאָס איז פאר א כײַפעצ. איצטער, זעט איר, האָט זיכ דער גוילעמ צוריק אומגעקערט צו מיר. ווו וועט ער אהינקומענ, אז מענ איז פאָרט עלנט ווי א שטיינ? א טאטנ האָט עס, אזוי גוט, ווי קיינמאָל ניט געהאט, געבאָרנ געוואָרנ, נעבעכ, פונ זיכ אליינ, אונ די מאמע איז מיט א יאָר צוויי צוריק אָפגעשטאָרבנ. קומט ער דעמלט צוריק, דער גוילעמ, שטייט אונ שווײַגט. צעדארט, צעקווארט, א גאנצע וואָכ גאָרנישט ניט געהאט אינ מויל. נעמ איכ די בײַטש אינ האנט אונ זאָג:—גיב א קוש די בײַטש, נעמ איכ דיכ צו אפ צוריק. האָט ער א קוש געטאָנ, וואָדענ? דערנאָכ האָב איכ אימ אזוי ארײַנגעצימבלט ווי עס דארפ צו זײַנ. „ביז הארבסט זאָג איכ צו אימ,—וועסטו בא מיר טאָנ אָנ א קאָפיקע”. עמעס, א היטל האָב איכ אימ געקויפט אפ יאָנטעוו. אז מיט אנ אייגנ קינד וואָלט איכ זיכ דאָכ אויכ אזוי באגאנגענ! אפ מײַנ וואָרט, פאניע לעווינ, וואָדענ?

— בארויִקט זיכ, פאניע סאָקאָלאָווסקי,—זאָגט לעווינ אונ קוקט מיט ראכמאָנעס אפנ יונג.

סאָקאָלאָווסקי גיט א מאכ מיט ביידע הענט פאָרויס, ווי ער וואָלט וועלנ אָפשטופנ פונ זיכ אלדאָס בייז.

— עט! כאַפּט אימ דער רועכ מיטנ פערד איניינעמ! גייט עס אינ דר'ערד! אַלציינס
א מילכאָמע אפ דער וועלט. קומט, פאַניע לעווינ, מיר וועלנ עפּשער אויסטרינקענ א גלעזל
טיי? הא?

— א דאַנק, פאַניע סאָקאָלאָווסקי. ס'איז הייס. עס ווילט זיכ א ווײַלע אינ סאָד.
פונ סאָד דערטראָגט זיכ א פריילעכ ברינדזענ אפ דער באַלאַלײַקע.

— סע ציט צו די מיידלעכ? צו דער בלאָנדינקע, וואָס?—סאָקאָלאָווסקי פאַרוואַרפט דעמ
קאָפּ אונ הירזשעט, אַרויסשטעלנדיק די צעפּוילטע ציינער. באַלד אָבער ווערט ער ערנסט:—
נו, אונ וואָס הערט זיכ עפּעס אינ שטאָט? וואָס רעדט מענ עפּעס וועגנ דער מילכאָמע?

— מע זאָגט, אַז מיר שלאָגנ זיכ פאַרנ קייסער אונ פאַרנ פאָטערלאַנד.

— זע, שלוימינקע, פאַמעלעכ, מאַכ זיכ ניט קעציש, וואָרעמ איכ בינ אויכ ניט פונ
הינטערנ אויווג.—ער שטעלט אָנ א כיטרע מינע אונ א פּאָר פאַרזשמורעטע אייגעלעכ,
דראָט, קלוימערשט, טאַמעוואַטע לעווינען מיטנ קורצנ פינגער.—מיר קענענ זיכ אפ אײַכ
אונ מיר פאַרשטייענ אויכ עפּעס. דו מיינסט, אַפּאָנעמ, אַז דו האָסט צו טאָנ מיט א היגנ,
ווײַל איכ ווינ דאָ? דו זעסט מיכ אָטאָ דאָ? אָבער די נעשאָמע מײַנע איז אפנ פראָנט.
איכ בינ א סאָלדאַט, אונ ניט אבי א וואָסערער. לײַוונט פאַר די אָקאָפּעס, בעהיימעס
פאַר דער אַרמיי. מיטנ גאַנצנ לײַב אונ לעבנ, קאָנ מענ זאָגנ, בינ איכ אינ דער אַרמיי.
מער ניט, איינ זאַכ וועל איכ דיר זאָגנ: רענענקאַמפּפ איז א דײַטש, אונ דאָס, זעסטו, טויג
שוינ ניט. יאָ, סע טויג ניט. וויאַזוי וועט ער דאָס—אַנטקעגנ זײַנע אייגענע ברידער?..
איכ וואָלט אימ ניט אָנגעטרויט, אפ א האָר ניט!—סאָקאָלאָווסקי פאַרטראַכט זיכ.—אונ עפּ־
שער... מע צאָלט דאָכ אימ מיסטאָמע ניט שלעכט... אונ קיינ יאָלד איז ער ניט...

סאָקאָלאָווסקי טוט זיכ א צי פאַר די וואָנצנ. אָבער אַזוי פּעסט, ווי ער וואָלט זיי וועלנ
אויסציִענ אפ א האַלב אַרשינ די לענג.

— אָבער די מילכאָמע, א שטייגער, די מילכאָמע, מײַנ טײַערער פאַניע לעווינ. דאָס
איז היסטאָריע. מיר האָבנ מילכאָמע געהאַלטנ מיט די יאַפּאָניער, מיט די טערקנ, אונ נאָכ
פריִער מיט די פראַנצויזנ, מיט די שוועדנ. דאָס אַלצ איז היסטאָריע, ברודער. אַז עס
פרוכפּערנ זיכ אָנ אַסאַכ מענטשנ, איז ווו טוט מענ זיכ מיט זיי אַהינ? וועננ ניט די מילכאָ־
מעס, וואָלט דאָכ די ערד קליינ געווענ פאַר די מענטשנ. מענטשנ קינדלענ אַסאַכ. אַלציינס
וואָלט פונ ענגשאַפט איינ ברודער דעמ צווייטנ דערהאַרגעט. איז אָט דאָ קומט צו גיינ די
היסטאָריע אונ העלפט אַרויס דעמ מענטשנ! די מילכאָמע, גוטער ברודער, איז א ווילדע
זאַכ, אונ די היסטאָריע איז א סייכלדיקע זאַכ, אַר־וואַ, סאַראַ סייכלדיקע!

סאָקאָלאָווסקי שײַנט, ווי די זונ, פונ זײַנ „סייכלדיקע היסטאָריע". זײַנע פאַרזשמורעטע
אייגעלעכ האָבנ איצטער דעמ זיבעטנ כיינ.

אונ לעווינ—שיר וואָס ער כאַפּט זיכ ניט אַרויס:

— אָבער דײַנ אייגענער זונ האָזעוועט? שיקסט אימ ניט אַהינ, צו דער סייכלדיקער
היסטאָריע?

אָבער לעווינ וועט ניט זאָגנ. ער איז דאָכ א זײַדענער יונגערמאַנ.

סאָקאָלאָווסקעס יאָדערדיקע, פעסט געבויטע פיגור שטייט שטײַפ אפ די גראָבע פיס, ווי
בא א העלפאַנד. זײַנ קאָל איז א גוטברודערישער. ער רעדט פאָטערלעכ, מײַסע אָפּעקונ.

— טאָ פאַרגעדענק זשע, שלוימקע: שאָלעמ, צי מילכאָמע—מע דאַרפ אָבער קענענ לעבנ
אפ דער וועלט. דאָס זאָג איכ צו דיר, ווי צו אנ אייגנ קינד. איכ, ברודער, לערנ זיכ אַלצ
לעבנ אפ דער וועלט, אונ דײַנ טאַטע, זעסטו,—ניט. ניט ער לערנט זיכ אונ ניט ער קענ.

אונ דוכט זיכ א מענטשל פונ א גאנצ זשוואווג פאָלק! איכ האָב אים שוינ ניט אײנמאָל געזאָגט: שאָלעם, לאָמיר נעמענ ביידע אינ מאכנ עפּעס א געשעפט. טײַנעט ער: „מ׳עט זען, מ׳עט א טראכט טאָנ“. אונ אָט קאנטאראָוויטש—ניט ער זעט אונ ניט ער טראכט,—עסט ער טאקע ברויט מיטנ פולנ מויל.

סאָקאָלאָווסקי טוט אומעטיק אונ פארטראכט א קוק אפנ סאָד:

דײַנ טאטע איז א נישטיקער סאָלדאט. אונ א מענטש פונ אזא ספּריטנעמ פאָלק! א שאָד! נו, קענסט זיכ גיינ אינ סאָד. מײַנ זונ איז אויכ דאָרטנ, צימבלט אפ דער באלאלײַקע. זײַ כאָטש דו א גוטער סאָלדאט. אינ סאָד איז דער פראָנט א גאנצ ווילער! אכ, סארא מײַכלדיקע מיידלעכ, הי—י—כי—כי—י—י יאָלדנ וואָס איר זײַט! ווענ איכ האָב נאָר צײַט, וואָלט איכ דעמ יונגנ אוילעמ שוינ געוויזנ, וויאַזוי מע דארפ ארבעטנ. נו, גיי, גיי צו צו דער קאָמפּאניע, גיי, איכ פארהאַלט דיכ ניט.

סאָקאָלאָווסקעס פאסקודנער געלעכטער יאָגט אָנ לעווינענ אונ שמײַסט אימ איבערנ רוקנ, ווי מיט א קלעפּיקער שמאטע.

גארעליק ליגט אונטער אנ עפּלבוימ אונ שרײַבט ארײַנ פארטיפּט אינ זײַנ נאָטיצ־ביכל לאנגע רייענ ציפער. ניט ווײַט פונ אימ שפּילט סאָקאָלאָווסקעס זונ אפ דער באלאלײַקע. אירע, די פּולינקע גימנאזיסטקע, זיצט דערנעבנ אונ לייענט א ביכל.

שאָגאל, דער דריטער „האָז“ איז דאָ ניטאָ. שימענ קאנטאראָוויטש האָט הײַנט באַגינענ דערציילט לעווינענ, אז שאגאל איז אײנער פונ די אָרגאניזאטערנ פונ שטרײַק אינ 1905 צווישנ די סמארגאָנער גארבער. ער איז געזעסנ א צײַט לאנג אינ טורמע. איצטער לעבט ער אונטער א פרעמדער פאמיליע—שאגאל. זײַנ עמעסער נאָמענ איז לינקינ.

— פארוואָס איז דאָ ניטאָ שאגאל?—טראכט לעווינ.

שאגאל ווערט אימ עפּעס טשיקאווע.

פאר דער לעצטער צײַט האָט ער שאגאלנ געזענ נאָר אײנ מאָל—זונטיק, בייס ער, לעווינ, האָט געשפּאנט איבער די גערטנער צו דער אָזערע. שאגאל איז געלעגנ אפ קאנטאראָוויטשעס טאָק אינ שאָטנ פונ דער דרעש־מאשינ אונ נעבנ אימ איז געזעסנ דער זעלביקער פארעבאָק, וואָס סאָקאָלאָווסקי האָט אימ אָקאָרשט געמיימעסט. דער פארעבאָק האָט געהאלטנ א בלײַער אונ ווײַסע פּאפּיר, אונ שאגאל האָט אימ עפּעס דיקטירט פונ א בוכ. דער פארעבאָק האָט געשריבנ אומזיכער אונ פּאוואָליע. זיי זײַנענ געווענ אזוי פארטיפט אינ דער ארבעט, אז זיי האָבנ גאָרניט באמערקט לעווינענ. נאָכדעמ האָט זיכ לעווינ געשיפּט אפ דער אָזערע אונ אלצ געטראכט וועגנ שאגאלנ. אימ איז באפאלנ אנ אומצופרידנקײַט מיט זיכ אונ א קינע צו שאגאלנ. שאגאל איז געקומענ אהערצו אנ ערשטנ מאָל אונ שוינ גענומענ ברענגענ נוצנ רעמ מענטש, אונ ער, לעווינ, וואָס איז דאָ געבאָרנ געוואָרנ אונ זיכ אויסגעהאָדעוועט, שליאָנדערט ארומ אָנ א שטאָכ ארבעט.

לעווינ גייט צו צו אירענ אונ פרעגט בא איר, צי וויס זי ניט, ווו איז שאגאל.

אירע הייבט אופ די פארטראכטע אויגנ:

— ער איז נעכטנ אוועקגעפאָרנ קײַנ מינסק—ענטפערט אירע—אונ לאָזט צוריק אראָפּ די אויגנ צומ בוכ.

אונ נאָכ א גרעסערער פארדראָס טוט א ברי אָפּ לעווינענ, ווי מיט זויד.

... א האָז אונ ער האָט קײַנ מוירע ניט...

לעווינ בייזערט זיכ אפ זיכ אלײנ אונ סטארעט זיכ שאגאלנ ארויסוואַרפנ פונ קאָפּ, פאריאָגנ, ווי א סוינע. שאגאל איז זײַנער א ביטערער סוינע, ווײַל יעדער מאָל, ווענ ער

קומט אים פאר די אויגן, דערזעט זיך עפּעס לעווין אליין אין א נײַעם געשטאלט—ער דערזעט זײַן אייגענע נישטיקײַט.

... וואָס פאר א קויכעס האלטן עס אים אונטער שאגאלן? פארוואָס זינקט ער ניט אלץ טיפער און טיפער אין אָט דעם ווילדן העק, ווי איך?

לעווין איז אויסער זיך. ער קען זיך ניט באַרויִקן. ער הערט זיך צו צום זשומען פון די בינען, וואָס דערטראָגט זיך אהער פון די מאלינע־קוסטעס, ווו עס שטייען עטלעכע בינשטאָקן. די באלאלײַקע פונעם יונגן סאָקאָלאָווסקי איז אפּ א ווײַלע שטיל געוואָרן.

דער סאָד שמעקט מיט די פארשיידנסטע רייכעס, אז מען ווערט אזש שיקער. דיביימער—אָן באוועגונג, אָן ריר. לעווין קומט ביסלעכווײַז צו זיך און נעמט ווארפן אן אויג אפּ דער גערטנערן—אפּ מאורען.

די בלאָנדע באלעבאָסטע פון סאָד קלײַבט אופּ די אראָפּגעפאלענע עפּל פון די ביימער. אן ערנסטע, א שווײַגנדיקע און שטאָלצע, גייט זי אום פון בוים צו בוים מיטן קאָשיק אין די הענט. לעווין נעמט פון איר קיין אויג ניט אראָפּ.

דער יונגער סאָקאָלאָווסקי שטורכעט אים מיט דער באלאלײַקע אין זײַט און וואָרנט אים:

— ועסט בלינד ווערן!

מאורע האָט לאנגע געדיכטע העלע האָר. העלע ברעמען און טיפ־בלאָע אויגן, די דינע ליפּן דערמאָנען אָן רויטע פעדעם. א שלאנקע און א לײַכטע, אין א בלויען סאראפאן, פארקישעפט זי פאָשעט די מענטשן און די ביימער. אירעס מילך־ווײַסע הענט בייגן זיך אזוי אויס, ווי צוויי ווונדערבארע שלענגלעך.

— עך, מיידעניו!—זיפצט אָפּ סאָקאָלאָווסקי. ער גיט מיט קאעס א שלײַדער די באלאלײַקע אפּן גראָז און ווינקט צו לעווינען.—דו כאפּסט די שמײַע? איך וועל דיר באלד ווײַזן, ווי מע דארף זיך מיט איר באגיין.

שטילינקערהייט גאנוועט ער זיך אונטער צו מאורען פון הינטן, כאפּט ארום איר דינעם געשטאלט און פארמעסט זיך איר א קוש צו טאָן אין באק.

— אוועק, ניוווזיק!

זי גיט זיך מיט קאעס א ריס ארויס פון זײַנע הענט, שטופּט אים אָפּ פון זיך מיט איר שפּיציקן עלנבויגן, און ער גיט זיך א שטארקן זעץ מיט דער פּאָטיליצע אָן א בוים.

— דו־שטיק נעווײלע!

— וואָ־אָס? איך בין דיר א נעווײלע?

מאורעס אויגן ווערן פינצטער. דער פּאָנעם גיסט זיך אָן מיט פײַער, און אירע האָר און ברעמען באקומען דעריבער דעם אויסזען פון פינקלדיקן פראָסט. איר בויגעוודיקע רעכטע האנט גיט א פּאָך, פּונקט ווי א בײַטש, און צוויי פרעשק, אומגעריכטע און הילכיקע, לאָזן איבער אפּ סאָקאָלאָווסקעס באקן א טשיקאווע אָפּדרוק פון מאורעס פינגער. א הילכיקער געלעכטער. סאָקאָלאָווסקי גיט זיך א צאפּל אום, אן אָנגעדראָלענער, ווי אן אָקס, רוקט ער זיך צו מאורען מיט פארקוועטשטע פויסטן. לעווין און אירע האלטן אים אײַן מיט גאָר די קויכעס.

לעווין איז אנטציקט פון דער בלאָנדער.

א פּארסאָפּעטער קומט צו לויפן דער אלטער סאָקאָלאָווסקי ער קוקט ארום אלעמען מיט די פארושמורעטע אויגן:

— קומט יאַלדן!—און נעמט מאכן מיטן עמער, וואָס ער האלט אין דער קורצער האנט, ווי א הון מיט א פליגל.

— ווּהינ? וואָס?

גאָרעליק גיט זיכ א כאפּ אונ איז שוינ גרייט לויפנ באהאלטנ זיכ.

— עמערס נעמט, קריגלעכ! דעמ פּאנ מאנילאָווסקעס עקאָנאָמ האָט ארויסגעלאָזנ פונ ברויז דעמ ספּירט אינ טײַכ, גיכער, יאָלדנ!

— ווו? וואָס?

— אונטערנ ווּעלדל, דרײַ וויאָרסט פונ דאנענ. מע דארפ גיינ גלײַכ אונ גלײַכ וועט אויסקומענ נעענטער.

די האָזנ ווילנ ניט גיינ.

— קומ, שלוימקע!—ווענדעט ער זיכ צו לעווינענ.

— קומ,—איז לעווינ מאסקימ.—אינטערעסאנט א קוק צו טאָנ!

פונ קילנ סאָד זײַנענ זיי ארויס אינ פעלד, אינ דער היצ פונעמ זומערדיקנ טאָג. זיי מײַדנ די מיל אונ גייענ אוועק מיטנ שטעגל צומ טײַכל. סאָקאָלאָווסקי סאָפּעט, קרעכצט אונ טרײַבט פונדעסטוועגנ אונטער לעווינענ:

— גיכער! אָבער גיכער!

---

די זונ פארוואָרפט זיי מיט פײַער, גליט אומבעראכמאָנעסדיק די פּאָטיליצעס, די רוקנס. סאָקאָלאָווסקי אונ לעווינ קומענ אזוי מיטנ פרײַענ פעלד צומ סאָסנע־ווּעלדל. דאָ האָבנ זיי א שטיקל אָפּרו פונ דער זונ. זלידנע פליגנ פאלנ אָבער אָנ אפ זיי, בייזע, ווי הינט אראָפּגעלאָזענע פונ קייט.

— גיכער! אָבער גיכער!—טרײַבט אונטער סאָקאָלאָווסקי, אונ אליינ שטייט ער, נעבעכ, אָפּ.

— איר ט׳באוויַזנ, פּאניע סאָקאָלאָווסקי. מיר איז נאָר טשיקאווע א קוק צו טאָנ. אונ פאר אײַכ, פאר אזא רײַכנ מענטשנ, ווי איר, האָט עס דענ א זינ צו שלעפּנ מיט זיכ אנ עמער? אונ וואָס פאר א מינ בראנפנ קאָנ עס שוינ דאָרטנ זײַנ?—דאָס איז דאָכ ניט פונ פעסל, נאָר עפּעס א מינ בלאָטע.

— אזוי מיינסטו? עפּשער ביסטו טאקע גערעכט, גוטער ברודער, אָבער איכל דאָכ ניט אוועקוואַרפנ אָטאָ דאָ דעמ עמער.

אונטערוועגנס טרעפנ זיי נאָכ מענטשנ: אלטע שיקורימ, וואָס מע זעט זיי אָפּטמאָל זיצנדיק אפנ גאניק פונ דער פארלאָזענער מאָנאָפּאָל־קראָמ, ווײַבער, קינדער. אלע לויפנ זיי אהינ דורכ פארשיידענע וועגלעכ, פארשוויצטע, אָפּגעברענטע, מיט פארלאָפענע אויגנ.

זיי גייענ דורכ דעמ ווּעלדל. נאָכ א זומפּ, ניט קיינ גרויסנ, דארפ מענ אריבער־שפּאנענ. זיי שפּרינגענ פונ איינ מאָכבערגל אפנ צווייטנ. אָט איז דאָס בעריאָזעווע ווּעלדל אונ דאָס טײַכל. דאָס וואסער גלאנצט, ווי א זילבער־געשלענגלט וועגעלע. מענטשנ זײַנענ דאָ—א יאמ. א טומל, א געשריי. אונ אלע קוילעס גיסנ זיכ צונויפ אינ איינ אומ־קלאָרנ געהילכ:

— הו־ר־ו־ו! הו־ר־ר־ו!

די הייסע לופט איז פול מיט די געשרייענ פונ די צעהיצטע מענטשנ. עס לויפט אהער דער אלטער אנטאָס, נאָכ אימ האנוליע די סאָלדאטקע, זײַנ טאָכטער. עס הינקט דער פארהאָוועטער מאקאר. פונ אימפּעט רוקט ער אָפּטמאָל ארײַנ דעמ שטעקנ צו טיפ אינ דער קלעפּיקער ערד, אונ שלעפּט אימ נאָכדעמ קוימ ארויס מיט א כליופּ. פאראנענ דאָ אסאכ באקאנטע אונ אומבאקאנטע. אביסל פונ דערווײַטנס שטייט פּאנ מאנילאָווסקעס

מאיאָנטעק, דער וויַסער פאלאצ, די ברויז מיטנ רויטנ קוימענ. דאָרטנ האָט מענ עס אינ רינעס ארויפגעלאָזנ דעמ ספירט פונ די טשאנעס. א בלאָער נעפל, ווי א רויכ, הענגט טיפ איבערנ וואסער. עס שמעקט מיט בראנפנ. די מענטשלעכע קוילעס שטארקנ זיכ, מוירעדיקע קוילעס, ווי א זאווערוכע—ווילדע, שיקערע.

לעווינ שטעלט זיכ פאָר דעמ גאנג, דעמ אינדישנ טיַכ, מיט זיַנע פיליגרימענ, אָדער עפעס א טומלדיקנ פליאוש אפ א קוראָרט, לויט זיַנ פאָרשטעלונג (פונ ביכער ווייס ער דאָס אלצ) איז עס אלצ גאָרנישט אקעגנ דעמ, וואָס דאָ טוט זיכ איצטער.

— א! אָט וואָס א גוויר קענ! אזש אהערצו זיכ געקומענ צו שלעפנ מיט אנ עמער! כאפנ עפעס! טרינק, אָבער נעמענ מיט זיכ פונ אונדזער כיַעסדיקנ טיַכל וועלנ מיר ניט לאָזנ, פונקט ווי דו לאָזט ניט נעמענ קיינ עפעלע פונ דיַנ כיַעסדיקנ גאָרטנ.

דאָס זאָגט א קליינ קאָמיש מענטשל מיט רויטע אייגעלעכ. דאָס מענטשל קראצט זיכ די גאנצע ציַט מיט די שווארצע נעגל די הוילע ברוסט, דערנאָכ גיט ער זיכ א בייג איַנ טיפ, ביז צו דר׳ערד, אונ לאָזט איַנ סאָקאָלאָווסקענ:

— זיַט אזוי גוט, איכ בעט איבער איַער קאָוועד, אינ אונדזער ניַעמ שענקל ארײַנ! דו האָסט אפילע פארכאפט בא מיר א שטיקל לאָנקע, נאָר נישקאָשע, זיַ אזוי גוט! הורא־א!

— הור־ר־ר־א־א!—כאפט אונטער דער אוילעמ.

די מענטשנ בייגנ זיכ איַנ, שטעלנ זיכ אפ די קני, לייגנ זיכ מיט די בײַכער אפנ זשווירקנ זאמד אונ זופנ מיט ארויסגעשטארצטע אויגנ.

— מע דארפ דאָכ עס קאָנענ—פאטערנ אזא אייגנס, יאָלדנ.—סאָקאָלאָווסקי טשמאָקעט מיט די ליפנ.—האָט מענ דענ ניט געקענט אפריַער ארויספירנ דעמ בראנפנ פונ ברויז? פלוצלינג, זאָגט מענ, איז אָנגעקומענ א באפעל — ארויסצולאָזנ דעמ בראנפנ.

קיינער הערט זיכ ניט צו צו סאָקאָלאָווסקעס רייד.

---

— טאטעניו, טרינק ניט!—בעט זיכ האנוליע, לעווינס שכיינע, אונ שלעפט דעמ טאטנ פארנ רעקל.

— טשעפע זיכ אָפ!

אפ זיַנ פאָנעמ זיַנענ נאָכ דאָ עטלעכע ראצנ פונ אמאָליקע שיקערע געשלעגנ. זיַנע אויגנ, פונ בלאָלעכנ, בראנפנ־קאָליר, ווערנ פינצטער אונ פארציִענ זיכ מיט א שאָטנ.

— טאטעניו, לאָמיר גיינ אהיימ.

— טשעפע זיכ אָפ!

זיַנע דינע נאָזלעכער פארקיַלעכנ זיכ, בלאָזנ זיכ אָנ. אזוי ווי ער שטייט איצט א באָרוועסער, אינ די שמאָלינקע ליַוונטענע הויזלעכ מיט דעמ געווענטענעמ רעקל אפ די אקסלענ, איז ער אינ דער מינוט בעקויעכ אָפצוטאָנ מיַעדייע וואָס.

— טשעפע זיכ אָפ!

— טאטעניו, גיב כאָטש אָפ דאָס רעקל, מ׳עט נאָכ ארויפריַסנ.

— נא! נא!

א קער מיטנ לינקנ אקסל אונ ער ווארפט אראָפ פונ זיכ דאָס רעקל אונ בליַבט שטיינ אינ א צעכראסטעטער, ראָזעווער העמד. דערנאָכ ציילעמט ער זיכ ברייט איבער,

פונ הימל ביז צו דר׳ערד אונ פונ וואלד ביזנ פעלד, לאָזט זיכ אראָפּ אפּ די קני אונ פאלט צו מיט די ליפּנ צום טײַכל — —

קליוק—קליוק—קליוק...

אונ פונדערווײַטנס—געלעכטער, זינגערײַ, קריגערײַ.

מע קושט זיכ. מע כליפּעט.

צו אנטאָסנ, האנוליעס טאטנ, גייט צו איינער א געשטופּלטער אונ נעמט אים הארציק ארומ.

— קומ, אנטאָס, צום הייליקנ יארדנ!

— קומ, ברודערקע, קומ!

אונ זיי גייענ זיכ אזוי אוי־ײַנ ביז די קני אינ וואסער.

— טא־טע! טא־טע!—שרײַט האנוליע.

— מעשוגענע הינט! וווּהינ זײַט איר ארײַנגעקראָכנ? ארויס פונ דאָרטנ! מע טאָר ניט מיִעס מאכנ אזא האָב אונ גוטס.

עטלעכע מענטשנ לאָזנ זיכ נאָכ זיי. אנטאָס מיטנ געשטופּלטנ לויפנ אריבער אפנ צווייטנ ברעג.

שיקערע פיש... שיקערע פיש שווימט...

— ברודערקע, קומ כאפּנ פיש אָנ נעצנ, אונ די פּליודערנ נעצנ.—כאָכמעט זיכ איינער א פויער.

פלאָטקעס שווימענ ארופ פונ אויבנ, מיט די בײַכער ארופ, גלאנצנ ווי פּערלמור־טערנע טאשנ־מעסערלעכ. די ווײַבער קלײַבנ די שיקערע פיש אינ די פּאָלעס.

— ווילדע קאטשקעס!—שרײַט אויס עפּעס א ייִנגל אָנ א היטל.

א טשערעדע ווילדע קאטשקעס שווימט צו צו די מענטשנ, טונקט זיכ אונטער אונ גאָגאָטשעט פריילעכ אונ מונטער.

שיקערע פויערים קוקנ אפ זיי אונ לאכנ פונ טיפנ הארצנ.

סאָקאָלאָווסקי האלט ניט אויס.

— אָט סארא יאָלרנ!—אונ אינ די שווארצע אריבערגעוואָרפענע הויזנ קריכט ער ארײַנ אינ טײַכל, כאפּט אָנ מיט די הענט א פּאָר קאטשקעס אונ טוט זיי א זעצ מיט די קעפּלעכ אָנ עמער.

— גאנעוו! אויסוואורף!—נעמט שרײַענ אנטאָס פונ צווייטנ ברעג—שיקערע דערהאר־גענענ טאָר מענ ניט! דו כאפּ ניכטערע. דאָס איז דיר ניט שלאָגנ פּארובקעס, דו מענוול, דו מיינסט, איכ האָב פאר דיר מוירע? מײַנ איידעמ איז אפּ מילכאָמע אונ דײַנ זונ באַ־האלט זיכ אויס. א האָז איז דײַנער, אונ מײַנ אלעקסאנדערנ האָט מענ דערהארגעט. מע־נוּוואָלימ! היי־י־כ.

אנטאָס וויינט מיט שיקערע טרערנ.

סאָקאָלאָווסקי נעמט זיכ רוקנ אפּ צוריק.

פונ אלע זײַטנ טראָגט זיכ אנ אומופהערלעכער הו־הא! שטײַגט ווי א שיקערער כאָר פונ דער שיקערער ערד. די זונ לאָזט זיכ אראָפּ נידעריקער. די בלאָע שאָטנס לעבנ דיביימער ווערנ לענגער.

לעווינ רוקט זיכ אָפּ אונ קלײַבט זיכ גיינ אליינ אהיימ מיט אנ אנדער וועג. עפּעס א גרויל טרײַבט אימ פונ דאנענ. ביסלעכווײַז ווערט שטילער דער שיקערער געהײַל. ביס־לעכווײַז נעמ זיכ אויכ אויסטיילנ דער געזאנג פונ די פייגעלעכ, וואָס האָט זיכ צווישנ די שיקערע קוילעס לעבנ טײַכל ניט געהערט.

פלוצלינג שטעלט זיכ לעווינ אָפּ אונ הייבט זיכ אָנ צוהערנ.

— וואָס איז דאָס?

— פונ וואלד טראָגט זיכ א נײַער געריש. עפּעס א ווילדער געהײַל—צי פונ כײַעס, צי פונ בעהיימעס? עס שטײַגנ די אומבאקאנטע קוילעס—אלצ שטארקער אונ שטארקער.

— וואָס קענ עס זײַנ?

לעווינ וווּנדערט זיכ אונ קוקט זיכ ארום נאָכ אָנגעשטרענגטער.

צי איז עס א מעשונעדיקער רעווענ? צי א טופּענ אזא? עס צעוואקסט זיכ, קומט אָנ פונעם נאָענטנ וואלד.

— וואָסער שווארציאָר האָט מיכ פארטראָגנ אהער? — קאָעסט זיכ לעווינ.—אָט דער דאָזיקער כײַשעק צו זענ וועט מיכ, סאָפּקאָלסאָפּ, ארײַנשלעפּנ אינ אלע צאָרעס...

פונ וואלד יאָגט ארויס די טשערעדע, שפּאנט אהער מיט א ווילדנ ריטשענ, פּונקט ווי הינטער זיי וואָלט זיכ יאָגנ א מאכנע וועלפ. פאָרויס טרעט א שווארצער בוהײַ. זײַנע הערנער, ווי צוויי האלבע רייפנ, פארשפּיציקטע, פינקלענ אנטקעגנ דער זונ מיט א קופּערנעם גלאנצ.

— א שיקערע טשערעדע. זי האָט זיכ דאָ ערגעצ מיסטאָמע אָנגעטרונקענ פונעם שיינעמ טײַכל. מע דארפ זיכ ראטעווענ...

לעווינ יאָגט מיט אזא אימפּעט, אזש א ווינט הודזשעט אים אינ די אויערנ. אונ הינטער אים שפּרײַזט דער שווארצער בוהײַ פאר דער גאנצער טשערעדע מיט אזא מוירעדיקנ ריטשענ, ווי דער געשריי פונ מעשוגאָים. לעווינענ פארכאפּט דער אָטעמ. ער דיכעט, ער איז אינגאנצנ אָפּגעגאָסנ מיט א שווייס. אָט באלד פאלט ער אנידער—ער קאָנ שוינ ניט מער—אונ די שיקערע בעהיימעס וועלנ אים צערײַבנ אפ אש, מאכנ פונ אים א טעל...

אָבער אָט דערזענ זײַנע אויגנ א רעטונג: א צעשפּרייטנ אלטנ דעמב, מיט קנאָכיקע צווײַגנ ביז סאמע דר'ערד. אהינטערנ רוקנ פילט ער דעמ וואַרעמענ אָטעמ פונ די צעיושעטע בעהיימעס... די הענט צעדראפּעט ביז בלוט אונ דער אָנטאָנ ווערט צעפליקט אינ די צווײַגנ. פונ ברוסט רײַסט זיכ ארויס א הייזעריקער געשריי, דאָס הארצ קלאפּט ווי א האמער; פאר די אויגנ גיסנ זיכ אלצ צונויפ אינ איינ רויטלעכנ נעפּל, אונ אנ אויסגעמאטערטער, נעמט ער נאָכ פונדעסטוועגנ פעסט ארומ דעמ בוימ מיטביידע הענט אונ קוקט אראָפּ אפ דר'ערד—ער איז בא א גאנצע פיר מעטער פונ באָדנ, ער געדענקט גאָר ניט, וויאַזוי איז ער עס אהער ארופגעקראָכנ.

עס פליט אָנ דער בוהײַ, שיינ ווי א בופלאקס. ווי סאמעט גלאנצט זײַנ שווארצע פעל. דעמ בוהײַס קײַלעכדיקע זײַטנ זײַנענ באשפּריצט מיט שנייִקע פּינטעלעכ. שוים שפּארט פונ זײַנ מויל, א צאָרנדיקער פלאקער ברענט אינ זײַנע רויטע צעיושעטע אויגנ. דער בוהײַ פארײַסט דעמ קאָפּ, הייבט אָנ שמעקנ די ערד, זעצט אינ באָדנ מיט די פאָדערשטע טלאָענ אונ פּאטשט זיכ אינ די זײַטנ מיטנ מעכטיקנ עק. אונ אָט הייבט ער זיכ אָנ דרייענ אפ איינ אָרט, ביסלעכווײַז קומט לעווינ צו זיכ, בארויִקט זיכ אונ איצט קוקט ער שוינ טשיקאווע. וואָס וועט דאָ ווײַטער זײַנ. ער פארקוקט זיכ אפ דעמ פּרעכטיקנ אָקס, דערמאָנט זיכ אָנ שפּאניע, אָנ די אָקסנ־קאמפנ אונ דעמ געפערלעכנ ספּאָרט פונ די טאָרעדאָרנ. אונ מיט עפּעס א באזונדערער וווּלגארישער העפקײרעס נעמט ער זיכ זינגענ „טאָרעאדאָר“.

דערהערט זײַנ קאָל, הייבט אָנ דער בוהײַ טעמפּ אונ דראָענדיק צו רעווענ, שפּרינגט אָפּ אפ עטלעכע טריט פונ בוימ, לאָזט אראָפּ דעמ קאָפּ מיט די האלב־ארשיניקע הערנער, טוט א פלי אונ א זעצ אינ בוימ, אזש די מעכטיקע קרוינ טוט זיכ א צאפּל.

ווידער אפ צוריק און נאָכדעם טוט ער ווידער זיך א לאָז אפן אלטן דעמב, פונקט ווי א לעבעדיקער מויערן־ברעכער. לעווין דערהערט א קנאַק, עפּעס ברעכט זיך, ברעקלט זיך. ער קוקט אראָפּ, דעם בוהײַס קאָפּ איז פארגאָסן מיט בלוט. די הערנער זײַנען אָפּגע־בראָכן. דער בוהײַ לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ סאמע ביז צו דר׳ערד און רעוועט יאָמערלעך. די טשערעדע צעשיט זיך אומגעלומפּערט אין אלע זײַטן.

פונדערווײַטנס זעען אויס די פאסטעכלעך, ווי פינטעלעך. זיי דרייען זיך אום אהין און אהער, און לויפן אוועק צו דער מעשוגענער מאכנע מענטשן לעבן בראנפן־טײַך. פאר־נאכטלעכע פרישקײַט ווייעט לעווינען איבער פּאָנעם. פונקט ווי א רויט־אָנגעגליטע סקאָ־ווערדע, שטייט די זון גאָר נידעריק איבערן וואלד—אָט־אָט קײַקלט זי זיך אראָפּ צווישן די צווײַגן.

יידיש— ד. מארשאק.

## מוישע טײַטש

# לידער

1

געווען ארום אזוי אלץ אומדערוואַרט,
מאָדנע אָס אין אָס פּאָרויסגעזאָגט אזוי
און וווּנדערלעך דערפילט —
און אָט, עס שטייט דאָס גאנצע לאנד אין לידער,
ווי אין פלאמען.

אָ, דיכטער שטומער פונקט ווי איך,
צוריק צום וואָרט געקומענער, ווי איך,
ברודער מײַנער אינעם אופגעוואכטן ליד,
דו, נאָר איינער קענסט פארשטיין
מײַן שטײַגנדיקע פרייד.

2

דירט מיך אופ—עס טרעפט אין שטילסטע שאָען —
א יונגער שטורעם
פון די שטײַפע אָנגעגליטע פלעצער,
און אין שטראלנקײַט ער טראָגט מיך,
ווי אף דורכזיכטיקע פליגל — —
איך וויים: אין כאָר פון זיג, אין וועלט־פארמעסט,
מיט יונגן מוט, מיט הויכן דרייסט
מיליאָנען זינגען מיט.
ווער זשע בין איך, אויב ניט איינער
פון די זעלביקע מיליאָנען,
און די פרייד פון יערן איינעם
איז דען ניט די זעלבע פרייד?

3

לידער! לידער! לעבנס-פרילינג!
ז׳איז דער פרילינג ניט נאָר לידער,
ס׳איז אויך שטורעמונג דער פרילינג,
מיט בליצ באוואָפנט און מיט דונער:
רײַסט דער פרילינג שטיקער בערג,
מיטנ וואָרצל גרעסטע שטאמען!
און אפ פעלדער טײַכנ ווארפט — — — —

ס׳איז רויִק דער זייער, ער ווייסט, ער איז זיכער,
אראָפ חעט דאָס וואסער, און דאנ
באפרוכפערט פונ וואסער וועט בלײַבנ דער באָדנ,
און אינ הארבסט, ווענ דער שניט וועט שוינ ליגנ
אינ שײַער,
אפ די הילכיקע טויקנ באם דרעשנ,
וואָגיק און זעטיק דער קאָרנ וועט זײַנ.

ס׳איז רויִק דער דיכטער, אזוי ווי דער זייער,
ער ווייסט, ער איז זיכער, אזוי ווי דער זייער,
דורכ זוניקנ זומער, דורכ פרוכטבארער מי,
מיט צײַטיקע סנאָפעס און פרײדיקע לידער
עס קומט אימ אנטקעגנ
זײַנ דאָר.

אָקטיאבער 1934 י.

מ. ליפשיץ

# פון א פארזאמלונג

אלע גייען מיר פון א פארזאמלונג,
מיר האָבן דאָרט גערעדט מיט ליידנשאפט און רויש,
אונדזער הויז איז דאָך קימאט צוזאמען
וואָס גייט איר פריינט פארביי און מיידט מיך אויס?..

ניט דערפאר, ווייל נאכט איז און איך ציטער,
מיך שרעקט די טונקלעניש ניט אָפּ,
איך האָב אפילע הארץ מיט לידער
איז שטענדיק ליכטיק אין מיין קאָפּ.

נאָר מיר האָבן גערעדט ניט ווייניק,
מיט יונגע ברען גערעדט האָבן מיר דאָרט,
אז די וואָס זינגען דארפן גיין איינעם
געהאלטן, דאכט זיך, האָט איר אויך א וואָרט.

איך בין ניט קיין אָנהענגער פון פרידן
ווען די שלאכט גייט אין גאנג,
ווען עס שלאָגן זיך די לידער
ווערט צופרידענער דער גאנג.

נאָר פון פריינטשאפט איינעם שטייגן,
אין שווערן וועג א האנט וואָס גריסט
בין איך געווען און וועל פארבלייבן
א גרויסער אָנהענגער געוויס.

***

ליוב מיין טאָג —
מיין פריינט
מיין פירער

וואָלט איך דען געווען א זינגער?
פון פארדראָס און וויי מײַן לירע
וואָלט פארשטומען און פארזינקען.

וואָלט מיך ציִען ווי א קליפע,
און איך וואָלט פון דעם געזונגען
מיט א קלאָלע אפ די ליפּן,
וואָלט מײַן ליד די גאסן אומגיין.

כ'וואָלט מיט איר די גאסן וואָגלען,
כ'וואָלט מיר איר די ערד פארפלוכן,
און נימעס וואָלט די ערד מיר ווערן
און גיכער כ'וואָלט מײַן אומקום זוכן.

זײַ מײַן ליד א פרילינג־וואָלקן,
וויי פון שאָטן,
פרייד פון ליכט
זאָלן נאָך דײַן יוגנט פאָלגן
שטיפעריש
און אומגעריכט.

דײַנע שורעס זאָל באַרירן
א זוניקער, אהייסער דאנק,
הײַנט בין איך א טראָפּן פרילינג
און יאָנטעוו בענקט נאָך מײַן געזאנג.

## זינג מיר אויס

זינג מיר אויס די גרויסע פרייד,
פון גליק כ'זאָל וויינען קאָנען,
א קוק טאָן זאָל פארשטומטערהייט
מײַן וויי און מער ניט מאָנען.

פון וואנען קומט צו מיר די וויי?
דער רוּעכ זאָל עס נעמען!
אז ס'קלינגט דאָס פרייד אין גאס אזוי,
ווי אין א מונטער'ער פּאַעמע.

ס'איז אלצ דאָ יונג, ערשט אויסגעבויט
און יעדער טראָט א נײַער;
און יעדער איינער ווי מיט ברויט
איז מיטן לעבן זיך מעכאיע.

פארגינ איכ דענ זײ ניט דאָס גליק,
דעמ ליכטיקנ פארמעגנ;
וווּהינ אײַלסטו זיכ מײַנ בליק,
ווּ אײַלסטע אינ דער רעגנ?..

אינ דער רעגנ פול מיט ליכט
דערמאָנ איכ זיכ מײַנ טאטנ.
א שווערער שליטנ קוימ וואָס ס'קריכט
אפ ווינטער-וועגנ גלאטע.

ארומ וועגנ—ווײַסער מאָכ
אונ ביינער בעטנ—רו אויס.
נאָר ער גייט נאָכנ שליטנ נאָכ
אונ האלט מיט זיכ א שמועס.

ס'איז ניט געפעלנ אימ די וועלט,
וואָס קענ ער בעסער מאכנ?
גייט ער שטילערהייט אונ שעלט
דעמ ווײַסנ שניי, די ווײַסע שליאכנ.

ארומ איז העל אינ פוסט אונ פרײַ,
דעמ וואלד־סויכערס געהילצ נאָכ סקריפעט;
אינ קלאָרנ שניי טוט ער א שפײַ
א רויטנ טראָפּנ פונ די ליפנ...

שוינ אינ אמעריקע געווענ,
פונ דאָרטנ אויכ צוריק געקומענ
מיט א טיפנ קנייטש אינ ברעמ
אונ מיט צוויי טראָפּנ בייזנ אומעט.

ניטאָ דאָ וואָס צו זוכנ מער
ס'איז אומעטומ דערזעלבער ווּנדער,—
האָט ער געזאָגט, אונ ווי א בער
באשטימט שוינ אײַנשלאָפנ אינ הונגער.

אונ גליק אונ יאָנטעוו ניט געוואָלט,
אינ ערגעצ מער זיכ זוכנ לאָזנ;
יעדער הארבסט שיט גרויענ גאָלד
אפ זײַנ געלעגער א בעריאָזע.

זינג מיר אויס די גרויסע פרייד,
פונ גליק כ'זאָל ווײנענ קאָנענ
מײַנ ווײ זאָל פאלנ שטומערהייט,
מײַנ דורשט זאָל מער ניט מאָנענ.

א. הובערמאַנ

# לידער

## א שפּיל

די שויבּנ ציטערנ צווישנ טאָג אונ נאַכט
עס שטייט מײַנ קינד אונ וויינט, מײַנ טאַטע ליגט אונ לאַכט

מײַנ אַלטער טאַטע מיט דער ווײַסער באָרד
מײַנ קלייניניק ייִנגעלע פונ פינעפ יאָר.

זיי האָבּנ זיכ געשפּילט אונ האָבּנ זיכ צעקריגט
אונ קיינער קאָנ ניט זאָגנ ווער עס האָט געזיגט.

א שיינע שפּיל זיי האָבּנ זיכ דאָ אויסגעטראַכט
א שטילע שפּיל צ'ווישנ טאָג אונ נאַכט.

אינ דעמ זיידנס באָרד, וואָס איר איז פופציק יאָר,
דאַרפ דאָס אייניקל געפינענ, ווו א שוואַרצע האָר.

אונ פאַר יעדער שוואַרצער האָר, וואָס אויסרײַסנ ער וועט,
שענקט דעמ אייניקל דער זיידע א פאַררויקלטנ קאָנפעט.

קוקט ער אינ דער ווײַסער באָרד, ווי אינ א טיפנ ברונעמ
ווו אַלע פרישע וואַסערנ זײַנענ פונ לאַנג שוינ אויסגערונענ.

טוט א שווינדל א שוואַרצאַפּל, כאַפּט ער גיכ אונ ווײַזט.
— ניינ, דיר האָט זיכ אויסגעוויזנ, זע, ווי זי איז ווײַס!

שטייט ער ווידער אפ די קניעס פאַר דער באָרד פאַרלאָרנ,
מאַכט דער זיידע צו די אויגנ אונ לאָזט דורכ די יאָרנ...

שווערע, שווערע, שווערע יאָרנ, אָט איז זי די עלטער,
אינ דער ווײַסער באָרד פאַרפּלאָנטערט ליגט די אַלטע וועלט גאָר

און א קינד א פינעפיעריקס צווישן טאָג און נאכט...
האָט דאָס אייניקל צעוויינט זיך און דער זיידע זיך צעלאכט.

ס'וויינט די קינדהייט, ס'לאכט די עלטער — קיינער קאָן זיי ניט פארווערן
ס'ארא אומעטיק געלעכטער, ס'ארא דרייסטע שיינע טרערן.

ס'ארא שיינער זומער־אָוונט אין א שפעטן הארבסט;
קינד מײַנס ווערסט געבוירן, טאטע מײַנער שטארבסט.

ס'שרײַט די ערד, עס שרײַען שטערן, ס'שרײַט מײַן קינד, מײַן קליינס
דײַן געלעכטער, זײַנע טרערן זײַנען ווײַט שוין ניט אלציינס.

---

## ליבשאפט

מײַן צוטרוי, מײַן צארטקייט
איז גאָרניט צו שאצן,
די נאכט שלאָף איך איבער
מיט אָפענע פענצטער.
מײַן בעט ווערט פארשאָטן
מיט צוויט פון אקאציע,
און ס'דוכט זיך מיר אוים,
אז מײַן שטאָט איז די שענסטע.

איך הער ווי עס רעוועט
אין יאם דער מאיאק
קאָן זײַן, מײַנע פרײַנט
ערגעץ בלאָנדזשען אף שיפן.
איך הער ווי מע קושט זיך
באם טויער געשמאק,
איך הער ווי די נאכט איצט
פארגייט אין די טיפן.

איך הער באם וואָקזאל
קומט א צוג איצטער אָן,
באגעגנט דאָרט מענטשן
מיט קינדער מיט בלומען,
און באלד ועט א צווייטער
אוועק פון פעראָן
און לאָזן צוויי ליידיקע
רעלסן מיט אומעט.

כ'האָב ליב אָט די שטאָט
מיט די ליכטיקע טרעפּ,
וווּ עס זינגענ דיביימער
א יעדנ פרימאָרגנ,
וווּ פּושקינ דער דיכטער
האָט שווער דאָרט געלעבט,
וווּ דאָרע ליובארסקע
איז שיינ געשטאָרבנ.

בא אונדז אינדערהיימ
מ'האָט זיכ שטענדיק געשאָלטנ, געשלאָגנ
אונ איכ פלעג ארופ אפנ בוידעמ
אונ ליגנ פונ יענער זייט קוימענ.
האָב איכ מיינ קינדהייט, מיינ לעבנ, —
אלצ האָב איכ פיינט געקראָגנ,
מ'האָט אינ קינדערשנ סאָד פונ מיינ הארצנ
אויסגעהאקט די בעסטע ביימער.

ס'האָט יעדער געלאכט פונ מיינ שטעטל
— דער הימל פארשטעקט איז מיט שטרוי,
ס'האָט יעדער געלאכט פונ מיינ טאטנ
— ס'איז גאָרניט קיינ ייִד, ס'איז א גוי.
ס'האָט יעדער געלאכט פונ מיינ מאמענ
— ביז דער כופּע א דינסט־מויד געווענ,
ס'האָט יעדער געלאכט אויכ פונ מיר
—ער האָט נאָכ קיינ געלט ניט געזענ.

דערפאר גיי איכ אומ מיט מיינ יוגנט
אונ פיר זי אונטער דער האנט.
איכ וויל ניט, איכ קאָנ ניט, איכ טאָר ניט
מ'ט איר אזוי גיכ זיכ צעשיידנ.
כ'פארמאָג נאָכ אינ הארצ מיינעמ ליבשאפט
פאר דער יונגסטער אונ שענסטער מיידל.
כ'פארמאָג נאָכ אינ הארצ מיינעמ ליבשאפט
פאר דער שענסטער שטאָט פונ מיינ לאנד.

אָדעס.

נאָטע לוריע

# אפ דער הארבע

שעפטל קאָבילעצ איז א פארשטויבטער געזעסנ אפ דער פריזבע און שווײַגנדיק געשמאק געגעסנ. ער האָט געטונקט דעם שטיק קאָרענעם ברויט אינעם בוימל, צוגעשאָטנ מיט אסאך זאלצ און הויכ, עטוואָס אונטערסאָפענדיק, געטשאמקעט, ווי ער וואָלט געפילט אינ דעם א שארפנ טאמ פונ די ברויטנ, וואָס ער האָט ערשט געדראָשנ.

אנטקעגנ, הינטער דער קלוניע, איז פארגאנגענ די זונ, אינגאנצנ א רויטע, ווי ערעוו א שטורעמ, און פונ אלע זײַטנ אָנגעצונדנ די סקירדעס, די שפיצ־ביימער און סטרעכעס. דאָס גראָז, די שויבנ האָבנ זיכ איבערגעגאָסנ אינ פלאמיקער רויטקײַט, ווי בא א גרויסער סרייפע.

נאָר שעפטל האָט גאָרניט באמערקט. ער האָט ניט אראָפגענומענ די פארשטויבטע אויגנ פונ דער ליימיקער פריזבע, פונעמ צעבראָכענעמ שאָל מיט דאָס ביסל מוטנע ליאָנבוימל. געטונקט די לוסטע ברויט, געשמאק געקײַט און געטראכט וועגנ דער קופע פרישע היי, וואָס ליגט נאָכ בא אימ אפנ סטעפ און באלד זיכ דערמאָנט אָנ זעלדענ.

די לעצטע טעג קומט זי אָפט צו זיי אריינ, זעלדע. דאָ ווענ זי איז געזעסנ מיט דער אלטער אפ דער פריזבע א גאנצנ אפדערנאכט ביז ער איז אָנגעפאָרנ מיט דער פולער הארבע ווייצ פונ סטעפ. די הארבע איז געווענ הויכ אָנגעלייגט און ער איז געזעסנ סאמע פונ אויבנ, געהאלטנ די ווישקעס און געלושטשעט א זונענ־רויז. ווי ער האָט נאָר פארקירעוועט אינ הויפ, האָט ער באמערקט ווי זעלדע האָט זיכ א כאפ געטאָנ פונ דער פריזבע און געוואָלט אוועקגיינ. נאָר ער איז איר גלײַכ אנטקעגנ אָנגעפאָרנ מיט דער הארבע און ניט אראָפגענומענ די אויגנ פונ איר.

זי האָט זיכ, קאָנטיק, פארלאָרנ, געפילט, אז זי דארפ עפעס זאָגנ, נאָר ניט געוווסט וואָס. נאָכדעמ האָט זי פאריסנ אינ דער הויכ די קאָפ אזוי, אז די האָר זײַנענ איר געפאלנ איבער די קײַלעכדיקע פלייצעס.

— ווארפ אראָפ...—האָט זי זיכ אָפגערופנ,—ווארפ אראָפ א שטיקל סאָנעטשניק... שעפטל...

— גיי און רײַס,—האָט ער א שמייכל געטאָנ. ער האָט געלאסנ פארקירעוועט די פערד צומ טאָק און אָפגעשטעלט זיי. נאָכדעמ האָט ער אָפגעבראָכנ מער ווי א האלבנ זונענרויז, א קײַלעכדיקנ, מיט גרויסע יאָדערנ און אראָפגעוואָרפנ גלײַכ צו אירע נאקעטע פיס.

— כײַ וואָלסטו מיר בעסער העלפנ אראָפוואָרפנ די הארבע.—האָט ער א בורטשע געטאָנ,—אי, דאָס ניט...

— כ'ל העלפן...—איז זעלדע אופגעלעבט געוואָרן. זי האָט גענומען דעם זונען־רויז און א וואָרף געטאָן אפ שעפטלען,—נא דיר אים...—און אוועקגעלאָפן צו דער הארבע.

די אלטע איז נאָך געזעסן אפ דער פריזבע, נאָכגעקוקט נאָך זעלדען און נאָך שעפטלען און עפעס געבורטשעט אין זיך.

— קיין בעסער מיידל וועט ער ניט נעמען,—האָט זי באטראכט אירע ברייטע פליי־צעס,—ער איז די אויך ניט ווערט, ס'אי גאָלדענע הענט בא איר...

שעפטל האָט אראָפגעלאָזט די אויבערשטע צוויי לויטער און די זאנגען האָבן מיט א שורשעריי זיך א שאָט געטאָן פון ביידע זייטן הארבע איבער די רעדער, פארשיטנדיק זעלדען די פיס.

— פאמעלעכער,—האָט זעלדע זיך צעלאכט,—שעפטל... פאמעלעכער, וועסט מיך פארשיטן.

— ס'מאכט ניט... כ'ל דיך ארויסשלעפן.—האָט ער מיט פארגעניגן א שמאָרכע געטאָן מיט דער עטוואָס פאריסענער נאָז.

— אנו, פרווו זיך,—זי האָט זיך אָנגעכאפט אָן די לויטער און ארופגעקראָכן אפ דער הארבע.

אפ דער הארבע זיינען זיי געבליבן שטיין איינע נעבן די אנדערע.

— נו, גיב מיר די ווילע,—האָט זי זיך אויסגעדרייט נאָענט צו אים.

— און איך וועל וואָס...—האָט שעפטל א קוק געטאָן איר אין די גרינע אויגן און זיך גענומען אראָפווארפן די זאנגען. אים איז שטארק ניט באקוועם געווען צו ווארפן מיט דער ווילע, ווייל זי איז געשטאנען צו נאָענט. ער האָט איר געוואָלט עפעס זאָגן נאָר דורך די שטרוי האָט ער אָנגעטאפט איר ווארעמע פוס, א ציטער איז אים דורך איבערן לייב, ווי ער וואָלט זיך אָפגעבריט. זי איז נאָך אזוי א ווײַלע געשטאנען, נאָכדעם האָט זי אים אָנגענומען פאר ביידע הענט. ארויסגענומען די ווילע און גענומען ווארפן די זאנגען פון דער הארבע.

שעפטל האָט גאָרניט געזאָגט. ער איז געבליבן שטיין און ניט אראָפגענומען די אויגן פון איר. ער האָט געזען, ווי זי האָט זיך גיך באוועגט מיטן שטײַפן קערפער, מיט די הענט, ווי זי האָט זיך אלע ווײַלע אײַנגעבויגן, אים האָט זיך געדאכט, אז ער באמערקט עפעס דעמאָלט בא איר און ס'האָט אים ארומגעכאפט עפעס א מאָדנע נאָענטקייט צו איר, וואָס האָט אים שווער געמאכט דעם אָטעם.

— ווען דו קומסט שטענדיק אזוי,—האָט ער א בורטשע געטאָן.

— וואָסי... דו דארפסט מיך דאָ,—האָט זי אופגעהויבן א פולע ווילע מיט זאנגען אינ־דערהויך און שמייכלענדיק אים אָנגעקוקט.

פון דעמאָלט אָן איז בא אים פארבליבן נאָך א גרעסערע בענקשאפט נאָך איר, נאָך זעלדען, נאָך אירע רוסאווע האָר. און ער האָט זיך אלץ געפרווט דערמאָנען, ווי האָט זי אים דעמאָלט געזאָגט.—

— וואָסי... דו דארפסט מיר דאָ?..

ער האָט עטלעכע מאָל דאָס איבערגעכאזערט אין זיך, אין דער שטיל, און געפילט א ווארעמען פארגעניגן פון דעם, ווי פון א גוטן כאָלעם...

שעפטל האָט אזוי אומבאמערקט אויסגעטונקען דאָס גאנצענע בוימל און אופגעגעסן דאָס שטיק ברויט.

ער האָט זיך מיט אמאָל א כאפ געטאָן, צעטראָגן זיך ארומגעקוקט און געוואָלט אופ־

שטײן, נאָר ער האָט באמערקט, אז אפ דער לײמיקער זעמליאנקע זײַנען פארבליבן פאר־שאָטענע ברעקלעך פונעם ברויט, וואָס ער האָט געגעסן און אפן ברעג פון צעבראָכענעם שאָל האָט זיך געגעלט אביסל בוימל. שפעטל האָט אופגעהייבן די שאָל, אויסגעווישט מיטן מיטלסטן פינגער דאָס ביסל פארבליבענע בוימל פון אלע זײַטן אזוי, אז ס'איז קיין סימען ניט פארבליבן און נאָכדעם אויסגעשמירט מיט דעם די שלייעס, וואָס זײַנען גע־לעגן דערבײַ, זיי זאָלן ווייכער ווערן. ער האָט מיטן פינגער געריבן די שלייע, ביז ער איז רויט געוואָרן און ס'איז אפ אים גאָרניט ניט פארבליבן. דעמאָלט האָט ער אײַנגע־טונקט דעם עכוואָס צעקאליעטשעטן פינגער אין שפּײַעכץ אן גענומען צונויפקלײַבן די פאנאנדערגעשאָטענע ברויט־ברעקלעך. מיטן קלעפּיקן שפּיץ־פינגער האָט ער געפּיקט, ווי א הון איבער דער פריזבע און אלע ווײַלע צוגעטראָגן דעם פינגער צום מויל און פאר־כאפּט די ברעקלעך ברויט. ווען אפ דער פריזבע איז גאָרנישט ניט פארבליבן, האָט ער זיך אופגעהייבן און אוועק מיט ברייטע טריט אין זעמליאנקע. ער האָט אָנגעשעפּט דאָרט פון דער דייזשקע א קריגל קאלטן וואסער, זיך אָנגעטרונקען און אוועק שפּאנען די פערד אין דער הארבע.

— פארטאָג פּײַכט אָפּ דער טוי דעם זאנג... אנו, לאָמיר ברענגען א הארבע,—האָט ער גערעדט צו די בולאנע,—אז מירן אָנגרייטן, וועלן מיר זיך פארטאָג קענען שטעלן דרעשן...

ער האָט אײַנגעשפּאנט דיביידע בולאנע אין דער הארבע און מיט א קלינגערײַ פון די נאָכהענגענדיקע לויטערס און פון דער אונטערשפּרינגענדיקער ווילע האָט ער זיך אוועק־געטראָגן לענג אויס דער גאס און פארקערעוועט אראָפּ בערגל פארבײַ דעם זאהאָן, צו דער הרעבליע. ניט ווײַט פון זאהאָן האָט ער דערזען זעלדען. זי איז געגאנגען קאָנטיק פון סטעפּ, א באָרוועסע מיט א רויטפארפאליעטן פּאָנעם פון דער זון. זי איז געגאנגען פּונקט אנטקעגן, איבערן מיטן וועג, שארנדיק מיט די פיס איבער די פאר שאָטענע שכרוי און אופהייבנדיק א גאָלדענעם שטויב ארום זיך. ווען שפּעטל האָט זי דערזען, האָט ער זיך אביסל פארלאָרן, ער האָט דערפילט אין דעם, וואָס זי איז אים פּונקט אָנגעגאנגען, א גוטן סימען. און ער האָט זיך געסטארעט אומבאמערקט פאר איר עטוואָס פארהאלטן די פערד.

— וואָהין פאָרסטו?—האָט זעלדע זיך פריילעך אָנגערופן, ווען זיי האָבן זיך אויסגע־גלײַכט.

— דו זעסט ניט,—האָט ער פארהאלטן די פערד,—אפן סטעפּ... ער האָט איר געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ס'האָט זיך עפּעס ניט באקומען.

זעלדע איז א ווײַלע געשטאנען פון דער ווײַטן און געשמייכלט צו זיך אליין. זי איז עפּעס צופרידן געווען, וואָס זי איז געגאנגען אהיים ניט צוזאמען מיט אלע מיידלעך, מיט דער קאטראן־סטעזשקע, נאָר מיט דעם וועג, כאָטש ס'איז אביסל ווײַטער, ווי זי וואָלט געפילט, אז זי וועט אים באגעגענען דאָ. זי האָט א קוק געטאָן אפ אים, אפ די קוטשמעס, וואָס זײַנען אים אראָפּגעפאלן איבערן שטערן און ס'האָט זי א ציי געטאָן צו אים. זי איז צוגעלאָפן צו דער הארבע און ארופגעכאפּט זיך פון הינטן אפ דער ארויס־שטארצנדיקער ברעט.

— ווילסט, כ'ל פאָרן מיט דיר...

פאר שפּעטלען איז דאָס געווען אומגעריכט און ער איז מיטאמאָל געוואָרן רויק און פארהויבן די בײַטש.

— ווע‍פּט העלפן אָנלייגן א הארבע, וועסטו פאָרן.—האָט ער א שמייכל געטאָן מיט דער נאָז,—אומזיסט פירן די פערד ניט... נו, קריך געענטער,—האָט ער א שמיץ געטאָן די בולאנע און אופהייבנדיק א נידעריקן שטויב באביידע זײַטן וועג אוועקגעטראָגן זיך מיט די אונטערקלינגענדיקע לויטערס ארופ הרעבליע.

ווען ער האָט שוין געהאט אריבערגעפאָרן די הרעבליע, האָט ער זיך אויסגעדרייט און אומגעקוקט צו איר. זי איז געזעסן ווי פריִער אפן סאמע ברעג נאָכהענגענדיקער ברעט מיט אראָפּגעלאָזטע פיס, איינגאנצן א באגילדעטע פון דער נידעריק-פארגייענדיקער זון. זי האָט געקוקט גלײַך אפ אים. זיי זײַנען אזוי אוועלע אָפּגעפאָרן, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט. נאָכדעם איז זי מיטאמאָל אופגעשטאנען און אָנהאלטנדיק זיך בא די דראבינעס איז זי מיט אונטערהויגנדיקע טריט אוועק גלײַך צו אים.

אפן סטעפּ האָבן זיך שוין געלאָשן די גאָלד-פלעקן. ס'האָט אָנגעהויבן טריפן מיט פרישער בלויקײַט און פון אַלע זײַטן האָט געטראָגן מיט רייכעס פון שארף-שמעקנדיקע סטעפּ-קוויטן, מיט היי און אָפּגעשניטענע טוועס און פון הינטער בארג האָט זיך געהערט א ווײַטע הודזשערײַ פון די טראקטערס, וואָס האָבן אפ דער קאָלעקטיווער ערד געהויבן דעם פריר-אקער.

זעלדע האָט זיך אויסגעדרייט אהין, פון וואנען עס האָט זיך דערטראָגן דער טומל. זי האָט זיך אומרויִק אײַנגעהערט, ווי עמעצער וואָלט זי גערופן פון דאָרט.

— זאָל זי דאָ כאָטש קיינער ניט באגעגענען.—האָט זי א טראכט געטאָן,—ווען ניט וועלן זיי שוין האָבן וואָס צו ריידן דאָרט...

שעפּטל האָט עפּעס אין איר באמערקט. ער האָט האסטיקער א ציי געטאָן די ווישקעס און די הארבע האָט אָנגעהויבן אונטערשפּרינגען איבער די בײַ-וועגיקע הרודעס און שטארק געקלונגען מיט די לויטערס און מיט דער ווילע.

— פאמעלעכער...—האָט זי אים אָנגעכאפּט פאר די הענט.—די קישקעס וועסטו ארויסטרייסלען. פאמעלעכער... שעפּטל...

די פערד האָבן זיך פארנומען אָן אזײַט, מיטן סטערניא. די הארבע איז געגאנגען גלאט. עס האָבן נאָר געשורשעט דאָס גראָז און די צוגעטריקנטע סטערניא צווישן די רעדער.

ווען זיי זײַנען שוין געווען קימאט ארופ בארג, האָט זי זיך צוגערוקט נעענטער צו אים.

— דו ווייסט,—האָט זי זיך אָפּגערופן,—אין קעמערל בא אונדז האָט מען גערעדט וועגן דיר...

— וועגן מיר... וואָס?—האָט ער זי אומרויִק אָנגעקוקט.

זי האָט מיטאמאָל א טראכט געטאָן, אז מע דארף אים ניט איבערדערציילן, אז ס'טויג ניט. נאָר זי האָט זיך שוין ניט געקענט אײַנהאלטן.

— וועגן דער ערד... מע וויל דיר אויסשנײַדן אנדערע ערד... אפן סאמע לעצטן הינטער דער באלקע, וויל מען דיר אויסשנײַדן...

— הינטער דער באלקע?—האָט ער צעטומלט איבערגעפרעגט,—הינטער וועלכער באלקע? איר האָט שוין שטארק פארדראָסן, וואָס זי האָט פארפירט א רייד וועגן דעם. זי האָט אים געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר אנטקעגן, אפן סאמע ארופ-בארג האָט זיך ארײַנגעשניטן א גרין-געפארבטע בריטשקע. די בריטשקע האָט פריילעך אונטערגעקלונגען מיט די רעסאָרן און האסטיק זיך אָנגעטראָגן אראָפּ בארג, אנטקעגן דער הארבע. זעלדע האָט זיך פארלאָרן ארומגעקוקט. הינטער די פּאָר ווײַסע פערד האָט זי באלד דערקענט סיניאקאָוון,

דעם עלטסטן אגראָנאָם פונ דער יאניסיליער מאשינ־טראקטער סטאנציע. ער איז איצט געווענ ניט ווי שטענדיק ארומגעוואקסנ. נאָר ווי געוויינלעכ פריילעכ. נעבנ אים איז געזעסנ נאָכ עמעצער. אנ אומבאקאנטער.

די ברישקע האָט מיט א קלינגעדיי זיכ דורכגעטראָגנ האסטיק פארביי דער הארבע, ווי זיי וואָלטנ דאָ קיינעם ניט באמערקט. נאָר מיט אמאָל האָבנ זיי זיכ פארהאלטנ, אויסגעדרייט די בריטשקע אפ צוריק אונ אָנגעיאָגט די הארבע.

— שטיי... האלט...—האָט ער א געשריי געטאָנ צו שעפטלענ.

שעפטל האָט פארהאלטנ די פערד.

— כאָדאָס דאכט זיכ...—האָט זיכ וואליעריאנ סיניאקאָוו אופגעהויבנ אונ אראָפ פונ דער בריטשקע. ער איז ווי שטענדיק געגאנגענ איג דער ווייסער בירקע אונ אינ הייכע שטיוול ארומגעקלעפט מיט בלאָטע.—וווהינ, א?..—איז ער צוגעגאנגענ נאָענט צו זעלדענ, ווי אפ דער הארבע וואָלט מער קיינער ניט געווענ.

זעלדע האָט זיכ פארלאָרנ, זי האָט אראָפגעשארט נידעריקער דאָס קליידל איבער די נאַקעטע פיס.

— אפנ סטעפ...—האָט זי זיכ אָפגערופנ עטוואָס רויטווערנדיק,—צו די טראקטערס...

— צו די טראקטעריסטנ אפ וועטשערע?.. האָט ער מיט די ווייסלעכע אויגנ א שמייכל געטאָנ צו איר אונ אָנגענומענ זי באמ האנט,—כ'בינ ערשט פונ דאָרט, ניטאָ וואָס צו פאָרנ אהינ, זיי ענדיקנ שוינ... קומ,—האָט ער זי א צי געטאָנ פארנ האנט,—קריכ אראָפ... כ'פיר דאָ א קינאָ... קומ מירנ דיר נעמענ אפ דער בריטשקע...

— א קינאָ...—האָט זי זיכ אומגעקוקט.—נו פאָרט, כ'באלד קומענ... כ'ל קומענ מיט די כעוורע...

סיניאקאָוו איז אוועלע געשטאנענ, ניט אראָפגענומענ די אויגנ פונ זעלדענ.

— פארוואָס האָב איכ זיכ מיט איר פריער ניט פארנומענ,—האָט ער מיט פארדראָס א טראכט געטאָנ,—אזא מויד...

ער האָט אָפגעלאָזט איר האנט אונ האָט זיכ אויסגעדרייט צו שעפטלענ.

— אינ קאָלווירט צו אונדז גייסטו ניט,—האָט ער אים אָפגעווייגנ פונ קאָפ ביז די פיס,—אונ צו אינדזערע מיידלעכ קריכסטו דאפקע יאָ...

— אינ קאָלווירט...—האָט שעפטל א בורטשע געטאָנ.—דערווייל דארפ מענ אראָפפירנ דאָס ברויט... די פערד פארהאלט איר מיכ...

— נו,—האָט סיניאקאָוו א ווונק געטאָנ זעלדענ,—קריכ אראָפ, קומ, דו פארהאלטסט אים,—ער האָט זי ווידער אָנגענומענ פאר דער האנט אונ א שלעפ געטאָנ,—קומ, וועסט אונדז העלפנ איינשטעלנ דעם אפאראט.

בא זעלדענ האָט זיכ עטוואָס פארקאשערט די קלייד אונ עס האָבנ זיכ אנטבלויזט די נאקעטע פיס, וואָס זיינענ אראָפגעהאנגענ פונ די לויטער. זי האָט זיכ פארלאָרנ, ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ אונ אראָפ פונ דער הארבע.

סיניאקאָוו האָט זי ארופגעזעצט אפ דער בריטשקע, צווישנ זיכ אונ דעם מעכאניקער אונ מיט א קלינגערייַ, ווי מיט א געלעכטער זיכ אוועקגעטראָגנ אראָפ בארג.

שעפטל איז א ווײַלע געבליבנ שטיינ מיט די פערד אינ מיטנ וועג. נאָכגעקוקט די בריטשקע. ער האָט געזענ נאָר זיירע פלייצעס. אינ דער סאמע מיט האָט זיכ געבלויט זעלדעס קאָפטע, ער האָט עפעס שלעכט א טראכט געטאָנ וועגנ איר אונ דערפילט פונ דעם א פארביסענעם פארגעניגנ.

— זי וועט שוין ווערן בא מיר,—האָט ער אונטערגעבורטשעט.—אַלעווײַ מאַכן זײַ פֿון איר דאָרט א לײַט אַפּן וועג... זאָל זי האָבן צוגעדענקען...

די בריטשקע האָט זיך געטראָגן האַסטיק און זיך הויך אונטערגעוויגט אַפּ די רעסאָרן. זעלדע איז שטאַרק ענג געזעסן צווישן סיניאַקאָוון און דעם אומבאַקאַנטן מעכאַניקער. זי האָט זיך געוואָלט אויסדרייען, א קוק טאָן, ווו איז שעפּטל מיט דער האַרבע, נאָר פֿון ענגשאַפט האָט זי זיך ניט געקאָנט אַפּילע א ריר טאָן. זי האָט געפֿילט אַפּ זיך סיניאַקאָווס בליק און ס'איז איר ניט אָנגענעם געווען פֿון דעם, ווי ער וואָלט זי אויסגעטאָן באַקעט. נאָכדעם האָט זי פֿון הינטן דערפֿילט אַפּ זיך סיניאַקאָווס האַנט, זי האָט געוואָלט אַראָפּנעמען, נאָר ניט געקענט. אַזוי ענג איז געווען.

— נאָך וואָס האָב איך זיך אומגעקערט מיט זײ,—האָט זי מיט פֿאַרדראָס געטראַכט,— ניט געראַפּט אַראָפּ פֿון דער האַרבע און פֿאַרטיק...

שעפּטל האָט פֿאַרקירעוועט אַפּ זײַן ווייצן־פֿעלד און צוגעפֿאָרן צו די קאָפּיצעס. ער איז געווען אופּגערעגט און ניט באַמערקט אַליין, ווי ער האָט מיט דער ווילע פֿאַרכאַפּט האַלבע קאָפּיצעס, פֿאַרהויבן אין דער הויך איבערן קאָפּ און אַרײַנגעשלײַדערט איבער די לייטערס. נאָך יעדער קאָפּיצע איז ער אַרופּגעקראָכן אַפּ דער האַרבע און אײַנגעטאָפּטשעט און נאָכדעם ווידער צוגעפֿאָרן צו א נײַער. ער האָט אַזוי איינגער אַליין, באַגיסנדיק זיך מיט שווייס, קאַם אָנגעלייגט ניט קיין הויכע האַרבע און פֿאַרנומען זיך צוריק, צום כוטער.

ס'איז שוין געווען גוט טונקל, אַפּן סטעפּ האָבן שטאַרק געגרילצט די היישעריקן און ווײַטער אַראָפּ, פֿאַר די קליינע שימערירנדיקע פֿײַערלעך פֿונעם כוטער האָבן אין סטאַוואָק, צווישן דעם אָטשערעט, אומרויִק געקוואַקעט די פֿראָשן.

שעפּטל האָט געלאָזט גיין די פֿערד פּאַמעלעך. די האַרבע איז געגאַנגען טראָט בא טראָט און זיך אונטערגעוויגט.

אין דער הויך פֿון דער האַרבע האָט אַרויסגעשטאַרצט אַן אויסגעקרימטע ווילע, דאָרט, נעבן דער ווילע, איז אַפּ די זאַנגען געלעגן אַראָפּ מיטן בויך שעפּטל קאַביליעצ, ער האָט געקוקט אַראָפּ אַפּ ווײַסלעכן וועג, וואָס האָט זיך שטיל געצויגן צום אָוונטיקן כוטער, געפֿילט, אַז עפּעס קאַראַבעט און מאַטערט אים.

— כ'האָב זי אין דר'ערד,—האָט ער זיך געפּרווט אײַנריידן,—כ'דאַרף זי דאָ נויטיק, זי מיינט טאַקע... אַז וואָס האָט זי,—ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק און אופּ־געלעבט,—אַז אַלץ, וואָס זײַ האָבן געהאַט, סײַ די בהיימע, סײַ דעם פֿערד האָבן זײַ אַהין אַרײַנגעפּערעט, איצט איז זי געקומען, איצט...

— וואָס טויג זי אים, אַז די גאַנצע צײַט טרוימט ער אַרײַנצונעמען צו זיך אין הויף, אין שטוב אַרײַן א ווײַב, וואָס וועט אים פֿרײלעכער מאַכן די באַלעבאַטישקײַט, וואָס וועט אים פֿולער מאַכן דעם הויף, די שטאַל, די קלוניע. ער האָט געטרוימט וועגן א ווײַב, וואָס וועט ברענגען מיט זיך א בהיימע, נאָך א פּאָר דעסיאַטינעס ערד, הינער, קאַטשקעס, עטלעכע ענדיקעס, אויסגענייטע רעדנעס, א פּעלץ און וואָליקעס און א ביסל ברויט אַפּ א שלעכט יאָר... און וואָס האָט זי... זאָל ער זי, הייסט עס, אַרײַננעמען צו זיך אין שטוב אָט אַזוי, ווי זי גייט און שטייט און נאָכדעם זאָל ער א גאַנץ לעבן האָרעווען אַפּ איר, האָרעווען און אָנטאָן זי... ווי לאַנג וועט זי נאָך וואַרטן בא מיר,—האָט שעפּטל זיך ביז ווייטיק א קראַץ געטאָן,—זאָל זי דאָרטן כאַסענע האָבן, זי איז דאָך אַנטלאָפֿן מיט אים, ווי א ציגל,—האָט זיך אין אים צעבוישעט דאָס בלוט פֿאַר סינע און ער האָט געפֿילט, אַז ס'טוט אים ערגעץ ווײ אונטערן האַרצן, און ס'ציט אים גיכער אָנקומען אין כוטער.

— נישקאָשע, ער וועט זי פּאקן דאָרט, זי וועט אים האָבן צוגעדענקען...

ער האָט זיך מיט דער הארבע פאמעלעך ארופגעהייבן אפ דער הערבלע. די הארבע האָט זיך אונטערגעוויגט און אָפּגעשפּיגלט זיך מיט די זאנגען, מיט דער קרומער ווילע אינעם סטאווק. פון ברעג־כוטער קאָנטיק פון קאָלווירט-הויף האָט זיך דערטראָגן א טומל. אלע ווײַלע האָט זיך דערטראָגן א געלעכטער, א קוויטשערײַ פון מיידלעך, און ער האָט פון דער הויך פון דער הארבע באמערקט, ווי דאָרט, אפ דער וואנט פון דער געוועזענער יאנקעוו אָקסמאנס שטוב ווערט אָט ליכטיקער, אָט פינצטערער, ווי מ'וואָלט דאָרט עפעס אָנגעצונדן. אָדער ווי ס'וואָלט שטארק לײַכטן אפ דער וואנט מיט עפעס.

— זי איז שוין מיסטאָמע דאָרטן,—האָט אים ארויסגעשלאָגן א שווייס. אים האָט זיך אפילע געדוכט, אז ער האָט פון דערווײַטנס דערקאָנט איר געלעכטער, און ער האָט האסטיק פארקירעוועט די הארבע אינעם טונקעלן כוטער, פארטשעפענדיק מיט די לויטער אן אָפּגעדארטע צווײַג פון אן אקאציע-בוים.

## קינאָ

צוביסלעך, אומגעריכט איז דער הימל פון אלע זײַטן פארלאָפן מיט וואָלקנס און ארא̈פּגעלאָזט זיך נידעריק איבערן כוטער, אָנשפארנדיק זיך אָן די טשערעטענע און שטרויענע סטרעכעס און אָן די פײַכטלעכע שפּיץ-ביימער פון די פּאליסאדניקעס. די טונקלקייט האָט אָנגעפּויזעט פון סטעפּ און ארומגענומען פון אלע זײַטן דעם כוטער מיט די קארטאָפל-גערטנער, דעם הילן סטאווק, די קאנאוועס, די זאהאטעס און אָנגעטראָגן א סומנעקײַט. דער גאנצער כוטער איז געלעגן אויסגעלאָשן שטיל־פארטײַעט.

נאָר אפן סאמע עק גאס נעבן דער ווינט-מיל האָט זיך דערטראָגן א טומל.

דער געוועזענער יאנקעוו אָקסמאנס הויף איז געווען מיט כוטעראנצעס. מע האָט זיך מידע נאָך דער ארבעט ארומגעדרייט איבערן הויף, בא דער שטאל, לעבן טויער, געקליבן זיך קופּקעסווײַז בא דער פריזבע, אין פּאָליסאדניק, בא דער קלוניע, הינטער די סטער-טעס שטרוי, געשריִען, געלאכט און הויך איבערגערופן זיך.

אין מיטן הויף האָט דער אראָפּגעקומענער יונגער מעכאניקער אפ א באנק אײַנגע־שטעלט און צוגעפעסטיקט דעם מאָטאָר. די קינדער האָבן זיך געקליבן ארום אים, זיך געשטופּט און יעדער האָט אים געוואָלט העלפן, דערלאנגען עפעס.

איבערן הויף האָט זיך אין די גרויסע יוכטאָווע שטיוול א פארטראָגענער ארומגעדרייט מײַער וואלקינד. ער האָט ניט געוווּסט איצט וואָס פריִער צו טאָן, צי ארויספּאָרן אפן סטעפּ א קוק טאָן, ווי האלט עס דאָרט מיטן פריר-אקער, אָדער עפּשער פארכאפן מיט זיך עטלעכע מענטשן אפן הארמאן צודעקן דעם ברויט. ס'הויבט דאכט זיך ווידער זיך כמארען אפ א רעגן.

— וואָס האָט ער אראָפּגעבראכט אינמיטן דערינען א קינאָ אפן קאָפּ, איז ער געווען אופ־געבראכט אפ וואלעריאן סיניאקאָוון...—ווער דארף דאָס איצט, געפונען א צײַט פאר קינאָ...

ער האָט געזוכט יודלען, געוואָלט זיך מיט אים מעיאשעוו זײַן, ווער ווייס, ס'איז דאכט זיך, פאכאָזשע אפ א רעגן, ער ווייס אליין ניט וואָס צו טאָן.

מיט אמאָל האָט ער אין הויף דערזען מאניען. זי האָט זיך איינע אליין ארומגעדרייט אין דער אויסגעפּרעסטער ווײַסער קלייד, ארומגעקוקט זיך אין אלע זײַטן, ווי זי וואָלט עמעצן געזוכט.

— מאניע...—האָט ער זי ארופ געטאָן.

ער איז געווען צופרידן, וואָס זי איז געקומען אהער, צו דער קינאָ. זאָל זי דאָ זיצן.

פאַרבראַנגעט מיט אַלעמען וועט זי אים כאָטש הײַנט ניט יאָדען, אויב ער וועט מוזן ביז שפּעט באַנאַכט פאַרהאַלטן זיך אַפן סטעפּ.

— מאַניע...—האָט ער ווידער אַרופגעטאָג, און האָט זיך אַ מידער געלאָזט צו איר. נאָר זי האָט זיך ניט אומגעקוקט, ווי זי וואָלט ניט געהערט און קאָנטיק געזוכט עמעצן.

— זי איז שוין מיסטאָמע אין קאַעס,—האָט ער מיט פאַרדראָס אַ טראַכט געטאָן און זי אָנגעיאָגט.

— גוט וואָס דו ביסט געקומען, מאַניע,—האָט ער זי אַרומגענומען,—ס'וועט דאָ באַלד זײַן קינאָ... אַ גוטע קאַרטינע האָט מען געבראַכט... קום, וועסט זיך זעצן.

זי האָט אים קאַלט און פרעמד אָנגעקוקט מיט עפּעס בייזע אויגן און זיך אָפּגעקערט.

— אויך מיר קינאָ... קענסט אַליין קוקן!...

— וואָס ווילסטו?...—האָט וואַלקינד ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן,—אָט זײַנען דאָך אַלע געקומען... אָט זיצן דאָך מענטשן...

— וואָס גלײַכסטע מיר צו אַלע,—איז זי אין קאַעס געוואָרן און בייז אַ פירגעטאָן מיט די פּלייצעס, ווי ער וואָלט זי באַליידיקט ביז בלוט.

וואַלקינד איז געבליבן שטיין און האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. ער האָט געפילט, אַז ער ווערט אויפגערעגט, נאָר ער האָט זיך געסטאַרעט אײַנהאַלטן. ווען ניט וועט זיך ווידער פאַרפירן אַ קריג, וואָס ער קען דאָס שוין ניט פאַרלײַדן.

— נו, איז וואָס ווילסטו... אַז איך ווייס ניט וואָס דו ווילסט, קום...—האָט ער זי אָנגענומען בײַ דער האַנט,—איך בין שרעקלעך מיד און מוז נאָך צופאָרן אַפן סטעפּ... וואָס וועסטו טאָן אין שטוב... קום, מאַניע, כ'וויל דיר דאָרט אווקזעצן,—האָט ער אָנגעוויזן אַף דער קופּע שטרוי, וווּ ס'זײַנען געזעסן כוטעראַנצעס, ווײַבלעך און קינדער.

מאַניע האָט אַף אים בייז אַ קוק געטאָן, ווי זי וואָלט זיך אים געקליבן אויסזידלען איבערן גאַנצן הויף. נאָר זי האָט באַלד פון דערווײַטן קאָנטיק עמעצן באַמערקט. יאָ, ס'איז ער, סיניאַקאָוו, און זי איז מיטאַמאָל פריילעכער געוואָרן.—וואָס ווילסטו פון מיר?—האָט זי זיך אָנגעבלאָזן,—כ'ל'גיין אַהיים, כ'האָב דאָ ניט וואָס צו טאָן. זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און זיך ווידער אָפּגערופן,—נו, אויב דו ווילסט, ס'טראָג מיר אַרויס אַ בענקל.

— אַ בענקל?..—האָט ער איבערגעכאַזערט ניכער פאַר אַלץ פאַר אויפרעגונג,—אַלע זיצן דאָך אַף די שטרוי, זעסט דאָך... עס זיצן דאָך מענטשן... ס'פּאַסט ניט, מ'וועט נאָכדעם איבעררײדן...

— אַף די שטרוי וועל איך ניט זיצן!—האָט זי אים איבערגעשלאָגן,—ווייער שיין, אַף די שטרוי וויל ער מיר אַוועקזעצן...

אַרום האָבן זיך געדרייט כוטעראַנצעס. וואָלקינדן האָט זיך געדוכט, אַז זיי הערן זי אונטער און ס'האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ פאַרביסענע סינע צו איר, צו אירע גענג. ער האָט ניט געקענט באַנעמען פון וואַנען נעמט זיך צו אַ מענטשן אַזוי פיל האַזע, ס'טוט גאָרניט, עסט און טרינקט, ווערט צוזעצט און איז נאָך ניט צופרידן. ער האָט געפילט, אַז ער קען זיך מער ניט אײַנהאַלטן און פאַרשטיקט אַ בורטשע געטאָן.

— טו ווי דו ווילסט זיך... חילסטו זעצ זיך, ווילסטו שטיי!—און ער האָט זיך געלאָזט גיך אין די שווערע שטיוול איבערן טומלדיקן הויף.

איבער דעם פאַנאַנדערגעוואָרפענעם הויף, האָבן זיך די כוטעראַנצעס אַרומגעדרייט, ווי אַף אַ כאַסענע. די קינדער זײַנען געלאָפן הין און צוריק פון די סקירדעס, געשלעפּט קופּעס שטרוי אַהין, אַנטקעגן דער וואַנט, וווּ ס'וועט זיך ווײַזן באַלד די קינאָ. לויפנדיק,

האָבן זיי מער שטרוי איבערן הויפ פארשאָטן, געשריִען איינע צו די אנדערע, געהירזשעט ווי יונגע לאָשעקעס, געשפרונגען און געוואָלט אריבעריאָגן איינער דעם צווייטן.

טיפ דאָרט אינ הויפ, צווישן די סטערטעס שטרוי, האָבן זיך געקליבן יאטן מיט די מיידלעך. זיי זײַנען געווען ארומגעוואשענע און ריין־איבערגעטאָנענע, ווי אפ א יאָנטעוו. די יאטן האָבן זיך געשטופט אינ די מיידלעך האָבן געקווישעט און געלאכט, ווי מ'וואָלט זיי געקניפט אָדער געקיצלט, דער טומל אינ הויפ האָט זיך צונויפגעמישט און אוועקגע־טראָגן ווײַט, ווײַט איבער די פינצטערע גערטנער.

מיטאמאָל איז געוואָרן שטיל.

אפ דער אויסגעקרימטער נידעריקער וואנט איז געפאלן א ווײַסער ליכט־פאס, וואָס האָט העל שעמערירט. דער ליכטיִקער פאס האָט פארטשעפעט די סטרעכע, ווי ער וואָלט זי אונטערגעצונדן.

— קינאָ!...—האָט זיך דערטראָגן א געשריי און א פאטשערײַ.

— קינאָ...

אלע האָבן זיך געלאָזט לויפן. ווי יעדערער וואָלט געוואָלט פארכאפן א בעסערן אָרט.

פונ פאָרנט, בא דער סאמע וואנט, האָבן זיך מיט א קוויטשערײַ אויסגעזעצט די קינ־דער, ווײַטער א ביסל האָבן אפ די אונ־ערגעבעטע שטרוי זיך אויסגעצויגן מיט די בײַכער אראָפ די כוטעראנצעס, אויסגלײַכענדיק די פארהאָרעוועטע קערפערס. אפ דער וואנט איז אלע ווײַלע געוואָרן ליכטיק און ווידער פינצטער. דער מעכאניקער האָט דאָרט עפעס געדרייט און איבער די אונטערגעבעטע שטרוי האָט זיך געטראָגן א טומל.

— די וואָראָנע־באלקע האָט מען שוינ פארענדיקט, א, קאלמענ?...—האָט עמעצער געשריִען.

— וואָווקע... וואָווקע, ווו ביסטו דאָרט...

— דער זשערעבעצ האָט זיך, דאכט זיך, ארויסגעריסן...

— קום נעענטער, גיכער קום אהער..

— פאמעיעהער, די האנט!...

ווילינאָוו האָט באמערקט ניט ווײַט כעמע טראסקינס יונג־ווײַבל און זי ארופגעטאָן.

— וואָסי,—איז זי צוגעגאנגען.

— לייג זיך,—האָט ער זיך עשוואָס אופגעהייבן,—זעצ זיך, וועט זײַן ווארעמער...

— זי האָט זיך צעלאכט, א שטופ אָפגעגעבן אים מיטן פוס, פארהויבן א ביסל די קלייד און אוועקגעזעצט זיך דערבײַ, אפ די שטרוי.

מאניע האָט זיך אנ אָנגעברויגעזטע אלצ ארומגעדרייט פונ דער ווײַטן, זי האָט שוינ געוואָלט אוועקגיין, נאָר מיט אמאָל איז געוואָרג ליכטיק אפ דער וואנט און זי האָט נעבן דער שמוב-טיר דערזען וואלעריאנ סיניאקאָוון. פונ אופרעגונג האָט זי זיך ניט אײַנגע־האלטן און גלײַך מיט גיכע טריט צוגעגאנגען צו אים.

— דו ביסט גאָר דאָ...—האָט זי אים אָנגעכאפט פארן האנט,—וואליע...

סיניאקאָוו איז געווען צעטומלט פונ עפעז און ער האָט זי קאלט באגעגנט.

— דו ביסט גאָר דאָ,—האָט זי איבערגעכאזערט, קוקנדיק אים גלײַך אינ די אויגנ.

— און וואלקינד איז אוועקגעפאָרן אפן סטעפ...—האָט זי א שמייכל געטאָן.

— אפן סטעפ,—האָט ער איבערגעפרעגט, קימאט ניט הערנדיק.

— מהם... דו בלײַבסט דאָ?—האָט זי אים א צי געטאָן פארן האנט,—ס'אזא פינצטער־ניש, וועסט מיך. עפשער אונטערפירן, וואליע...

— ס'גייט בא מיר איצט א זיצונג,—האָט ער זיך פארענטפערט.—אָט באלד הייבט זיך אָנ... איצט קענ איך ניט... כ'ל שפעטער א ווײַלע אונטערקומענ, וועסטווארטנ?...

—גיי... איך בינ ברויגעז,—האָט זי ארויסגעשלעפט די האנט,—זאָלסט בעסער ניט קומענ...—אונ ניט אומקוקנדיק זיך געלאָזט פונ הויפ, מיט דער פינצטערער גאס, צו זיך א היים.

— ער וועט שוינ האָבנ בא מיר,—האָט זי זיך געקאָכט אפ וואלקינדנ,—ער וועט שוינ בא מיר געכטיקנ אפנ גאס. פארשלעפט מיך אינ דעמ פינצטערנ הלוש... אינ שטאָט האָט ער זיך ניט געקענט אײַנאָרדענענ, אבי ער איז אינ פארטיי... אזא גאָרניט...

זי האָט זיך געסטארעט ניט טראַכטנ וועגנ סיניאקאָוונ, דאָך האָט זי זיך אויסגעדרייט אפ צוריק, א קוק געטאָנ עפשער דעריאָגט ער זי.

נאָר קיינער האָט זיך אינ דער פינצטערניש ניט געזענ אונ אינ הויפ דאָרט, אפנ עק גאס, האָט מער, ווי פריער שעמערירט אונ געפינקלט דער ווײַסער ליכט-פאס. דער מע-כאניקער האָט שוינ געהאט אלצ אײַנגערעגולירט אונ גרייט געווענ צולאָזנ דאָס בילד.

— נו, ווער וועט דרייענ דעמ מאָטאָר,—האָט ער הויך איבערנ גאנצנ הויפ זיך אָפגערופנ.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

— ווייסטו וואָס, גיב מיר,—האָט סלאָבאָדיאנ זיך אופגעשטעלט. ער איז צוגעגאנגענ צו דער באנק, צו וועלכער ס'איז צוגעשרויפט געווענ דער מאָטאָר, וואָס האָט געדאפט געבנ עלעקטרישע שײַנ פארנ קינאָ-אפאראט. מיט דער פוס האָט ער זיך אָנגעשפארט אָנ דער באנק, זי זאָל זיך ניט רוקנ פונ אָרט, אונ אָנגעהויבנ דרייענ די הענטל פונעמ מאָטאָר.

דער מאָטאָר האָט אָנגעהויבנ הרודשענ אונ אפנ וואנט איז גלײַך שטארק ליכטיק גע-וואָרנ. נאָכדעמ איז דאָרט פלוצלינג אויסגעוואקסנ א וויגנדיקער ווייצ-פעלד, מיט געדיכטע הויכע, שווערע זאנגענ...

ארומ האָט זיך אופגעהויבנ א טומל. די קינדער האָבנ זיך א וואָרפ געגעבנ נענטער צו דער וואנט. געפרווט מיט די הענט אָנכאפנ די וויגנדיקע זאנגענ. געשריענ אונ געלאכט, באלד האָט זיך צווישנ דעמ וויגנדיקנ ווייצ-פעלד ארײַנגעשניטנ א ברייטע זאמדיקע וועג. איבער דער וועג האָט זיך אנטקעגנ געטראָגנ א וואָגנ. די פערד האָבנ זיך געיאָגט אינ גאלאָפ, ווי זיי וואָלטנ וועלנ אנטלויפנ פונ דער וואנט. זיי האָבנ זיך געטראָגנ גלײַך אהער, אפ די קינדער, אפ די כוטעראנצעס...

— אוי. זיי יאָגנ אפ אונדז!...—האָבנ די כעווריע אופגעהויבנ א געשריי.

— רוק זיך אָפ, רוק זיך אָפ, זיי וועלנ דיך איבערפאָרנ...—האָבנ זיי געלאכט.

— זע ס'ארא פערד...

— ווי אונדזער גניאדע!...

— ס'ארא קאָפּיטעס...

— פררר... פררר... האָבנ די כעווריע געשריענ.

— שא... לאָזט הערנ.—האָט כארטנער זיך געבייזערט אפ די קינדער,—ווער פאָרט עס...

נאָר דער טומל איז אלצ געוואקסנ אונ האָט זיך פאנאנדערגעטראָגנ ארומ איבער די טונקעלע פאָליסאדניקעס, איבער די גערטנער אונ זיך אָנגעקלאפט אָנ שעפטל קאָב-לעצעס פינצטערנ הויפ.

שעפטל האָט זיך ארומגעדרייט בא זיך איבערנ הויפ, אינ דער שטאל, ארומ טאָק, געהערט פונ דער ווײַטנ דעמ טומל, וואָס האָט זיך געטראָגנ פונעמ עק כוטער אונ זיך ניט געקאָנט געפינענ קיינ אָרט.

ער האָט פארמישט די פערד, ארומגעוואשנ זיכ, פארדרייט א מאכאָרקע־ציגאר אונ א באַרוועסער האָט ער זיכ געלאָזט איבערנ גאס. ארומ איז געווענ שטארק פינצטער, עס האָבנ עטוואָס אונטערגערוישט די שווארצע פּאָליסאדניקעס אונ אפנ צווייטנ ברעג כוטער האָט הייזעריק אונטערגעסקריפּעט א קאָלאָוואָראָד פונ א ברונעמ.

שעפּטל איז ברייט געגאנגענ, עטוואָס אונטערוויגנדיק זיכ, אונטערגעפּײַפט צו זיכ אליינ, ווי ער וואָלט זיכ וועלנ פרייִלעכער מאכנ מיט דעמ.

אנטקעגנ, אפנ סאמע עק כוטער האָט ער מיטאמאָל באמערקט די שימערירנדיקע ווײַסע ליכט־פּאסנ, ס'איז אימ עפּעס פונ דעמ שווער געוואָרנ אפנ הארצנ אונ ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט. ער איז אזוי אווײַלע געשטאנענ אינ דער מיט פונ דער פינצטערער גאס, אונ ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ. נאָכדעמ האָט ער אויסגעשפּיגנ אונ זיכ געלאָזט גײנ ווײַטער.

— כ'האָב זי אינ דר'ערד, איכ גיי ניט צו איר... האָט ער אינ זיכ געבורטשעט,—זי מיינט טאקע...

מיטאמאָל האָט ער באמערקט, אז די ווײַסע ליכט־פּאסנ האָבנ זיכ אויסגעלאָשנ, דאָרט איז פינצטער געוואָרנ אונ ער האָט אומרויִק גיכער זיכ געלאָזט גײנ, ווי ער וואָלט מוירע געהאט, אז דאָרט האָט זיכ שוינ אלצ געענדיקט, אָט וועלנ זיכ אלע צוגײנ אונ ער וועט זי ניט טרעפנ...

אפנ קאָלווירט־הויפ האָט זיכ אופגעהויבנ א טומל, מע האָט געשריענ, געמאכט מיט די הענט אונ געזידלט סלאָבאָדיאנענ, וואָס האָט מיטאמאָל אופגעהערט צו דרייענ דעמ מאָטאָר. נאָר סלאָבאָדיאנ האָט מער ניט געדרייט. ער האָט זיכ אויסגעצויגנ גלײַכ מיט אלעמענ אפ די שטרוי.

— גענוג.—האָט ער א בורטשע געטאָנ, ווי אימ וואָלט פארדראָסנ וואָס ער האָט ביז איצט געדרייט פאר אלעמענ דעמ מאָטאָר,—גענוג, איכ האָב מײַנ כיילעק אָפּ־געדרייט...

זע נאָר, דריי נאָכ אביסל...—האָבנ די קינדער זיכ געבעטנ.

— האָסט דאָכ איבערגעריסנ אינ סאמע מיט...

— כאכאָמימ, האָט סלאָבאָדיאנ זיכ אײַנגעמאָסטעט אפ די שטרוי.—איכ'ל דרייענ אונ זיי וועלנ קוקנ... גענוג... דרייט איר איצט...

— זע, קוק אימ נאָר אָנ...

— שא־א, זאָל יעדערער דרייענ אפ זײַנ כיילעק,—האָט זיכ עלקאָנע אָפּגערופנ.

— נו, ווער וועט דרייענ,—איז דער מעכאניקער געוואָרנ אופגערעגט.

— זאָל דרייענ דרויאנ,—האָט סלאָבאָדיאנ זיכ אופגעהויבנ פונ פארדראָס, ווי מ'וואָלט אימ פריִער אָפּגענארט,—אז ער מעג דרייענ... נישקאָשע, ער האָט ארויפגעבראכט אהער אפ אומזיסטע די גאנצע מישפּאָכע... גיב נאָר א קוק, זיכ צוזעצט מיט די זיבנ מוידנ מיט א האלבע טוצ זינ, מיט א באָבע, מיט א זיידנ, מיט דער ווײַב... א נעס, וואָס ער האָט דער עלטער באָבענ ניט ארויפגעבראכט... נישקאָשע, אפ זײַנ כיילעק אליינ קענ סטײַענ דרייענ ביז אינדערפרי.

— שא, זאָל זײַנ גענוג צו כאָכמענענ זיכ, דער אפּאראט וועט ניט ווארטנ,—אונ עט־לעכע כוטעראנצעס האָבנ זיכ געלאָזט צומ מאָטאָר.

ס'האָט גלײַכ אָנגעהויבנ הודזענ אונ אפנ וואנט איז ווידער ליכטיק געוואָרנ.

שעפּטל האָט פארשמעלערט די טריט, ער האָט זיכ פארנומענ אָנ א זײַט מיט דער סטעזשקע, נאָכדעמ מיט די פּאָליסאדניקעס. ער האָט זיכ פּאמעלעכ דורכגעקליבנ דורכ די

קוסטעס, קעדיי מע זאָל אים ניט באמערקנ אונ געבליבנ שטיינ הינטער דער אקאציע־בוים, וואָס איז געוואָקסנ באם זײַט הויפ.

קיינער האָט אים ניט באמערקט.

אלע האָבנ זיכ געצויגנ צו דער וואנט, איבער וועלכער ס'האָבנ זיכ געהוידעט שווערע טראקטערנ איינע נאָכ די אנדערע. אלצ גרעסערע אונ גרעסערע, אָנ א סאָפ טראקטערס, זיי האָבנ געשלעפט נאָכ זיכ בלאנקענדיקע אקערס. די אקערס האָבנ טיפ אופגעריסנ איינ מעזשע נאָכ דער אנדערער, איינע נאָכ דער אנדערער, מיטנ בוריאנ, מיטנ פאָלינ אונ שטעכלקעס.

שעפטל האָט ניט געקוקט אפנ וואנט. ער איז ארומגעלאָפנ מיט די צעטומלטע אויגנ אי־בער די כוטעראנצעס אונ געוואָלט דערקאָנענ עמעצנ צווישנ די מיידלעכ. ניינ, ער האָט ניט געזוכט זעלדענ, ווי לאנג וועט זי ווארטנ. ער האָט נאָר געוואָלט זענ צי ער, סי־ניאקאָוו איז דאָ.

סיניאקאָוו האָט זיכ ניט געזענ. פונ דעם איז שעפטלענ שווער געוואָרנ אפנ הארצנ אונ ער האָט זיכ שטארקער אָנגעשפארט אָנ דער אלטער, פארדארטער בוים.

— כ'האָב זי אינ דר'ערד... האָט ער מיט די נעגל געסקראָבעט די קאָרע,—כ'דארפ זי... ער האָט זיכ מיטאמאָל דערמאָנט אָנ עלקע רודנער אונ ס'האָט אים ארומגעכאפט א טיפע נאָגנדיקע בענקשאפט נאָכ איר.

אפנ וואנט האָט אלצ שעמערירט. די טראקטערס האָבנ אָנ אופהער געהודעט אונ נאָכגעשלעפט נאָכ זיכ די טיפע בלאנקענדיקע אקערס. אונ די אקערס האָבנ זיכ ארײַנ־געשניטנ אינ די אלטע פארוואָקסענע מעזשעס, אופגעריסנ זיי אונ שטיקערווײַס אָפגעוואָרפנ די שווארצ-ערד אָנ א זײַט, שיר ניט פארשיטנדיק די קינדער, וואָס זײַנענ געזעסנ בא דער וואנט אונ געטומלט.

מיט אמאָל איז געוואָרנ רויִקער. אלע האָבנ זיכ ארוק געטאָנ נענטער.

אנטקעגנ אפנ מיט פונ א פארוואקסענער מעזשע צווישנ בודזיאק אונ פארדארטע שטעכלקעס איז געשטאנענ אנ ארומגעוואָקסענער פויער, א באָרוועסער, אינ ארומגעריסענע קירצלעכע הויזנ, מיט אנ ארויסגעלאָזטער העמד. ער איז געשטאנענ מיט צעשפרייטע פיס אפ זײַנ מעזשע, ווי ער וואָלט אײַנגעוואקסנ אינ איר אונ מיט אנ אויסגעקרימטנ פאָנעם פונ ווייטאָק, געשריענ אנטקעגנ דעם טראקטער, וואָס האָט זיכ גערוקט אפ אים.

— אוי, ער וועט אים אריבערפאָרנ!...

אוי.. אוי!..—האָבנ זיכ די קינדער ארומגעכאפט איינע אָנ די אנדערע.

— שא, רויִקער!..

דער טראקטער האָט זיכ אלצ געוויגט אנטקעגנ דעם ארומגעריסענעם, פארוואקסענעמ פויער, ער איז שוינ געווענ גאָר נאָענט, נאָכדעמ האָט ער זיכ אביסל פארהאלטנ אונ געפרווט נעמענ עטוואָס אָנ א זײַט. נאָר דער פויער האָט מיט פארגלאָנצטע אויגנ, א פאר־סאָפעטער, מיט א האלב-ארויסגעשטעקטנ צונג זיכ אוואָרפ געטאָנ אהינ, אויסגעצויגנ זיכ מיטנ גאנצנ קערפער אפ דער מעזשע, ארומגעכאפט זי מיט ציטערדיקע הענט, אײַנקריצנ־דיק זיכ מיט די גרויסע נעגל אינ דער ערד.

— זע... פונקט, ווי שעפטל,—האָט אימעצער אויסגעשריענ.

— טאקע שעפטל!—האָבנ איניקע אויסגעשאָסנ א געלעכטער.

— שעפטל, ווו איז ער...

— שעפטל!... דער געלעכטער איז געוואָרנ אלצ שטארקער און שטארקער, ארומגע־כאפט די כוטעראנצעס, די ווײַבער, די מײדלעכ און די קינדער.

דער פויער איז א באָרוועסער מיט די ארומגעריסענע הויזנ געלעגנ אפ דער פאר־וואָקסענער מעזשע, מיט פארגלאָנצטע אויגנ, מיט שרעק געקוקט אנטקעגנ אפנ טראקטער, וואָס וועט אימ אָט, אָט אריבערפאָרנ... נאָר מיט אמאָל האָט דער טראקטער פארקערעוועט אפ צוריק, זיכ אוועקגעהוידעט, און אפנ וואנט, פארכאפנדיק א שטיק סטרעכע, האָט זיכ מיט אמאָל געעפנט א ברײט פעלד. זי האָט זיכ א גרינע, א פיל אָנגעגאָסענע אונטער־געהיגט און ווײַס, ווײַט ביזנ בלויענ האָריזאָנט גערוישט מיט די זאנגענ. בא דער זײַט איז אפ דערוועלבער פארוואָקסענער מעזשע געלעגנ דער ארומגעריסענער פויער מיט אײַנגעגראָבענע נעגל אינ דער ערד.

— פונקט שעפטל, מיט די ביינער..

— מע האָט אימ געדארפט שיקנ רופנ, זאָל ער אָנקוקנ...

שעפטל איז געשטאנענ אונטער דער אָפגעדארטער אקאציע און זיכ קײנ ריר ניט גע־טאָנ. מיט אמאָל האָט ער ניט ווײַט צווישנ די מײדלעכ דערזענ זעלדענ. זי איז קאָנטיק געווענ איבערגעטאָנ און עטוואָס צוגעפּוצט.

— זאָלנ זײ לאכנ,—האָט ער צובלוטיקנדיק די פינגער אָפגעבראָכנ א שטיק קאָרע, מיר וועלנ זענ, וואָס זײ וועלנ שפעטער זאָגנ,—האָט ער פארביסנ די ליפּ. ער האָט גע־פילט, אז ס׳קאָכט אינ אימ עפּעס אופ, אז ער קאָנ ניט אײַנשטײנ אפ אנ אָרט.

די כוטעראנצעס האָבנ נאָכ אלצ געלאכט און זעלדע האָט הויכ מיט א קוויטש גע־לאכט צוזאמענ מיט אלע מײדלעכ, אז מע האָט געקענט הערנ הינטער דער באלקע. ער האָט זיכ אויסגעדרײט און אומבאמערקט מיט גיכע טריט, קימאט אונטערלויפנדיק, זיכ געלאָזט מיט די פּאָליסאדניקעס, אראָפּ גאס צו זיכ אינ הויפ.

— ס׳ט געזעענ, א מויד זאָל אזוי לאכנ... וואָסי די סימכע מיט איר, טאָמער מע קיצלט זי...

ער האָט לויפנדיק זיכ פארטשעפעט אָנ די ביימער־וואָרצלענ. שיר ניט אומגעפאלנ. ארום איז געווענ פינצטער. פונ די הויפנ זײַנענ ארויסגעלאָפנ די הינט און זיכ געוואָרפנ בילנ אפ אימ. ער האָט פארקערעוועט דורכ די פּאָליסאדניקעס אפ דער מיט גאס און די הינט זײַנענ צוריצטע אימ נאָכגעלאָפנ פונ אלע זײַטנ, אופהויבנדיק א ווילדע בילערײַ איבערנ פינצטערנ כוטער. ער האָט פונ אופרעגונג און קאעס געכאפט אפנ וועג הרודעס ערד, געשלײַדערט אינ די נאָכיאָגנדיקע הינט און זײ האָבנ נאָכ אלצ פארביסענער געבילט. ער האָט ווידער געוואָרפנ הרודעס ערד אפ זײ, געסאָפּעט, און איז, דאכט זיכ, צופרידנ געווענ עפּעס אינערלעכ פונ דעמ, וואָס ער הערט כאָטש איצט ניט דעמ געלעכטער דאָרט אינ דעמ קאָלווירט־הויפ און קאָנ פארגעסנ אָנ זעלדענ...

---

זיסקינד ליעוו

# צווישן זברוטש און דניעסטער

## סאָפ ווינטער

דאָס דאָרפ מילאנקע ליגט אין א טיפן טאָל. פון אלע זייַטן ארום הויבט זיך אופ די וועלט אלץ העכער צום הימל. און אין ווינטער יאָגט אראָפ פון אויבן דער שניי, ווי עס וואָלטן ווייַסע שליטנס אָן אופהער זיך אראָפגעגליטשט אין דאָרפ אריַין. אין ווינטער שלאָפט מילאנקע אפ דער הרובע. מע פוילט זיך אויסצושטרעקן די ביינער. מע פוילט זיך אויסציִען א האנט. אין די הארטע פעלצלעך און איינגענורעט אין שטרוי ליגט מען אפ די ברייטע הרובעס און מע שפּייַט אפן באלקן. אזוי די כלאָפּעס. די באָבעס ווידער קריכן ארום ווי אייַנגעהויקערטע בינטלעך שמאטעס, קערן אויס די געפרוירענע ערדענע פּאָדלאָגע, שיילן קארטאָפל מיט בלויע הענט און לייגן אונטער א פייַערל אפן פריפּעטשיק.

אין שטאל, צווישן ווענט מיט געלן ליים אויסגעשמירט, מיט גרינעם מאָך אויסגעשטאָפּט, האָט געלעבט דער אלטער פּאסטעך וואסיל גרישטשוק אינאיינעם מיט דער סטאדע שאָף. אין זומער האָט ער זיי געטריבן אפ די בערג, און ווינטער האָט ער זיי געפיטערט אין שטאל. זייַן באלעבאָס האָט געוווסט, אז צוויי מאָל אין יאָר דארף מען שערן די שאָף און די וואָל פארקויפן אין שטאָט. זייַן באלעבאָסטע האָט געוווסט, אז צוויי מאָל אין טאָג דארף מען וואסילן טראָגן אין שטאל אריַין א טעפּל קאלטע מאמאליגע מיט א שטיקל ברויט.

לענגויס דער שטאל האָט א לאנג דרענגל אָפּגעצוימט די שאָף. אנטקעגן דער טיר, אין ווינקל, האָט א קורץ דרענגל אָפּגעצוימט וואסילס געלעגער. ער האָט געדינט בא זייַנע באלעבאטים שוין קיַילעכיקע אכט יאָר. ווען ער איז געוואָרן א פּאסטעך, איז ער אלט געווען צוויי און זעכציק יאָר, איצט איז ער אלט זיבעציק.

— שעפּסעלעך, — זאָגט וואסיל, — שעפּסעלעך מייַנע, קינדערלעך, קעצעלעך מייַנע — — —

מיט די אלטע הענט צעקארבט ער זייער קודלאטע ווייכע וואָל, קראצט ער זיי אונטערן בויך און קושט זיי אין די פייַכטע פּיסקלעך. די שעפּסלעך הייבן אונטער די קעפּלעך, רייַבן זייערע פלאטשיקע נעזלעך אָן זייַנע ברייטע לייַוונטענע הויזן און וואָרטשען, כניאָקען, כלעפּטשען, מיט קינדערישער היימישקייַט.

און אז ער פארטיקט זיך אָפּ מיט די שאָף, ליגט ער אין ווינקל אפ זייַן געלעגער, ליגט שטיל צווישן שטרוי און שמאטעס, און טראכט די אלצאיינע טראכטעניש:

— וואדיאָנא געשטאָרבן.

— איוואן געשטאָרבן.

— און סטעפאן? און מיקאָלע?

— אײנע זאָגנ, אריבער צו די באָלשעװיקעס, אײנע זאָגנ, די פּאָליאקנ האָבנ זײ פאר־שלעפּט. װער װײסט זײ? ביסט נישט קײנ גאָט אונ איך נישט גאָטס זונ, קאָנסט נישט אלצדינג װיסנ. מע זאָגט—גלויב װאָס מע זאָגט—אונ נישט זע אונ נישט הער. עך, עך, כלאָפּצי מײַנע! װאָלטנ געװענ שױנ אלע כאסענע געהאט, אונ מע װאָלט יאקאָש, געלעבט. האָסט יאָ א שטיקל פעלד, האָסט נישט קײנ שטיקל פעלד. אז מע לעבט, לעבט מענ: מע ארבעט אונ מע לעבט. עך, װאסיל, װאסיל,—נישט באשערט געװענ דיר, װאסיל

װאסיל קװעטשט מיט די אויגנ, קנײטשט מיטנ אלטנ פּאָנעם אונ שמעקט מיט דער נאָז צו די שעפּעלעך—שמעקט.

די דריבנע פּיסלעך פונ די שאָפּ שטײענ נישט אײַנ, הערנ נישט אופ צו װאָרטשענ, װי א פולע שטוב מיט קלײנע קינדער. אינ שטאל טראָגט זיך דער געלײַטערטער רײעך פונ מיסט אונ פונ װארעמער װאָל, פונ זיסע ריבנ אונ פונ פרישׁ געמאָלקענער מילך. װאסיל גראָבט זיך אינ זײַנ טויבער טראכטעניש:

— װאריאָנא געשטאָרבנ.

— איװאנ געשטאָרבנ.

— אונ סטעפּאנ? אונ מיקאָלע?

אונ אינײנעם מיט דער טויבער טראכטעניש װערט ער געװײנלעך אזוי אנשלאָפּנ. א גאנצנ װינטער שלאָפט מילאנקע אפ דער הרובע, א גאנצנ װינטער גראָבט זיך װאסיל אינ זײַנ טויבער טראכטעניש.

עס איז געװענ סאָפ װינטער. זונטיק. אנדרושקע זײַטשוק איז געקומענ צו װאסילנ אינ געסט. ער איז באלד ארײַנגעקומענ אינ שטאל מיט א שמײכל אונטער דער קורצער נאָז אונ א זאָג געטאָנ אינדערהױך:

— אנאָ, װאָיקאָ װאסיל, צי לעבסטו נאָך?

ער איז געשטאנענ אפ דער שװעל מיט זײַנע לאנגע געבױגענע פיס אונ געשמײכלט מיט דער געלער װאָנצע. די שאָפּ האָבנ זיך אלע א לאָז געטאָנ צו באגריסנ דעם זונטיק־דיקנ גאסט, געבליבנ שטײנ אינ א צונױפגעקװעטשטער קופּע, מיט די העלדװער אפנ דינעם דרענגל. מיט די פּיסלעך האָבנ זײ געדרעפּטשעט אלע אפ אײנ אָרט אונ הײמישלעך גע־װאָרטשעט מיט די שטומפּיקע פּיסקלעך. װאסיל איז געזעסנ אפ זײַנ געלעגער, זײַנ אײַנ־געשרומפּנ פּאָנעם האָט געלױכטנ פאר גרויס פרײד. דער גאסט איז צוגעגאנגענ אונ לעבנ אים זיך אנידערגעזעצט. װאסיל האָט גלײַך אונטערגעשטעלט די האנט אונטער זײַנ רעכטנ אויער, אנדרושקע האָט ארײַנגעשריגנ אינ לינקנ:

— צײַטנ, װאָיקאָ װאסיל, פּאסקוזסטװע! מע נעמט זיך אויסראָטנ ס'אָרעמע פאָלק. סע װעט נישט בלײַבנ קײנ פיצל פונ אונדז. װעסט זענ, װאָיקאָ װאסיל, ס'װעט נישט בלײַבנ גאָרנישט.

די פּאָװאלע פונ שטאל איז שװארצ אונ נידעריק. א קלײנ פענצטערל טוט צו װיסנ װענ ס'איז טאָג אונ װענ ס'איז נאכט. עס איז געװענ דעמלט פארנאכט. דער אלטער װאסיל האָט געקנײטשט דאָס פּאָנעם אונ זיך צוגעהערט, װאָס אנדרושקע האָט ארײַנגעשריגנ אינ זײַנ לינקנ אויער. דערנאָך האָט ער שװער אָפּגעעטעמט אונ א טיפנ שמעק געגעבנ מיט דער נאָז—א לאנגע נאָז, א צופרידענע נאָז. אנדרושקע האָט פארצװײפלט אװעקגעדרײט דעם קאָפּ אונ שטיל געזאָגט פאר זיך: „טויב װי א גלאָק. קאָנסט אינ אים ארײַנשרײַענ װי אינ סאמע הײליקנ װאסיל, הערנ װעט ער פּונקט װי יענער". דערנאָך האָט ער װײַטער ארײַנ־געשריגנ אינ װאסילס אויער:

— און דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אונדזערע האָט דער גראַף נישט פאַרקויפט קיין פעלד, נאָר אהערגעבראַכט פון ערגעץ א שווארצ יאָר פּוילישע און זיי פאַרטיילט דאָס פעלד. איצט שמועסט מען שוין ווידער, אז מע וועט אויך ברענגען פּוילישע פאַראָבקעס אפן הויף.

דער אַלטער וואסיל האָט צוגעמאַכט די אויגן—אנדרושקע האָט ווײַטער דערציילט:

— און אונדזערע וועט מען ווידער אָפּלאָזן, זאָגט מען, און ווידער וועט צוקומען א באַנדע לײַדיקגייערס איבערן דאָרף. און ווידער וועט ביליקער ווערן דער לוין פאַר פעלדאַרבעטער. נאָר דו מיינסט עפּשער, אז מירן זיך לאָזן? גיין, וואָיקאָ וואסיל, מירן זיך נישט לאָזן! ווײַל וואָס? צי עפּשער זאָלן מיר גיין בעטלען? אויסוואַנדערן קאָן מען נישט, נישטאָ קיין געלט, און די רעגירונג לאָזט נישט. זעסט? עך, ווען דײַן מיקאָלע וואָלט געווען, וואָלטן מיר שוין עפּעס אופגעטאָן! וואָיקאָ וואסיל, צי דו הערסט עפּעס פון אים?

וואסיל האָט געהאַלטן די האַנט אונטערן רעכטן אויער, ווי זי וואָלט דאָרט געווען צוגעקלעפּט, מיט צוגעמאַכטע אויגן האָט ער געפרעגט ווי פון שלאָף:

— וועמען מיינסטו?

אנדרושקע זײַטשוק האָט ארופגעקוקט אפן שווארצן באַלקן, א שפּײַ געטאָן פון צווישן די ציין דאָרט ארופ—ציק! און ארײַנגעשריגן אין וואסילס לינקן אויער:

— דײַן מיקאָלע, צי דו הערסט עפּעס פון אים?!

— ער לעבט דען נאָך, מיקאָלע?

זעסט, ער הערט.—האָט אנדרושקע בעזאָגט, און ווידער צוגעקלעפּט זײַן געלע וואָנצע צו וואסילס לינקן אויער.—ער לעבט, וואָיקאָ וואסיל!

ער לעבט, דײַן מיקאָלע, גלויב!

— ער לעבט, זאָגסטו?

— ער לעבט!

— איך ווייס נישט. עס איז שווער צו גלויבן, און נישט זען און נישט הערן.

אנדרושקע האָט א פּאָך געטאָן מיט דער האַנט, א שפּײַ געטאָן אפן באַלקן—ציק! די שאָפּ האָבן זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן באַנײַס צו דרעפּטשען מיט די פיסלעך און צו כלעפּטשען מיט די שטומפּיקע פיסקלעך.

אנדרושקע האָט ארויסגענומען פון דער הויזנקעשעניע א בײַטל מיט טאַבאַק און געדרייט א ציגאַר. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם דרייען, האָט ער דעם בײַטל דערלאַנגט וואסילן. דער אַלטער האָט אופגעעפנט דאָס מויל און גענומען באַטראַכטן דעם בײַטל פון אַלע זײַטן מיט גרויס מעווינעס.

— דאָס האָסטו געקראָגן פון קאַטיען, הא?

— פון איר.

וואסיל האָט געדרייט א ציגאַר. זײַנע געבויגענע פינגער האָבן געציטערט.

— גאָלדענע הענט בא איר, בא דײַן קאַטיען.

אנדרושקע האָט געענטפערט שטאָלץ:

— ווען זי וואָלט אזא נישט געווען, וואָלט איך זי נישט גענומען.

זיי האָבן ביידע פאַרויכערט און שווײַגנדיק געבלאָזן דעם טונקעלן רויך. פּלוצים האָט אנדרושקע ווידער א שפּײַ געטאָן פון צווישן די ציין אפן באַלקן ארופ און דערלאַנגט דעם אַלטן א שטויס מיטן עלנבויגן:

— וואָיקאָ וואסיל, צי דו הערסט?

וואסיל האָט אונטערגעשטעלט די האנט אונטערן רעכטן אויער.

— מיר וועלן אונטערצינדן דעם הויפ, וואָיקאָ וואסיל!

וואסיל האָט אויסגעצויגן די ליפן ווי א זשאבע און געטרייסלט מיט דער לינקער האנט:

אנדרושקע וועגן אזעלכע זאכן רעדט מען נישט אזוי הויך!

אנדרושקע האָט זיך דערשראָקן און געלאכט מיט אן אָפן מויל.—„זעסט, און איך האָב געמיינט, אז ער הערט נישט“—ער האָט אויסגעשפיגן אפ דער האנט און אויסגעלאָשן דאָס פיצל ציגאר. באפעלעריש האָט ער א זאָג געטאָן:

— שפיל, אלטער, אפ דייַן טאראבורקע!

וואסיל האָט ארויסגענומען פון בוזים א קליינע האָלצענע פאָיארקע, זי אָפגעווישט מיט דער האנט און אויסגעפרווט די טענער. בא די שאָפ האָבן א צאפל געטאָן די אראָפהענגענדיקע לעפלעך פון די אויערן. אנדרושקע האָט ארייַנגעשריגן אין וואסילן און געוויזן מיט דער האנט צו דער פארשלאָסענער טיר:

— זי איז דאָרט, קאטיע? אין שטאל בא די קי?

וואסיל האָט געשאָקלט פריילעך מיטן קאָפ. זייַנע לאנגע ווייַסע האָר האָבן זיך געוואקלט און ער האָט באנעצט די האָלצענע פאָיארקע מיט דער צונג. דערנאָך האָבן זיך ארויסגעריסן פונעם קליינעם שטיקל האָלץ, וואָס וואסיל האָט אויסגעשניצט אין די בערג, דינע, צארטע טענער, ווייכע, פארבענקטע.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע, וואָס איז אים פארבליבן, דעם אלטן וואסיל גרישטשוק. אין אמאָליקע צייַטן האָט ער געהאט א שטיקל פעלד, אן אייגענע כאטע, א קו, דרייַ זין און א ווייַב. די יינגלעך זייַנען געוואָקסן לייַט, זיי האָבן שוין געארבעט אלע דרייַ אפן הויף פונעם גראף אין מילאנקע, ער האָט שוין אפילע געטראכט זיי איינציקווייַז כאסענע צו מאכן. דעמאלט איז געקומען ווי א בליץ פון הימל, דער גרויסער קריג, ארייַנגעכאפט אלע דרייַ זין אין בלוטיקן פארטעך און טונקלע יאָרן האָבן זיך ארייַנגעשלעפט אין וואסילס כאטע. די ווייַב איז געשטאָרבן, עפשער פאר קרענקונג אפ דער גרויסער בידע—ווייַל ווי לאנג די זין זייַנען געווען אין דאָרף האָט מען צוביסלעך געלעבט, זיי האָבן פארדינט, אָבער דערנאָך! פונעם פיצל פעלד? אפ ארבעט האָט מען וואסילן שוין נישט געוואָלט נעמען. זי איז געשטאָרבן. און באלד דערנאָך האָט זיך דערהערט, אז אויך איוואן, אין קריג און ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט, איז געקומען דער אוקראַיִנישער אופשטאנד קעגן די פאָליאקן. דער מיטלסטער איז געפאלן, די אנדערע צוויי זין, סטעפאן און מיקאָלע זייַנען ארייַן אין אופשטאנד. און ווו זיי ביידע זייַנען אהינגעקומען, האָט ער דערנאָך נישט געוווסט, וואסיל, נישט געהערט פון זיי מער גאָרנישט. און דעמאלט, בעשאסן אופשטאנד, האָבן זיך די פאָליאקן אָפגערעכנט מיט מילאנקע אזוי, אז א האלב דאָרף הייַזער איז אוועק מיטן פייַער—און די מענטשן האָט מען נאָר מערדערלעך צעשלאָגן. פון דעם שלאָגן דעמאלט איז וואסיל טויב געוואָרן אפן רעכטן אויער. און דערנאָך איז אלץ געגאנגען בארג־אראָפ. ער איז פאראָרעמט געוואָרן ביזן לעצטן העמד, און אויך דאָס שטיקל פעלד האָט ער געמוזט פארקויפן, אפ די אלטע יאָרן איז ער געוואָרן א פאסטעך בא פרעמדע שאָפ.

ציטערדיק האָט זיך געריסן דאָס דינע קאָל פון דער האָלצערנער פאָיארקע, ווייך און פארבענקט זיך צעשפרייט איבער די ווענט—ווי א קינד וואָלט געוויינט. ווי א גרייַז־גרויער אלטיטשקער וואָלט געשלוכצט—און וואסילס פארטערטע אויגן האָבן געגלאנצט.

אנדרושקא האָט געפּאַטשט מיט דער האַנט אַף דער קני און פּרײלעך אונטערגעהאָלפן דער פּאַיאַרקע:

— דיטירידיטירײ. דיטירידיטירײ—דיטירידיטירײ—דיטירידיטירידיטירײ־סאַט, דיטירידיטירײ!

װאַסיל האָט אָפּגערוט און געפרעגט אַנדרושקען:

— דו װילסט כאַסענע האָבן דעם זומער מיט קאַטיען?

אַנדרושקע האָט זיך פאַרטראַכט און געגעבן אַ שפּײַ פון צװישן די צײן אַפן באַלקן—ציק!

— אַזױ האָבן מיר אָפּגערעדט, דעם זומער כאַסענע צו האָבן. איך און קאַטיע. אָבער אַז דער גראַף װעט מיך אָפּלאָזן פון דער אַרבעט, װאָס דערנאָך? הע?—זײַן געלע װאָנצע איז געװען צוגעקלעפּט צו װאַסילס לינקן אױער, און דעם אַלטנס קאָפּ האָט זיך צעשאָקלט מיט די לאַנגע װײַסע האָר.—װאַיקאָ װאַסיל! מיר װעלן אונטערצינדן דעם הױף!

— טשול. טשול. רעד נישט, אַנדרושקאַ, רעד נישט.—װאַסיל האָט געקלאַפּט מיט אַ פינגער איבערן מױל און זײַנע אױגן האָבן געקוקט בײז אַף אַנדרושקען.

— עך, װען דײַן מיקאָלע װאָלט געקומען!—מיר װאָלטן שױן געװוּסט װאָס צו טאָן. װאַיקאָ װאַסיל, װוּ איז ער דײַן מיקאָלע? הע?

— ער לעבט דען נאָך, מיקאָלע?

— עך, טע ביסט אַלט און ביסט אַ נאַר. ער דרײט זיך אַרום אין די דערפער, זאָגט מען, דײַן מיקאָלע, אין די דערפער—װאַיקאָ װאַסיל!

ער האָט אָװעקגעריסן די געלע װאָנצע פון װאַסילס לינקן אױער, אַ װילדן פּאַך געטאָן מיט דער לאַנגער האַנט, און שװער, ביטער געקרעכצט.

דער אַלטער װאַסיל האָט פונסנײַ באַנעצט די האָלצענע קלײנע פּאַיאַרקע מיט דער צונג, און פונסנײַ אָנגעהױבן אַף איר צו שפּילן.

---

דער שנײ איז געלעגן אײַנגעשרומפּן און דאַר. עס זײַנען פאַרבליבן רעשטלעך, לעצטע קױטיקע שטיקלעך. אין די כאַטקעס פון מילאַנקע האָט מען אַרױסגעקוקט אַפן נאָכן װינטער, מע האָט אַרױסגעקוקט אַפן פרילינג, אַפן זומער. די כאַטקעס פון מילאַנקע האָבן אַרױסגעקוקט אַ גאַנצן װינטער אַף דער צײַט, װען מע װעט קאָנען אַרױסגײן אַפן פעלד אַרבעטן, פאַרדינען אַ זלאָטע אין גראַפלעכן הױף.

קאַטיע האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אײנע אַלײן שטיל און פאַרטאָן איבערן קלײנעם הױף. עס איז געװען פאַרטאָג, נאָר אין שטוב איז שױן נישט געװען דער פאָטער און אױך נישט די מוטער. פאַראײאָרן האַרבסט האָט מען דעם פאָטער אָפּגעלאָזט פון גראַפלעכן הױף, איז געװען אַ שװערער װינטער דערפאַר, און איצט, סאָף װינטער, לױפט מען אַרום זיך אומקוקן אַף אַ שטיקל אַרבעט, אַף אַ שטיקל פעלד. די לעצטע װינטערדיקע כאָדאָשים איז באַ פּעדוקינען, באַ װעמען װאַסיל איז אַ פּאַסטעך, געװען קרענקלעך דאָס װײַב, געלעגן אין בעט, האָט מען קאַטיען גערופן זי זאָל אַרױסהעלפן אין שטאַל—איצט איז פּעדוקינס װײַב שױן געזונט געװאָרן און קאַטיען האָט מען אָפּגעלאָזט.

זײער אײגענער הױף איז גרױס װי אַ קײַ און אַ שפּײַ. נאָכדעם װי זי האָט אַרױסגעלאָזט די פיר הינער מיט דעם האָן פונעם קורניק, האָט זי אַרױסגעװאָרפן דאָס ביסל מיסט פונעם קלײנעם שטאַלעכל, אױסגעמאָלקן די קו און זי אַרױסגעלאָזט אַפן הױף. דאָס קלײנע קיעלע, מיט דעם אָפּגעבראָכענעם לינקן האָרן, איז געבליבן שטײן אינדרױסן און

געקוקט טאמעוואטע אפ דער נײַער וועלט, ניט גלויבנדיק זיכ, צי איז שוינ טאקע נאָכנ ווינטער. אירע גרויסע קיעשע אויגנ האָבנ געטרערט. מיט דער לאנגער צונג האָט זי גע־לעקט די אויבערשטע ליפ און צופרידנ געסלינעט. פאמעלעכ איז זי צוגעגאנגענ צומ קליי־נעמ טירל, וואָס צו דער סטעזשקע, דעמ געפלעקטנ קאָפ אויסגעדרייט צו קאטיענ און א לאנגנ, צעצויגענעמ מעקע געטאָנ; מעעע!—גלײַכ דערמיט וואָלט זי געפרעגט בא איר באלעבאָסטע: צי קומט שוינ טאקע פרילינג אינדערעמעסנ? דערווײַל האָט זיכ ארויסגערוקט די זונ, און דער קליינער הויפ האָט זיכ ווײַסלעכ פריש געזילבערט.

מיט פארקאטשעטע ארבל האָט קאטיע געוואליעט דאָס ביסל ווינטערדיק אָנגעזאמלטע מיסט אפ א גרויסער ראטשקע. דאָס ווארעמע מיסט האָט זיכ געטראָגנ מיט א הייפישער פארע. קאטיעס קלייד איז געווענ אונטערגעהויבנ, און די פארב פונ אירע פיס, פונ אירע הענט און אויכ פונ איר פאָנעמ איז געווענ איינע און די זעלבע—א רויטלעכע, און אויכ אזוי רויטלעכ—נאָר מער העל, מער ליכטיק—זײַנענ געווענ אירע האָר. א גראָבער צאָפ, ווי א געפלאָכטענער שטריק, האָט געטענצלט איבער דעמ האלב נאקעטנ, קײַלעכיק־אויספילטנ אקסל. אירע אויגנ זײַנענ געווענ שווארצ, דאָס פאָנעמ מער א לענגלעכיקס. פאמעלעכ האָט זי אָנגענומענ א ווילע מיט מיסט, פאמעלעכ דאָס צוגעטראָגנ צו דער טאטשקע, אכטונג געגעבנ עס זאָל זיכ נישט פארשיטנ קיינ איבעריקע שטרוי. זי האָט געארבעט מיט אויסרעכענונג.

די גרײַקאָווע, איר מוטער איז אָנגעקומענ מיט דער סטעזשקע, געעפנט דאָס קליינע טירל, אָפגעשטופט פונ דאָרט די קו און ארײַנ אינ הויפ. צוגעגאנגענ צו קאטיענ.

— כ'האָב גערעדט שוינ מיט לוקאשנ. ער וועט איבעראקערנ אונדזער שטיקל פעלד, האָט ער געזאָגט.

קאטיע האָט געהאלטנ באמ צופלעטשנ דאָס מיסט אפ דער טאטשקע. זי האָט אנידער־געשטעלט די לאנגע ווילע אפ דער ערד און געפרעגט די מוטער:

— און וויפל וויל ער דערפאר?

— דו זאָלסט בא אימ אָפארבעטנ דרײַ טעג, וויל ער.

— מעשוגע געוואָרנ?—קאטיע האָט א שלײַדער געטאָנ פונ זיכ די ווילע.—פארנ פיצל פעלד איבעראקערנ, וויל ער, איכ זאָל דרײַ טעג אָפארבעטנ?

— אזוי האָט ער געזאָגט.—די מוטער איז געשטאנענ פאר איר מיט א פארצווייפלט פאָנעמ.

— אזוי האָט ער געזאָגט? אנדערש וויל ער נישט? פאראיאָרנ האָט ער פארלאנגט צוויי טעג פארנ איבעראקערנ, און האיאָר גאנצע דרײַ? מעשוגע געוואָרנ! פארוואָס ביסטו נישט געווענ בא אנ אנדערנ, בא כלעבושקענ, בא יערמילענ?

— איכ בינ געווענ, מײַנ טאָכטער, געווענ בא אנ אנדערנ אויכ. געווענ בא אלע. אלע פארלאנגענ זיי דאָס זעלבע, גלײַכ זיי וואָלטנ זיכ אָפגערעדט אזוי אלע.

קאטיע האָט גענומענ ווײַטער וואליענ דאָס מיסט אפ דער טאטשקע מיט קאס, מיט געברומ, מיט הייסער פארע.

— איכ וועל אליינ אקערנ! מיט די הענט, מיט די פינגער וועל איכ גראָבנ די ערד און זיי נישט נאָכגעבנ. א קרענק אינ קאָפ! וואָס זיי וועלנ פארלאנגענ, וועט מענ זיי מוזנ געבנ? ניינ! אנ אקרײַזנ וועלנ מיר נאָכ באקומענ, און איכ מיטנ טאטנ וועלנ דאָס זעלבע נאָכ קאָנענ טאָנ, וואָס ער מיט זײַנע צוויי פערד. אזויפיל קויעכ האָבנ מיר נאָכ.

די גרײַקאָווע איז נישט אָפגעטראָטנ, נישט אראָפגענומענ קיינ אויג פונ איר טאָכטער.

זי האָט צונויפגעקוועטשט די טרוקענע ליפּנ אונ געוואַרט ביז די טאָכטער איז שטיל געוואָרנ.

— ער האָט מיר געגעבנ צו פאַרשטיינ, ער, לוקאַש,—האָט זי פּאַוואָליע אַרויסגעקראַצט די האַרבע ווערטער,—אַז זײַנ זונ וואָלט דיכ נאָכ ווע'נ נעמענ פונדעסטוועגנ—דאָס הייסט, כאָטש דו האָסט אים פאַראיאָרנ אינ האַרבסט אופגעשפּילט אַזאַ כאַסענע פאַר אַלע דאָרפ־ייִנגלעכ אינ די אויגנ.

קאַטיע האָט נישט אופגעהערט צו וואַליענ דאָס פאַרנדיקע מיסט קיינ איינציקע רעגע, געווענ פאַרטאָנ אינ דער אַרבעט אַפּ צעלאָכעס, גלײַכ נישט צו איר וואָלט די מוטער גערעדט, נאָר אַז די גרײַקאָוואַ האָט נאָכ שטאַרקער צונויפגעקוועטשט די טרוקענע ליפּנ, ניט אופגעהערט ווענג דער זעלבער זאַכ צו ריידנ, געזוכט ווערטער, וואָס זאָלנ טרעפנ דער טאָכטער אינ פּאָנעם אַרײַנ—דעמלט, האָט קאַטיע אַ כאַפּ געטאָנ די שווערע טאַטשקע, גרינג ווי אַ שפּילעכל, אונ מיט איר אַ פּאָר געגעבנ צומ טירל. נאָר דאָרט האָט זי ווידער אַראָפּגעשטעלט די טאַטשקע אונ זיכ אויסגעדרייט צו דער מוטער.

— אַ קנעכט זײַנ איז פּאַר זיי ווייניק, פאַרקויפנ מוזנ מיר זיכ מיט אונדזער הויפּ אונ גיינ צו זיי? נישט דערלעבנ וועלנ זיי דאָס! אונ אַז דו זעסט אים, דעמ רײַכנ לוקאַש, זאָג אים, אַז ער זאָל כאַסענע מאַכנ זײַנ נאַרישנ זונ מיט זײַנ אייגענעמ מאַיאָנטעק אונ וועגנ מיר זאָל ער זיכ אַרויסשלאָגנ פונ קאָפּ!

אַז זי האָט ווידער געוואָלט נעמענ די טאַטשקע, איז אָנגעקומענ איר פּאָטער, גרײַקאָ, געבליבנ שטיינ אַפּ דער סטעזשקע, אַרופּגעלייגט די הענט אַפּנ נידעריקנ פּלויט. זײַנ ברייט פּאָנעמ איז געווענ קאָנטיק בלייכ, זײַנ גרויסער קאָפּ האָט זיכ לאַנגזאַמ טרויעריקלעכ געשאָקלט.

— עס גייענ אַפּ אונדז שיינע צײַטנ, טאָכטער.—האָט ער זיכ געווענדט צו קאַטיענ.— צי דו ווייסט דענ וואָס זיי טראַכטנ אַלצ אויס? עס קומט מיר פּאָר, ווי זיי וואָלטנ עפּעס אַנדערש נישט געטאָנ גאַנצענע טעג, נאָר געזעסנ אונ געטראַכט וויאַזוי צו שינדנ די הויט פונ אָרעמענ פּויער.

— וואָס איז שוינ ווידער?

— וואָס? זיי האָבנ באַשלאָסנ, אַז אַלע פּעלדער, וואָס זיי גיבנ אָפּ דעמ אָרעמענ פּויער, טאָרנ נישט פאַרזעצט ווערנ מיט עפּעס אַנדערש נאָר מיט טאַבאַק.

— מיט טאַבאַק?

— מיט טאַבאַק, ווײַל דאָס לוינט פּאַר זיי בעסער. אונ ווײַל דערבײַ קאָנענ זיי אונדז בע־סער באַגאַנווענענ. אַרבעטסט אָפּ אַפּ עפּעס אַנדערש, מעסטו אָפּ צוויי דריטל, נעמ דיר דעמ רעשט אונ ווער דערשטיקט. טאַבאַק מוז מענ דאָס גאַנצע פאַרקויפנ, אונ וויפל זיי וועלנ דערפאַר באַקומענ ווייסטו נישט.

— אונ צו וואָס טויג אונדז דאָס ביסל געלט? מיר דאַרפנ האָבנ ברויט, קאַרטאָפל.— האָט קאַטיע געשריגנ.

— דאָס איז עס דאָכ. דאָס ביסל געלט וועט אַוועקפליִענ איידער דו קוקסט זיכ אַרומ אונ דערנאָכ שטעק אַרויס די צונג אַ גאַנצנ ווינטער. האָסטו אָבער אויסגעגראָבנ אַ קאַרטאָפל, בלײַבט עס ליגנ. האָסט אָפּגעשניטנ אַ זאַנג, בלײַבט דיר אַ שטיקל ברויט אַפּנ ווינטער.

— אונ דער הויפּ וואָס זאָגט?—האָט קאַטיע געפרעגט.

— דאָס אייגענע. אַלע ווי איינער דאָס אייגענע.

— אונ אונדזערע מענטשנ וואָס זאָגנ?

— שווייַגן. ברומען. שרייַען. וויינען.

קאַטיע איז צוגעגאַנגען נענטער צום פֿאָטער. פֿאַרלייגט די הענט איבער דער ברוסט, ווי אַן עלטערער געניסער מענטש, אַרייַנגעקוקט אין פֿאָטערס פּנים מיט אַ פֿײַערל אין די אויגן.

— און די מאַמע דערציילט אַן אַנדער נייַעס. דרייַ טעג זאָל איך אָפּאַרבעטן פֿאַרן פּיצל פֿעלד, איבעראַקערן. געהערט? איך זאָג, טאַטע, די נאַראָנים זײַנען נישט קיין אַנדערע נאָר מיר אַליין. מיר אַליין זײַנען אין אַלעם שולדיק.

גרייַקע האָט באַטראַכט זייַן טאָכטער און געענטפֿערט:

— מיר? ווער זײַנען מיר? איינער שלעפּט אַהער, איינער ציט אַהין.

נישטאָ איין קאָפּ בײַ אַלע.

קאַטיע האָט געזאָגט:

— דאָס פֿעלד דאַרף מען ניט נעמען. לאָזן ליגן, נישט צורירן זיך דערצו. וועלן זיי קומען, די גראָבע בײַכער, און זיך בעטן: נעמט מענטשן, פֿאַרזעצט וואָס איר ווילט. און אויך ביליקער, אַ סאַך ביליקער, וואָלטן זיי געמוזט פֿאַרטיילן דעמלט דאָס פֿעלד. ווען מיר זײַנען איין קאָפּ.

— יאָ, אָבער דאָס זײַנען מיר נישט דערוויַל.—האָט גרייַקע געזאָגט און אויסגעשפּיגן.—ווהין פֿירסטו די טאַטשקע?

— אַפֿן פֿעלד. דרייַ טעג וועל איך אים נישט געבן. בעסער אַליין אַקערן.—און זי האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער טאַטשקע.

דער פֿאָטער האָט זיך אָפּגעריסן פֿון פּלויט, געעפֿנט דאָס טירל.

— קום, קאַטיע. איך וועל דיר העלפֿן.

ער האָט גענומען בײַ איר די שווערע טאַטשקע און זיי זײַנען ביידע אַרויס אין פֿעלד.

---

## אָנהייב פּרילינג

וואַסיל גרישטשוק איז אַרויסגעקראָכן פֿון שטאַל, ווו ער האָט אײַנגענעם מיט די שאָף איבערגעווינטערט. ער האָט זיך עטלעכע מאָל דורכגעטרייסלט, ווי די צעקודלטע באַראַנעס זײַנע און ווייַס צעעפֿנט די נידעריקע שטאַל־טירלעך. פּאַוואָליע און פּויל, מיט אײַנגעצויגענע קעפּלעך און מיט קליינע פֿאַרשלאָפֿענע אייגעלעך, זײַנען אַרויסגעקראָכן אויף דער פֿרײַ די שפּיצן און די לעמער. זיי זײַנען געגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן אַזוי פֿאַמעלעכינקע, גלייַך זיי וואָלטן געטראָטן אויף איין אָרט, פֿאַרזיכטיק געשטעלט די דינע פֿיסלעך. דער לאַנגער וואַסיל איז געשטאַנען פֿון פֿאָרנט ווי אַן עלטסטער פֿון אַ ראָטע. אין דער רעכטער האַנט אַ לאַנגער סעקאַטער שטעקן, צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי ער, די לינקע האַנט האָט ער אויסגעשטרעקט און געלאָזן־מאַיעסטעטיש קאָמאַנדירט. ווען די גרויסע סטאַדע איז שוין געווען אַרויסגעקראָכן פֿון שטאַל און געשטאַנען אינמיטן הויף, דעמלט איז וואַסיל צוגעגאַנגען צום הויכן פּלויט און געעפֿנט די פֿאָרטקע צו דער גאַס. אַליין איז ער געבליבן שטיין זײַטלעך, מיט קנייטשיקע אויגן באַטראַכט באַוואונדערס אויפֿמערקזאַם יעדעס איינציקע פֿון די פֿיר־פֿיסלדיקע באַשעפֿענישן און געריולדיק געוואַרט ביז די גאַנצע סטאַדע איז אַרויסגעקראָכן פֿון הויף.

די ארויסגעשטראָמטע שעפסנ אונ לעמער זײַנען געבליבנ שטיינ אינמיטנ וועג, ווי באגומענע פונ דער פרישער לופט, אונ געדרייט די קליינע קעפּלעכ אפ די קירצע העלדזער, נעקוקט ווי אפ א נײַער גאָר טשיקאווער וועלט. זיי זײַנען דאָרט געשטאַנענ געדולדיק, ווי דער אלטער וואסיל אונ געוואַרט אפ די ווײַטערדיקע באפעלנ פונ זייער עלטסטנ.

פונ דער פאָרנדיקער שטוב האָט זיכ דעמלט ארויסגערוקט דער בויכ פונ דער באלעבאָסטע, צוגעטראָגנ וואסילנ א שטיק שווארצ ברויט—אונ דער אלטער האָט געזאָגט: „נו, גייט, אײַכ , שעפסעלעכ, גייט אײַכ“.

דאָס ווייכע קאָל, וואָס איז ארויסגעקומענ פונ די קלעפּיקע יאסלעס, האָבנ די שאָפּ באלד דערהערט אונ זיכ פארנומענ אינ וועג. עס האָט זיכ אופגעהויבנ א פרישער דינער שטויב.

וואסיל איז א לאנגער, נאָר א דארער אונ א פארטרוקנטער. פונ זײַנ ברוינלעכ־האָריקנ מאנטל, וואָס הענגט אראָפּ פונ זײַנ שמאָלער פּלייצע, רוקט זיכ ארויס א לאנגער געלבלעכער האַלדז, דער גאנצער האלדז באשטייט פונ עטלעכע פארקרומטע מוסקלענ פונ עטלעכע טרוקענע קנופּנ, אונ פונ נאקעט ארויסגעשטעלטנ גאָרגל—באם גאָרגל קאָנ מענ אָפּציילנ איטלעכס רינגעלע באזונדער. פונ זײַנ נישט־געגאָלטנ פּאָנעם זעט זיכ ארויס, מער פונ אלצ, די צופרידענע, לאנגע בלאָע נאָז. איבער זײַנע אײַנגעפאלענע אויגנ הענגענ אראָפּ די דורכזעעוודיק־דינע אויגנהײַטלעכ, ווי געלע פארטרוקנטע בלעטלעכ. דער ברוינלעכ־האָריקער מאנטל גרייכט ביז אראָפּ צו די נאקעטע קנעפּלעכ. ווו די ברייטע הויזנ זײַנען פארבונדנ מיט שטריענע שטריקלעכ. א באָרוועסער איז דער לאנגער וואסיל נאָכגעגאנגענ הינטער די שאָפּ, דעם הויכנ סענקאטנ שטעקנ אינ דער האנט—זײַנע שיטערע ווײַסע האָר האָבנ זיכ צעבלאָזנ אינ ווינט.

---

אפנ גראפלעכנ הויפ האָט עס געשמעקט מיט יאָנטעוו. שפּאָגל־נײַע מענטשנ זײַנען געזעסנ באם פאָרנטיקנ פּלויט לעבנ טויער אפ זעקלעכ, קעסטלעכ, רענצלעכ, געקוקט מיט פארגאפטע אויגנ, גערויכערט אונ הויכ גערעדט צווישנ זיכ. זיי זײַנען געזעסנ דאָרט לעבנ פּלויט, ווי ווײַטע וואנדערער אפ א פרעמדנ וואָקזאל, געזעסנ גלײַכגילטיק אונ פארטראכט, ווי זיי וואָלטנ ווארטנ עמעצער זאָל קומענ זיי רופנ. אונ מער פונ אנדערע האָט דאָרט איינער, וואָס האָט זיכ ארויסגעזונדערט באזונדערס הויכ, נישט אופגעהערט צו ריידנ. פריילעכדיק, גוט אופגעלייגט אונ הארט, הויכ אפנ קאָל האָט ער דאָרט גערעדט צו די אנדערע ארומ אים. זײַנ שמאָל־קנאָכיק פּאָנעם האָט דערפאר ארויסגעזונ פונדערווײַטנס, גלײַכ ס'וואָלט געווענ אנ איינציק מויל.

פאר די שטאלנ האָבנ זיכ געפּאָרעט די אלטע פאראָבקעס מיט זייערע פערד—אונ אזוי ווי דאָרט, יענער נײַ־אָנגעקומענער פּאָליאק, האָט אויכ דאָ אנדרושקע זײַטשוק ניט צוגעמאכט דאָס מויל. בא אנדרושקע זײַטשוקנ האָבנ זיכ געגליטשט די ווערטער ווי אפ ווייכער פּוטער. כאָטש אנדרושקע איז געווענ קאָנטיק בייז, האָבנ זײַנע אויגנ פונדעסטוועגנ קעסיידער געפינטלט אונ געשמייכלט.

פונ די שטאלנ האָט מענ צוגעפירט די פערד צו דער לאנגער קאָרעטע, אויסגעשטעלט זיי אונ דער ייִנגסטער, סושליק, האָט געטונקענ דעמ לאנגנ דראָנג אינעם ברונעם, געצויגנ די עמערס אונ אלצ געגאָסנ פרישׂ וואסער אינ דער בײַכיקער קאָרעטע. די הויכע פערד, ברוינ־ראַפּיקע מיט גלאנצנדיק־גלאטע פעלנ, מיט קײַלעכיק אויסגעפּילטע רוקנס אונ

קורץ געשניטענע װײדלען, האָבן אויך געכליאָפּטשעט דאָס קאַלטע װאַסער און זאַפּטיק געצמאָטשעט מיט די טריפנדיקע ליפּן.

— און אַז מע װיל, לאָזט מען זיך נישט,—האָט געזאָגט אַנדרושקע. װאָרעם? זײ קאָנען טאָן כאָטש װאָס זײ גלוסט זיך! נישט בײַ מיר!

אַז ער האָט געזאָגט „נישט בײַ מיר״. האָט ער אַ װאָרף געטאָן דעם קאָפּ אין דער הייך, און ס'האָט העל אַ פּלאַטער געטאָן די געלע גריװע, װאָס איז בײַ אים אָפּירגעשטאַנען פון הינטערן היטל.

— נישט בײַ מיר!—האָט ער דערנאָך נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט שױן מער צװישן די ציין.

— מע װעט לאָזן, הייסט עס, זיך גאָר פאַרטרײַבן פון אייגענעם דאָרף? מע װעט לאָזן, הייסט עס, איטלעכס יאָר ארײַנברענגען אַלץ מער פּאָליאַקן, און די אייגענע מעגן כאָטשבי גריזשען דאָס גראָז װי די שעפּסן?

גערעדט האָט ער צו אַלע פאַראָבקעס, לױטער אוקראַיִנער, אָבער געמיינט האָט ער מער פון אַלע איװאַנען דמיטריכן. צו אים האָט ער קעסיידער אַריבערגעקוקט און צו אים האָבן געפינטלט זײַנע בייזע אויגן. נאָר דער שװערער פאַרשלאָפענער איװאַן דמיטריך האָט עפּשער גאָרנישט געהערט, צי מע רעדט דאָס אַזױ צו אים, דער שװערער קאָפּ אַף די ברייט־קײַלעכיקע פּלייצעס איז אַראָפּגעהאַנגען צו דער קאָרעטע, אַרײַנגעקוקט אין גרינעם װאַסער און די גראָבע ליפּן האָבן זיך קיין איינציק מאָל נישט געעפנט. אַנדרושקע זײַטשוק האָט אַ װײַטן שפּײַ געטאָן צװישן די ציינ—ציק!—און אַף אַמאָל אַנטשװיגן געװאָרן.

די פערד האָבן אונטערגעהױבן די טריפנדיקע פּיסקעס פון דער קאָרעטע, נישט געװאָלט מער טרינקען. מע האָט זײ שנעל צוגעפירט צו די װאָגנס און אײַלנדיק אײַנגעשפּאַנט.

אַנדרושקע איז דער ערשטער אַרופגעשפּרונגען אַף זײַן װאָגן, דער ערשטער זיך אַ לאָז געטאָן איבערן גרױסן הױף. די לעדערנע לייצעס האָבן געברענט אין זײַנע הענט. װען ער איז פאַרבײַ יענעם אָרט דאָרט בײַ די פּלױטן, װו די מאַזורן זײַנען געזעסן אַף זייערע זעקלעך, האָט ער אַ הילכיקן שאָס געטאָן מיט דער בײַטש הויך איבער די צעפּאָלאָשעטע פערד און זיך אַליין איבערגעשטיגן מיט אַ שװערן באַטױבנדיקן „װיאַ־אָ״!—ער איז אַרױס פון הױף מיט אַ פּאַטשנדיקער געקנאַקערײַ אינדערלופטן. די אַנדערע פאַראָבקעס האָבן זיך געיאָגט מיט די פערד הינטער אים, געשאָסן מיט די בײַטשן װי ער, און געפרוװט אופכאַפּן דעם זעלבן אױסגעצױגענעם הילכיקן „װיאַ—אָ!״ אַז אַפילע איװאַן דמיטריך, דער שװערער, אייביק פאַרשלאָפענער, איז אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק, און כאָטש דער װעג איז נאָך געװען פײַכטלעך, האָט זיך פונדעסטװעגן אױסגעדאַכט, אַז אַ טרוקענער שטױב טראָגט זיך נאָך זײ איבערן װײַטן דרױסן.

און װען די זון האָט זיך גערוקט העכער, זײַנען שױן געגאַנגען אַכצן פּאָר פערד, ברױן־ראַסיקע און הױך־שטאָלצע, אַף אַ װײַט אױסגעשפּרייטן פעלד. די פערד זײַנען געגאַנגען איין פּאָר לעבן אַנדערן און אין אַ הינטערשטעליקער שורע, לײַכט געגאַנגען און לײַכט געצױגן די גלאַנציקע אַקערײַזנס. דער שאַרפער, האַלב־קײַלעכיקער שטאָל האָט געשניטן די שװאַרצע ערד װי אין װייכן פלייש און איבערגעקערט די אופגעשניטענע שטיקער מיט דער טרוקענער הױט אַראָפּ.

אַכצן מענטשן זײַנען געגאַנגען לעבן די פערד, אַפריִער אַנדרושקע זײַטשוק אָנעם היטל, מיט דער פּלאַטערנדיקער געלער גריװע, קעסיידער שפּײַענדיק צװישן די פאַרבי־

סענע ציינ. דאָס, וואָס ער האָט פריִער געזאָגט באַם אָנבײַסנ, האָט זיכ איצטער געבאָמבלט אינ זײַנ צעטראָגענעמ קאָפּ אונ זיכ איבערגעכאַזערט צוואַנציק מאָל נאָכאַנאַנד. „מיר גייענ לעבנ אקערײַזנ,—האָט ער פריִער געזאָגט,—מיר זייענ, מיר קאָסענ אונ מיר פירנ אראָפּ די טוויִע פונ פעלד אינ פולע וואָגנס. אזוי האָבנ געטאָנ אונזערע טאטעס, אזוי האָבנ געטאָנ אונדזערע זיידעס, אזוי וועלנ אויכ טאָנ אונדזערע קינדער אונ אונדזערע אייניקלעכ. אָבער איינ מאָל וועט קומענ א צײַט אונ מ'ר וועלנ פרעגנ, פאר וועמענ טוענ מיר דאָס אלצ? פאר וועמענ גיבנ מיר אוועק אונדזער פראצע?" אזוי האָט ער פריִער געזאָגט באַם אָנבײַסנ אונ צוואַנציק מאָל כאַזערט זיכ דאָס איצטער איבער אינ זײַנ צעטומלטנ קאָפּ. געזעסנ איז מענ פריִער אייגער לעבנ אנדערנ, די הענט פארבלאָטיקט, די הויזנ צעריסנ אונ לאַטע אפּ לאַטע. געגעסנ האָט מענ פּיסנע ברויט. געשניטנ הארטע שטיקער מיטנ קליינעמ האָלצערנעמ מעסערל אונ פארביסנ געשװיגנ. „פארוואָס שװײַגסטו?"—האָט זיכ אנדרושקע פריִער א קער געטאָנ צו איוואַנ דמיטריכנ. אונ איוואַנ דמיט־יכ האָט געענטפערט, נישט אופּהייבנדיק דעמ שווערנ קאָפּ: „איכ וועל נישט ארײַנשטעקנ קיינ פינגער אינ קאלטנ וואסער, איכ האָב קינדער".—אונ דאָס איז געווענ אלצ, וואָס ער האָט געענטפערט. זײַנ ברייט־קײַלעכיקע פלייצע איז געווענ אויסגעבויגנ אונ הארט ווי א שטיינ. פאמעלעכ האָט ער געשניטנ מיטנ קליינעמ מעסערל גרויסע שטיקער פונ שווארצנ ברויט, פאמעלעכ אונ שווער, ווי א זשאָרנע. האָבנ זײַנע ארויסשטייענדיקע באקנביינער געמאָלנ די טרוקענע שטיקער. זײַנ לאנגע נאָז האָט געשנאָפּלט ווי בא א פארהאָרעוועט פערד.

פלוצימ האָט עמעצער פונ די פאראָבקעס א זאָג געטאָנ הויכ: „זיי גייענ".

— ספּורררר!—האָט אנדרושקע א געשריי געטאָנ באַלד אפּ די פערד, אונ אלע מיטאַמאָל זײַנענ דעמלט געבליבנ שטיינ אינמיטנ אקער.

עטלעכע פּוילישע יִנגלעכ זײַנענ אָנגעקומענ מיטנ פעלד, געגאנגענ פאָרנווײַז, צו צוויי אונ צוויי, פּאַוואָליע שפּאַצירנדיק, די קאַשקעטלעכ פארוקט אפּ דער זײַט, די הענט פארלייגט אפּ הינטנ. זיי זײַנענ געגאנגענ אזוי, ווי באַלעבאַטימ גייענ אינ א זונטיק איבער אייגענע פעלדער באטראַכטנ דעמ מאַיאָנטיק. צוויי האָבנ געפײַפט א פריילעכ לידל. פונפאָרנט איז געגאנגענ דער ערשטער יענער הויכער מיטנ לאנגנ־קנאָכיקנ פּאָנעמ, וואָס האָט אינדערפרי אזויפיל ארײַנגעטײַנעט אינ די אנדערע. ער האָט פריילעכ געוואָרפנ מיט די לאנגע פיס, א פארלאָשנ ציגארעטל איז אראָפּגעהאנגענ פונ זײַנ אונטערשטער ליפּ.

מושליק, דער ייִנגסטער פונ די אוקראַיִנישע פאראָבקעס, האָט פול ביט כויזעק א זאָג געטאָנ:

— טוּט נאָר א קוק אפּ די פּריצימ!

— פּסס!—האָט אנדרושקע א בלאָז געטאָנ דורכ די פארמאכטע ליפּנ. ער האָט געהאלטנ די רעכטע האנט אפנ קײַלעכיקנ רוקנ פונ זײַנ פערד, מיט דער לינקער האַנט געצופּט בא דער גלעער וואָנצע.

פריִער באַם אָנבײַסנ האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו זאָגנ איוואַנ דמיטריכנ אפּ זײַנ ענטפער, ווײַל ער האָט איבערהויפּט נישט געוווּסט וואָס אזוינס מע וואָלט באדארפט טאָנ אקעגנ דעמ, וואָס דער גראַפ שלעפּט אהער פרעמדע פאראָבקעס אונ די היימישע וויל ער אָפּזאָגנ. ער וואָלט דאָס עפּשער געוווּסט אינ אנדערע צײַטנ, אָבער נישט אינ אזא צײַט, ווענ דער קאָפּ איז אימ צעטומלט. אונ איצט, אויב ער האָט צוגערופנ מושליקנ „פּסס!" האָט ער עס אויכ נאָר געטאָנ דערפאר, ווײַל ער האָט נישט געוווּסט פארוואָס ער טוט

עס. זײַנע אויגנ האָבנ איצט נישט געפינטלט, נאָר גלאַנצנדיק געשטאַנענ אפ איינ אָרט און געווענ געווענדט צו די אָנקומענדיקע פוילישע יינגלעכ.

זיי האָבנ זיכ דערנענטערט מיט א פריילעכנ געפײַפערײַ.

פונקט ווי אנדרושקע זײַנענ אויכ די אנדערע אוקראַינישע פּאַראָבקעס געשטאַנענ לעבנ זייערע פערד צעטראָגענע און נישט געוווּסט וואָס צו טאָנ מיט זייערע הענט. זיי האָבנ געפּוצט די הויזנ, געגלעט די פערד, געדרוקט די היטלענ אפנ קאָפּ. נײַגעריק האָבנ אלע אריבערגעקוקט צו די פוילישע, נײַגעריק אפ דעמ וואָס דאָ וועט פאָרקומענ. נישט מער, איוואַנ דמיטריכ האָט זיכ געמאכט פארטאָנ באמ אקרײַזנ, אראָפּגעקראַצט מיט א שפּענדל די בלאָטע פונ דער שאַרפ, געפּרוּווט אראָפּלאָזנ טיפער דאָס אײַזנ און העכער עס אופהייבנ. ער האָט זיכ אזש אראָפּגעלאָזט אפ די קני.

די פוילישע זײַנענ געבליבנ שטייג אקוראט אקעגנ די אוקראַינישע פּאַראָבקעס, די צוויי האָבנ אופגעהערט צו פײַפנ, דער הויכער האָט אויסגעשפּיגנ דאָס פּאַרלאָשענע ציגארעטל. ער האָט צוגעלייגט א פינגער צום דאשעק פונ קאשקעטל און שפּאָטיש זיכ פארנייגט.

— איכ הייס וולאדעק. מיר זײַנענ הײַנט געקומענ צו פאָרנ.

און וואָס ווילט איר, האָט אנדרושקע טונקל געטראכט.—איר ווילט זיכ ארײַנשמייכלענ?

— טאָ, ווי גייט די ארבעט? פונ מאָרגנ אָנ וועלנ מיר אויכ ארבעטנ באמ גראַז. וויפל צאָלט מענ אײַכ?

די אוקראַינישע פּאַראָבקעס האָבנ אריבערגעקוקט צו אנדרושקענ, ער האָט געשוויגנ. און דער הויכער וולאדעק האָט זיכ פונ זײַנ זײַט איבערגעקוקט מיט די פוילישע, א נײַגעריק שמייכעלע האָט איצט געקרײַזלט זייערע ליפּנ! נאָר וולאדעק האָט זיכ ווידער געווענדט גוטמוטיק און פרײַנטלעכ צו די אוקראַינער:

— נאָ, מיר וועלנ דאָכ אוואדע ארבעטנ צוזאמענ, און מיט דער צײַט וועלנ מיר זיכ שוינ נעענטער באקענענ. וואָ, נישט עפּשער?

די אוקראַינער האָבנ געשוויגנ.

— איר דארפט ניט זײַנ ברויגעז, מיר קומענ נישט עסנ אײַער ברויט. מיר האָבנ נאָר געוואָלט פרעגנ ווי עס גייט אײַכ און וויפל מע צאָלט אײַכ, קעדיי דער גראף זאָל אונדז ניט באדאָסנ.

— און אָט האָבנ מיר עס, אזוי ארום ווילסט אונדז ארײַנארנ אינ זאק.—האָט אנדרושקע מאניפּולירט אינ זײַנ צעטומלטנ קאָפּ. נאָר דאָס, ברודער, וועט אײַכ נישט געלונגענ.

— אָט, זײַנענ עס מאָדנע מענטשנ! שווײַגנ און גאָר.—האָט וולאדעק זיכ הויכ צעלאכט.

און איינער פונ די פוילישע, אינ די הינטערשטע רייענ, האָט איצט געזאָגט א ווערטעלע, פּרוּוונדיק נאָכמאכנ די אוקראַינישע שפּראַכ:

— צי טאָ פּראַווראַ: גריזיט רוסינ מאמאליגא. א סמערדיט יאק פּאַפּוגא, הע?

וולאדעק האָט זיכ צו אימ א קער געטאָנ און בייז געווונקענ מיט די אויגנ:

— טי טשימאַי פּיסק!

נאָר צוגלײַכ האָבנ זיכ די אנדערע מאזורנ צעהירזשעט מיט א פריידיק געלעכטער. זייערע שפּיציקע נעז האָבנ געגלאַנצט מיט בייזנ שטאָלצ.

אנדרושקע האָט זיכ אָפּגעריסנ פונ פערד, אָפּגעריסנ די האנט פונ דער געלער וואָנצע, געשטעלט א פוס נעענטער צו וולאדעקנ. די הענט האָט ער ארײַנגעלייגט אינ די הויזנקעשעניעס, אײַנגעהויקערט די דארע פּלייצע, אראָפּגעבויגנ דעמ קאָפּ. זײַנע שפּיציקע

קני האָבנ געציטערט. הינטער אים האָבנ זיכ א רוק געטאָנ די אנדערע אוקראַיִנישע פאַראָבקעס.

— וואָס וויל ער?—האָט וולאדעק געפרעגט הויכ אפנ קאָל בא זייַנע פוילישע כאַווײרים.

ער האָט אראָפּגערוקט טיפער דאָס לייַכטע קאשקעטל איבערנ שטערנ, אריַינגעלייגט די הענט אינ די הויזנ־קעשעניעס, אקוראט ווי דאָס האָט געטאָנ אנדרושקע. הינטער אים האָבנ זיכ געשטעלט די אנדערע פוילישע כעוורע.

איוואנ דמיטריכ איז געלעגנ אפ די קני, ניט אופגעהערט צו קראצנ די שווארצע ערד פונ גלאנציקנ אקערייַזנ, ניט געהערט אונ נישט געזענ וואָס ארומ אימ טוט זיכ.

שווייַגנדיק איז מענ אזוי געשטאנענ אנטקעגנ, שווייַגנדיק האָבנ זיי ארייַנגעקבערט אײנער אינ אנדערנ די בליקנ, אינ די אויגנ האָבנ זיכ געקאָרטשעט בייזע פייַערלעכ.

א מינוט האָט געדויערט א יאָר.

אונ אנדרושקע האָט דער ערשטער זיכ אונטערגערוקט נעענטער, אריַינגעקוועטשט טיפער דעמ קאָפּ אינ די שפּיציקע אקסלענ. זייַנ געלע וואָנצע האָט זיכ פארשטייַפט, ווי הארטע שטעכיקע דרעטלעכ. ער איז געשטאנענ ווי א קאצ פארנ לעצטנ שפּרונג.

אונ הינטער אימ האָבנ זיכ גערוקט די אנדערע.

מיטאמאָל האָט וולאדעק ארויסגענומענ די הענט פונ די הויזנ־קעשעניעס; אריַינגעשפּיגנ אינ זיי אונ געריבנ אײנע אינ דער אנדערער.

— עכ, דו ווילסט זיכ שלאָגנ?

— דער פאנ ושאָנצע!—האָט מענ פונ די אוקריַינישע פאראָבקעס אָנגעזאָגט.

די צוויי קעגנזייַטיקע גרופּעס האָבנ זיכ שנעל אָפּגערוקט אײנע צו די פערד, די אנדערע אפנ שפּאציר, אנדרושקע זייַטשוק האָט דעמלט א וויַיטנ שפּיַי געטאָנ צווישנ די ציינ—ציק! אונ אריבערגעשריִענ צו וולאדעקנ אפנ אייגענעמ לאָשנ:

— האוונאָ בודעש מיעל טי א האוונאָ יאָ!

אפ א הויכנ פערד, בא ווענט די הינטערשטע פיס זייַנענ געווענ פארבאנדאזשירט מיט ווייַסע לעדערנע קאמאשנ האָט גאלאָפּירט איבערנ וויַיטנ פעלד פאנ קורלאָווסקי, דער גראַפּלעכער עקאָנאָמ. שנעל צוגעריטנ נאָענט צו די אוקראַיִנישע פאראָבקעס. די שפּיצנ פונ זייַנע געפּאסטע גלאנציקע שטיוול האָבנ שטייַף געשטעקט אינ די ניקלנע פוס־האלטערס, אינ דער לינקער האנט דאָס ווייַסע צוימל, אינ דער רעכטער האָט זיכ שפּילעוודיק־לייַכט געוויגט דאָס צירלעכע בייַטשל־שטעקעלע. זייַנ לאנגער קאָפּ האָט זיכ שטאָלצ געהויבנ איניינעמ מיטנ אויסגעצויגענעמ קאָפּ פונעמ פערד.

— נו אונ פארוואָס שטייט מענ?

געפרעגט האָט ער דאָס אנדרושקענ, ווי דעמ בעסטנ אונ עלטסטנ דינער פונ הויפ.

די פערד האָבנ זיכ צופיל פארשוויצט, האָבנ מיר אביסל אָפּגערוט,—האָט אנדרושקע געענטפערט אונ א שלעפּ געטאָנ בא די לייצעס: „וויאַ־אָ“!

די אכצנ פּאָר פערד האָבנ א צי געגעבנ—פונדערווייַטנס האָבנ שפּאצירט די נייַ־אָנגעקומענע פוילישע פאראָבקעס.

ז. טעלעסין

# לידער

## נאַטיור-מאָרט

זי האָט געגרייט פאַר מיר דעם טיש
מיט ברויט און זאַלץ,
אפֿן שויב האָט זיך א וואָרפֿ געטאָן א שטערן ווי א פיש
און ניט געוואָרן באַלד;

דערנאָך האָט זי דערלאַנגט פעטן באָרשטש א טעלער,
קאַשע אפֿ מילך פאַרבריט.
פון טישטעך די אויסגענייטע רויטע הענער
האָבן שיר ניט געפּיקט.

דערנאָך האָט זי דערלאַנגט לאַטקעס אפֿ א סקאָוועראָדע,
סמעטענע אין אייגעלעך פאַרלאָפן.—
— עסט, כ׳בעט איבער אײַער קאָוועד,
מײַן טעלעצע האָט נעכטן זיך געלאָפן.

און איבער דעם סאָסנאָוון נײַעם צאַם
קוקט א זאַטע לעוואָנע
פון וואַנט אין אָנגעגלאָזטער בערעסטענער ראַם
שמייכלט אינעם וואָנצ בודיאָני.

## מיר האָבן זיך ביידע פאַרזוּעסן ביז שפּעט

מיר האָבן פאַרויכערט און האָבן גערעדט,
מיר האָבן זיך ביידע פאַרזעסן ביז שפּעט.

דער רויך האָט צו ברעטער פון סטעליע געשטיגן,
צום הילצערנעם האָק, צום פאַרקאַלעכטן ריגל—
אפֿ וועלכן אמאָל האָט געוויגט זיך דײַן וויגל...

אהין און אהער, אהער און אהין,
אין ליידיקן אויוון דערטליען די קין,

אפ הילצערנער נארע פארשפרייט א דיערוהע
און ס'וויגט דיך דײַן מאמע אָן אופהער, אָן אופהער...

און זויגסט ניט די שמאטקע מיט זיסלעכן ברויט.
מיט ווינט פולע קריגלעך אפ שטאנגען פון פלויט.
אפ זיך און אפ דיר בעט דײַן מאמע דעם טויט...

און ס'ציט זיך א רעגן ווי ראָשטשינע לייזע.
קריכן אום פרײַסן אין לײדיקער דייזשע,

פון קופערט אראָפ איז די קאַץ אפן דיל
הערט ווי א גריל ערגעץ ווײנט אין דער שטיל.

נאכט האָט פארקלעפט שוין דעם בלעך פון איקאָנע,
אין שויס האָט דײַן מאמע באהאלטן איר פּאָנעם.

און עפּעס זי זינגט, צי גאָר געהאלאָסיעט—
ווי איבערן פעלד איז געלאָפן א לאָשעק.

די דוהע אין גלעקלעך, אין סטענגעס אין רויטע
און ס'טרײַבט אָן דער שאפער צום הילצערנעם קלויסטער.

אין נײַעם קארטוז אזא שטאלצנער דער כאָסן.
גריקענער צווייט האָט די פעלדער פארגאָסן.

די קאלע אין ווײַסן... אוי קאלעניו, קאלע.
דער לאָשעק איז פלוצים אנידערגעפאלן...

צעבראָכן די אקסן, די שפּיצעס צעשאָטן,
אפ וואנט ווינט זיך אומעט, א וויג און א שאָטן...

און ס'ציילעמט די נאכט א צעטרעסקעטע דלאָניע,
ערגעץ פארגייט זיך אין ווײ א הארמאָניע...

איבערן דאָרף איז א ווינט אומגעלאָפן,
א שטילינקער ביסטו אזוי אײַנגעשלאָפן,—
די קינדהײַט מיר האָבן אין ווייטעק געטראָפן...

מיר האָבן געדרויכערט אין האָבן געשוויגן,
צו ליכטיקער סטעליע דער רויך האָט געשטיגן,
דער האָק איז אן איינציקער איידעס פארבליבן...

## אָדליגע

שמעקט מיט רויערד, מיט פעכ פונ יאָדלעס גרינע.
אינ א ווײַסנ פעלצ שטייט נאָכ די אסינע;

אפנ עלעוואטער די זונ אזא מינ גרויסע,
אָנ קלאָרנ איַז פונ אָזערעס פיש מיט קעפ זיכ שטויסנ.

נאָכ געפליעסק פונ וואסער ענטלעכ ערגעצ שרײַענ,
אפ פליגלענ אליומינעוועוע פליט אינ הויכ א סטײַע.

פליוכעט פונ די סטרעכעס, בלענדט פונ פולע עמער,
אײַז־ליכטלעכ קרישטאָלענע, אפ גאָנט פונ סטרעכעס ברענענ;

איבער ווייכנ שניי א טראקטער גייט צום פערמע,
קעלבער טאפנ זיכ די קעפ מיט די יונגע הערנער;

באם אָצעפ הירזשעט אפנ קאָל דער אָגער דער בולאנער,
דער בריגאדיר אפ העקטארנ קוקט פונ הויכנ גאנעק...

— הייסט עס, די ערד גרייט זיכ צום פארזיי—
כאזיירים זוכנ מיט די ליצנ זשאָלאָדעס אינ שניי.

## מיט דער שיפ

(קרים)

דער ברעג איז הויכ. די קיפאריסנ—גלײַכע.
דער שווארצער יאם איז גאָרניט שווארצ, נאָר גרינ.
דער זומער צײַטיקט אפ די בערג פונ קרים
אונ ס׳ציט מיט האָניק פונ דער זונ דער רײַפער.

א דעלפינ האָט אפ א הויכנ קאם
א בארג מיט וואסער אופגעהויבנ מיט דעם עק דעם פעטנ,
אונ בלאָווע הויכקײַט שווענקט דעם קאָפ אײַ־פעטרי
אונ באָדט זיכ ביז די קני אינ יאם.

דו שווארצער־גרינער יאם, (אופגעוועקטע גרונטנ)
דײַנ ווינט כ׳נעם אָנ א פולע ברוסט, דײַ. געזאלצענעם, דעם פעסטנ,
מײַנ האנט כ׳צי אויסעט א פארבראָנזטע וועסלע,
א לאנגע כוואליע וויגט מײַנ שיפ פונ אונט..

ער שווימט אזא מינ שיינער, אזא שטאָלצער גייט ער,
געצירט אינ ריינעמ מעש, די ברוסט אינ שטאָל געפאנצערט.
אינ וועלכע, וועלכע יאמענ האָט געטאָגט דיינ אנקער,
גענעכטיקט האָסטו ווו אינ וויג פונ דיינע קייטנ
דו, וואגעבונד פונ וואסערדיקע ברייטנ...

אונ ער ענטפערט אָפ דורכ דער טרויב דער גרוימער:
— שיט די גערעטעניש אינ טריומ, דעמ וויניקנ ציטרינ.
אוכ, די שטימ זיינע! אינ בערג הילכט זיכ אָפ זיינ שטימ,
מעוועס טראָגנ אונטער פאכוועס שטיקער הייסנ שוימ.

אפנ שיפ־דעק כ׳שטיי, א צופלוס יאָגט פונ פערזנ...
אינ אויער ראשט, כ׳פארכליאָבע זיכ אינ זינגענדיקנ זעט.
ס׳באגעגנט יאלטע אינדז מיט גאָלדענעמ ראניעט,
מיט סאנאטאָריעס מיט מירמלנע קאָטעדזשנ.
ווי וויסע שוואלבנ־נעסטנ צוגעקלעפט צו פעלדונ.

דער שיפ קומט אָנ. אלצ ווי אויסגעגאָסנ
איז אפ אימ פונ ברייטער טרויב ביז דער שמאָלער דעק.
קרימ פארהויבט די סעדער איבער בערג
מיט וויינטרויבנ, מיט פולע אבריקאָסנ,
ווי אפ א סימכע שוימענדיקע קאָסנ—
לעכייעמ שיפ דיר פונ דיינ וויטנ וועג!

**א. יודלסאָן**

# לידער

## מענטש

מיר גייען שטענדיק אום די קעפּ פאַרהויבן.
ס׳האָט פּראָקאָפּיעוו דאָרט צום הימל זיך דערקליבן
פונוואַנען קאַמנעווע שפּאַצירט זיך מיטן ווינט;
און ס׳פּעלט אונדז אָפּט א פּאַסיק וואָרט אפּ לויבן,
און ס׳דאַכט זיך—ווייניק איז א האַרץ אפּ ליבן
אַזוי, ווי יעדערער פאַרדינט.

ווער קאָן זיי אָנציילן די טרײַע זין און טעכטער,
און ווער קאָן אָנרופן די נעמען פון די העלדן
מיט וועמען ס׳איז דאָס לאַנד אַזוי געבענטשט?
מיט הייסן בלוט, מיט מיידלשן געלעכטער
זיי קומען טויזנטער צום קרעמל־וואַנט זיך מעלדן
מיט דעם נאָמען: מענטש!

דעם נאָמען טראָגן זיי אין זייער לײַכטן שוועבן
שטאָלץ פאַרהויבן איבער אונדזער ערד,
צו דעם, וואָס האָט דעם נאָמען זיי געגעבן,
צו דעם, וואָס האָט געכאָוועט זייער לעבן,
צו דעם, וואָס האָט דערהויבן זייער ווערט.

א נאָמען איז פאַראַן—דעם נאָמען קענען אַלע.
פון אוּל ביז קרעמעל טוט דער נאָמען שאַלן.
מע דערמאָנט דעם נאָמען—און די אויגן שטראַלן.
און עס פילט שוין יעדער—ער וועט ניט פאַרפאַלן
מיט דעם גרויסן נאָמען: יאָסיפ סטאַלין.
ווײַל אין דעם־אָ נאָמען יעדערער דערקענט
זײַן לײַבלעכן, זײַן אייגן נאָמען:
— מענטש!

# צו א פרייַנט אינ אויסלאַנד

אזוי איז עס פרייַנט. ביסט שוינ אויכ ניטאָ דאָרט.
ביסט שוינ אויכ איבער דער וועלט אוועק.
פונקט ווי ס׳וואָלט די האַרבע צייַט געפּאָדערט
מייַנ געבורט־שטאָט בלייַבנ זאָל א פלעק,
א גרויער פלעק נאָר בלייַבנ אינ זיקאָרנ —
הייסט עס, פרייַנט, ביסט אויכ שוינ אָפּגעפאָרנ.

דאכט זיכ מיר, ווענ קומענ כ׳וואָלט אהינ איצט
ווו איכ האָב אזויפיל פרייַנט געלאָזט,
וואָלט איכ קיינעמ דאָרטנ, קיינעמ ניט געפינענ,
בלויז די ווענט די שטיינערנע פונ פּאָסט
פארנומענ וואָלטנ דאנ מייַנ ווארעמענ גערוס
אונ דערציילט, ווי דאָרט איז וויסט אונ פּוסט.

האָט דייַנ בריוו פונ פּראָג מיכ ניט פארוואונדערט,
כ׳ווייס: וועסט מאָרגנ שרייַבנ פונ פאריזש,
פונ ניו־יאָרק, צי נאָכ פונ א שטעט הונדערט, —
פּאָדערסט ברויט אונ בונטעוועסט זיכ, ביז —
ס׳נעמט נאָכ דיר די פּאָליציי זיכ יאָגנ,
מוזטו דאנ אוועק, ווהינ די אויגנ טראָגנ.

אָ, מענאכעמ־מענדל! פרייַנט, ניט דיכ איכ רופ עס
ס׳הענגט זייַנ גורל אפ אייראָפּעס שטעט,
וואָלסט זיי לאנג געשיקט צו אלדע רוכעס
פאר איינ שטעטלדיקנ, דאָרפישנ סאָוועט.

וועסט שוינ אפּאָנעמ וואנדערנ ביז קומענ וועט א וויכער,
א שטורעמ, וואָס דאָרט איז קיינמאָל ניט געווענ,
אונ אינעמווירבלווינט, מייַנ פרייַנט, וועסטו אויכ זיכער
דייַנ יוגנט—די פארפייַניקטע דערזענ,
אונ ס׳וועלנ פעלקער אינעמ ווינט דערקאָנענ
די אומגעקערטע יוגנט פונ מיליאָנענ.

אונ דעמלט, קעדיי צו פאָרנ דיר אנטקעגנ,
קעדיי געפינענ דיכ אפ אונדזער גרויסער ערד,
אינעמ מאָסקווער אדרעסנ־טיש כ׳וועל פרעגנ
דייַנ ווינ־אָרט אינ אלוועלט פססר.
אונ כ׳בינ זיכער, פרייַנט, מיר וועלנ זיכ דאנ זענ
אינ טעלמאנ־שטאָט צי אינ דער שטאָט קאשענ.

יול 1935.

ה. רעליעס

# פון די לידער „שטעטעלע"

כ׳האָב ליב מײַן שטעטעלע וואָס גייט אופ אין דערמאָנונג
מיט רויש, מיט פרײַנטלעכן פון אירע קליאָנעו.
און ניט אזוי די קליאָנען,
ניט אזוי דער רויש,
ווי אלץ וואָס האָט זיך שיין אזוי געביטן.
אין אירע געסעלעך איך גיי ארויס,
מיר דוכט זיך אויס
איך בין דאָ קיינמאָל ניט געטראָטן.

און ס׳ווילט זיך גיין אזוי און גיין
צו יעדער נײַער שטוב,
צו יעדן נײַעם מויער
ביז אן אויסגעמאטערטער איך זעץ זיך אפ א שטיין,
באם אלטן הויז,
באם אלטן טויער,
וואָס האָט געעפנט זיך מיט זיבן יאָר צוריק,
ווען כ׳האָב א וואָרפ געטאָן א לעצטן אומרויִקן בליק.
נו, וואָס האָב איך געקאָנט דעמלט פארלאָזן,
אויסער בלויע וואסער און פרילינגדיקע גראָזן;
און כ׳דערמאָן ווי כ׳בין געפאָרן,
כ׳האָב געקוקט אהינצו ווײַט,
די לעוואָנע שוועבט פונפאָרנט
און מײַן טאטע בא דער זײַט.

און נאָכדעם, אז איך בין אין שטאָט געקומען,
פלעג איך אָפטמאָל צומאכן די אויגן,
אָט אזוי צום טישל צוגעבויגן
און כ׳פלעג זען:
ווי אן אלטע בעטלערקע א ווערבע בא די שויבן
האָט די צווײַגעלעך צעצויגן איבער דאך,

באמערקט האָט זי צעשאָטענע אין אויגן
שטערנדלעך מעזומענע אסאך.

נאָר איצט אין פרילינג,
זיץ איך אפ די צווייַגן,
אונטן איז דאָס שטעטעלע
צעשפרייט אזוי
צעשאָטן.

ווי ס׳וואָלט א סטראזשניק
דאָ ניט לאנג פארבייַגייַן,
אין די שטומע הייַזעלעך
זאמלען זיך פארבאָטן.
אָט איז דער מארק,
מיט קעפ אפ קעפ
און אלע קעפ זייַנען געבויגן
און ווייַבער טראָגן גרויסע קערב
פארשימלטע בייגל.
קערב מיט בייגל אפ די ראָגן,
דוכט זיך, וואָס איז דאָ,
ווען כ׳זאָל אין קעשעניע פארמאָגן
כאָטש איין איינציק גראָשנדל,
וואָלט איך דאן געקויפט א בייגל
און פארקלעמט עפ׳שער דעם הונגער,
נאָר איך זע שוין, פאר די אויגן
שווינדלען פייַערדיקע רונגען,
און מיט שוים זיי ניט פארלעשן
און אין ערגעץ ניט אנטלויפן,
כ׳האָב הייַנט נאָך גאָרנישט ניט געגעסן
זע, ווי ס׳ווייטיקן די שלייפן.

עך, א לעבן וואָס איז דאָס
כ׳זיץ אזוי און טראכט,
און רייַכע האָבן גראָשנדלעך,
ווי שטערנדלעך די נאכט.
גראָשנדלעך,
און מאנדעלעך
און רויטע פאָמעראנצן.
און איך פאל אונטער דער ווערבע
און צעבלוטיק זיך אינגאנצן.

פלעג איך דאן מיט צוגעמאכטע אויגן
נעענטער צום טישל זיך פארבויגן
און כ׳פלעג זען:
ארום פארקן שפרייזט
א וואָראָן
און מיט שפּייז איז ער באוואָרנט.
מיסט און בלאָטע קלעקט דאָ,
בלויע הייכן סטייען
פליגלען,
פעדערן
און עקן
הויבט זיך אוף א שווארצע סטייע,
און צעשפליטערט ווי א רויך ווערט
און פארמיטטיקט גאָרע אויגן
איך א יינגעלע א בלייכער
האָט דאָס קעפעלע פארבויגן:
— היי, דו וואָראָן, שווארצער וואָראָן
ווייִ און ווינד צו דיינע יאָרן.

און זיי קומען, און זיי קומען
ס׳ברענען הייזער,
ס׳ברענען ווענט,
און מיין מאמע לעבן ברונעם
ברעכט די הענט.
— — — — — — — — — — —
האסטיק עפן איך די אויגן,
ווייל כ׳האָב מער שוין ניט געקענט.

טשאשניק, יול 1935 י.

אקאד. ס. יא. וואָלפסאָנ

# ליעוו טאָלסטאָי

## צום 25-טנ יאָרטאָג פונ זײַנ טויט

אָפּמערקנדיק דעם 25־טנ יאָרטאָג פונ טאָלסטאָיס טויט, דארפנ מיר דערמאָנענ יענע סיטואציע, אינ וועלכער ער איז פאָרגעקומענ און יענעמ געזעלשאפטלעכנ רעזאָנאנס, וועלכנ ער האָט ארויסגערופנ.

טאָלסטאָי איז געשטאָרבנ אפ דער גרענעצ פונ דער טיפער רעאקציע און דעם אופשטײַג פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. עס האָט זיכ נאָכ נויקעמ געוועזנ אָנ די ארבעטער און פויערימ דער בלוטיקער צארישער צײַטהערשער פיאָטר סטאָליפינ. די שווארצמייִקע מעלוכישע דומע האָט געדינט אלס ארגאנ פונ פאָגראָמ־העצעס, פונ כוליגאנישנ באלעבאטעוועג פונ די פורישקעוויטשעס, אלס אָפּעראטיווע באזע פאר די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע געשעפטלעכ פונ די ליבעראליזירנדיקע קאדעטנ מיטנ סטאָליפינישנ רעזשים. די בורזשואזע אינטעליגענצ איז פארזונקענ איבער די אויערנ אינ גאָט־זוכערישער מיסטיק, אינ דער אפנ רוסישנ אויפנ באנײַטער ניטשעאנסטווע, אינעמ פריירידיקנ „קליינע מײַסימ“. אינ דער ליטעראטור האָבנ געהערשט די אנדרייעווישע באלעבעסלדיקע „שוידערלעכקײַטנ“ און די ארציבאשעווישע פאָרנאָגראפיע. די נעכטיקע פראָגרעסיסטנ האָבנ האכנאָעדיק געבעטנ וועגנ פארגעבנ די זינד פונ זייערע „רעוואָליוציאָנערע“ לײַדנשאפטנ און האָבנ געזונגענ א לויב־געזאנג דער קאזאקישער נאהײַקע. די בערדײַעווס און גערשענזאָנס האָבנ אינ פאניק געשריִענ:

„וואָסערע מיר זאָלנ ניט זײַנ, טאָרנ מיר ניט טרוימענ וועגנ צונויפגיסנ זיכ מיטנ פאָלק, מירע האָבנ דארפנ מיר פאר אימ מער פונ אלע שפיצלעכ פונ דער מאכט און בענטשנ דידאָזיקע מאכט, וואָס באשיצט אונדז נאָכ מיט אירע שפיזנ און טורמעס פונעמ פאָלק־צאָרנ...“ („וועכי“).

אָבער עס האָבנ זיכ שוינ אָנגעהויבנ אָנמערקנ די ערשטע סימאָנימ פונעמ קער און אופשטײַג פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. די באָלשעוויסטישע פארטיי, אונטער דער אָנפירונג פונ לענינענ—סטאלינענ, האָט זיכ אידייִש אלצ מער באהעפט: עס האָט אָנגעהויבנ באקעמפט ווערנ די אָרגאניזאציאָנעלע צעקראָכנקײַט אינ די פארטייִשע רייענ... אלצ אָפטער זײַנענ אויסגעבראָכנ עקאָנאָמישע שטרײַקנ, וואָס האָבנ איידעס געזאָגט וועגנ דעמ, אז דער ארבעטער־קלאס הייבט אָנ אריבערצוגיינ אינ אָנגריפ, עס זײַנענ פאָרגעקומענ באזונדערע מאניפעסטאציעס, וואָס האָבנ בוילעט באוויזנ, אז עס הויבט זיכ אָנ א רעוואָליוציאָנערע ברויזונג.

אפ דעם דאָזיקן פאָן איז פאַרגעקומען טאָלסטאָיס טויט, ארומגערינגלט מיטן אָרעאָל פון טראַגישקײַט צוליב זײַן אנטלויפן פון דער היים, דידאָזיקע אייגנארטיקע טאָלסטאָישע דעמאָנסטראציע קעגן דער וועלט פון עקספּלואטאציע און אינטערדריקונג.

דעם מאכטלאָזן און פרוכטלאָזן טראגישן זשעסט פונעם 82־יאָריקן אלטן, יענעם אײַנדרוק, וואָס טאָלסטאָיס טויט האָט געמאכט אפ די מאסן, האָט געפּרווט אויסנוצן די בורזשואזע אינטעליגענץ פון צארישן רוסלאנד, קעדיי צו אָנלעבן אפ אים פּאָליטישן קאפּיטאל. אין איינהײַטלעכן פראָנט—פון די מעלוכישע רעפּטיליען ביז די ליבעראל־אָפּאָזיציאָנעלע אויסגאבן—האָט די בורזשואזע פּרעסע געגאָסן קראָקאָדיל־טרערן איבער טאָלסטאָיס קיינווער. דעם הענקער סטאָליפּינס אונטערהעלפער האָבן אפ די שפאלטן פון „גאָלאָס מאָסקווי" ליריש באשריבן דעם „אלרוסלענדישן טרויער", וואָס האָט ארומגעכאפּט דאָס לאנד אין צוזאמענהאנג מיט טאָלסטאָיס טויט; יודושקא־מענשיקאָוו האָט אויפגעוויזן אין „נאָוואָיע ווערעמיא", או טאָלסטאָיען האָט מען אָנגעווענדערט פון קלויסטער צוליב די שפּיצלעך פון די יידן און האָט פּא־וואנדלט טאָלסטאָיען אין א מיטקעמפער פון דעם גאַלעך יאָהאן קראָנשטאדסקי... די ליבעראלע באלאלײַקינס האָבן פארשוועקט די שפאלטן פון די קאדעטישע צײַטונגען מיט א שטראָם צווייעסריקע פראזן וועגן דעם וועלט־געוויסן", וועגן „זייער פון עמעס", האָבן ווי א נאכטיגאל זיך צעגאָסן, באזינגענדיק דעם „לערער פון לעבן", דעם „אפּאָסטאָל פון ליבע און ברידערלעכקײַט..."

נאָך דער פּרעסע פון די קאדעטן און פּראָגרעסיסטן האָבן ווי א הענדל זיך צעזונגען אויך „די העלדן פון דער רעמארקעלע" פונעם מענשעוויסטיש־ליקווידאטארישן לאגער, אויך ניט קארגנדיק קיין געצאצקעטע און שאבלאָנע ווערטלעך וועגן דעם „גרויסן געוויסן", אָפּטמאָל דערגייענדיק אפילע צום פּרווון „פאראייניקן" טאָלסטאָיען מיט מארקסן.

די פּאטריאָטיש־ליבעראלע זנוס־ווערטער פון די קלאָגמוטערס פון דער בורזשואזער פּרעסע האָט באגעגנט א צעשמעטערנדיקן ווידערשטאנד מיצאד וו. אי. לענינען.

אויפדעקנדיק דאָס ליבעראלע אידעאליזירן טאָלסטאָיען, האָט לענין אויפגעדעקט זײַן ניט קאָנסעקווענטקײַט, ער האָט אויפגעדעקט זײַנע קלאסן־וואָרצלען און די היסטאָרישע באדינגלעכקײַט, ער האָט באוויזן די סאָציאלע סיבעס פון טאָלסטאָיס ווידערשפּרוכן, ער האָט פעסטגעשטעלט, ווו איז טאָלסטאָיס קראפט און אין וואָס איז זײַן שוואכקײַט, אין וואָס איז זײַן גרויסקײַט און אין וואָס די באגרענעצטקײַט, ער האָט געגעבן אומפארגלײַכבארע מוסטערן פון א דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישן צוגאנג צו טאָלסטאָיען, פון אָפּשאצן אים, שטייענדיק אפ די פּאָזיציעס פון רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאריאט. איבער טאָלסטאָיס קיינווער האָט לענין גערופן דעם ארבעטער־קלאס צו דערלערנען טאָלסטאָיס געניאלע קינסטלערישע ווערק; צוזאמען מיט דעם האָט ער גערופן דעם פאָרגעשריטענעם פּראָלעטאריאט אויפצוקלערן פאר די ארבעטנדיקע מאסן די באדײַטונג פון טאָלסטאָיס קריטיקירן דעם קאפּיטאליזם, קעדיי זיי זאָלן זיך אויפהייבן צום אנטשיידענעם רעוואָליוציאָנערן שלאכט קעגן דער בורזשואז־פּריצישער אָרדענונג, פאר אויסבויען די סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

" " "

טאָלסטאָי איז געווען א גוטבאזיצער, א פּאָרעץ, אן אריסטאָקראט, ניט נאָר לויטן געבורט און לויט דער דערציִונג. יאָרנלאנג איז ער געווען ניט נאָר א זון פונעם רוסישן אדל, א פאָרשטייער פון זײַן אריסטאָקראטישן אויבערשטן שיכט, נאָר אויך זײַן דיכטער,

זײַנ זינגער, ווי אנ אדעליקער אונ א ייִכעסדיקער פאַרעצ, האָט טאָלסטאָי געשריבנ „דעטסטוואָ, אָטראָטשעסטוואָ אי יונאָסט“, מיט ליבע אָפשפיגלענדיק די פריצישע סוויוע, אינ וועלכער ער איז געוואָקסנ אונ איז דערצויגנ געוואָרנ. ווי אנ אדעליקער אונ א פאָרעצ, האָט ער געשאפנ זײַנע אומשטערבלעכע לײַוונטנ פונ „וואָינא אי מיר“, די דאָזיקע עפּאָפּייע פונ רוסישנ אדל, פונ זײַנ רום אונ גרויסארטיקײַט. אינ זײַנ געניאַלנ ראָמאַנ האָט ער געגעבנ א בוילעטנ בילד פונ די זיטנ אונ שטייגער פונעמ אדל, ער האָט דאָ געגעבנ העראָיִק פונ זײַנ קלאס. וויפל ליבע, באגײַסטערונג אונ שטאָלצ מיט זײַנ קלאס האָט טאָלסטאָי ארײַנגעלייגט אינ די בענדער פונ „וואָינא אי מיר“ מיט וואָס פארא סימפאטיע אונ צערטלעכקײַט באווײַזט ער די ראָסטאָווס, די באָלקאָנסקיס, די בעזוכאָווס, די דאָזיקע גאנצע גאלעריי גראפנ, פירשטנ, ווײַסביינעקע אריסטאָקראטנ—דעמ אריסטאָקראטישנ אויבערשטנ שיכט פונ דער צארישער אימפעריע, וואָס ער האָט געשילדערט מיט אזא אומפארגלײַכבארער קינסטלערישער קראפט.

אלצ, וואָס איז געווענ אויסער די ראמענ פונ דעמ דאָזיקנ קלאס, האָט ווייניק אינטערעסירט דעמ גראפ ליעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי, דעמ פּאָרעצ אונ קאָנסערוואטער, דעמ איבערצײַגטנ סוינע פונ די דעמאָקראטנ אונ רעוואָליוציאָנערנ, וואָס האָט מיט פאראכטונג געקוקט אפ די „וואנצנ־שטינקענדיקע“ שרײַבער־„ראזנאָטשינצעס“. די געשטאלט פונ פלאטאָנ קאַראטײַעוו אָבער, וואָס טאָלסטאָי האָט געשאפנ מיט אזא ליבע, שפּילט בא אימ ניט קיינ זעלבסטשטענדיקע, נאָר אזוי צו זאָגנ, א באהילפיקע ראָליע,—אלס „אויפקלערער“ אונ רעטער פונ פיער בעזוכאָוונ.

אינעמ ניט פובליקירטנ פאָרוואָרט צו „וואָינא אי מיר“ האָט ער געשריבנ:

„אינ מײַנע ווערק פיגורירנ בלויז פירשטנ, וואָס ריידנ אונ שרײַבנ אפ פראנצויזיש, ווי, קלוימערשט, דאָס גאנצע רוסישע לעבנ פונ יענער צײַט זאָל זיכ גרופירנ אינ דידאָזיקע מענטשנ... דאָס לעבנ פונ די אמטלעכע, סאָכרימ, סעמינאריסטנ אונ פויערימ אינטערעסירט מיכ ניט אונ איז פאר מיר האלב אומפארשטענדלעכ“.

אָבער אפ א באשטימטנ עטאפ פונ זײַנ לעבנ האָט טאָלסטאָי זיכ אָפגעקערט פונ יענער וועלט, וואָס פונ איר סוויווע איז ער ארויסגעגאנגענ, וועלכער ער האָט אָפגעגעבנ די בעסטע פארבנ פונ זײַנ קינסטלערישנ שאפנ, ניט נאָר אָפגעקערט זיכ פונ איר, נאָר איז אפילע אוועקגעגאנגענ קעגנ איר.

„... לויטנ געבורט אונ לויט דער דערציִונג,—זאָגט לענינ,—האָט טאָלסטאָי געהערט צו דער העכסטער פריצישער אריסטאָקראטיע אינ רוסלאנד.—ער האָט צעריסנ מיט זײַנע געוויינטלעכע אָנשויונגענ פונ דערדאָזיקער סוויווע אונ אינ זײַנע לעצטע ווערק האָט ער זיכ ארופגעוואָרפנ מיט א לײַדנשאפטלעכער קריטיק אפ אלע איצטיקע מעלוכישע, קלויסטערישע, געזעלשאפטלעכע, עקאָנאָמישע אָרדענונגענ, וואָס באזירנ זיכ אפנ אונטערדריקנ די מאסנ אפ זייער דאלעס, אפ דער צערוויִנירונג פונ די פויערימ אונ פונ די קליינע באלעבאטימ אינ אלגעמיינ, אפ גוואלדאט אונ צוויִעס, וואָס זאפנ דורכ פונ אויבנ ביז אונטנ דאָס גאנצע איצטיקע לעבנ“ [1]. וואָס זשע האָט געבראכט צו דעו דאָזיקער איבערקערעניש אינ טאָלסטאָיס וועלט־אָנשויונג, מיט וואָס אונ וויאזוי איז זי ארויסגערופנ געוואָרנ?

ס'איז אָנ שומ צווייפל, אז אנ אנטשיידנדיקנ שטויס אינ דערדאָזיקער הינזיכט האָט געגעבנ טאָלסטאָיענ די אופטרייסלונג פונ, די עקאָנאָמישע יעסוידעס פונ רוסישנ אדל, וועמעס

[1] לענינ, געזאמלטע ווערק, ב. XIV, ז. 405 (רוסישע אויסגאבע).

אידעאָלאָג ער איז געווען. דאָס האָט געבראַכט אויך צום קראַך פון די אידעאָלאָגישע און מאָראַלישע יעסוידעס פון גענ:אַלן שרײַבער. אין „איספּאָוועד” זאָגט טאָלסטאָי „איך האָב דערפילט, אַז דאָס, אָפּ וואָס איך בין געשטאַנען, האָט זיך אונטערגעבראָכן, אַז איך האָב ניט אָפּ וואָס צו שטיין, אַז דאָס, מיט וואָס איך האָב געלעבט—איז שוין ניטאָ, אַז איך האָב ניט מיט וואָס צו לעבן...”

דער פאַרשטאַרקטער וווּקס פון קאַפּיטאַליזם האָט צעטרייסלט די פעאָדאַל־לײַבייגנטימערישע יעסוידעס פון אַלטן פּאַטרי:אַרכאַלן רוסלאַנד. אָפּ די דווירעסדיקע פּריצישע מאַיאָנטקעס האָט אָנגעהויבן אָנגרײַפן דער אינדוסטרי:עלער און פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואָס האָט געשאַפן אַקצי:אָנערע געזעלשאַפטן, וואָס האָט געבויט אײַזנבאַנען, פאַבריקן און זאַוואָדן, וואָס האָט געגרינדעט בענק. די אַריסטאָקראַטישע פּריצים זײַנען מיט מוירע און פאַראַכטונג אָפּגעטראָטן אָן אַ זײַט פאַרן סוחער, פאַרן פאַבריקאַנט, פאַרן באַנקיר. די בורזשואַזיע האָט האָזעדיק אָפּגערייניקט פאַר זיך דעם וועג צו עקאָנאָמישער הערשאַפט. אירע טריט הערן זיך שוין אָפּ היפּש זײַטלעך פון „אַנאַ קאַרענינאַ”, אָפּ וועלכע עס פאַלן די גרויזאַמע שאָטנס פון די ראַבינינס און שוצבורגס—די נײַע „באַלעבאַטים פון לעבן”, וואָס צעטרעטן „די פּריצישע נעסטן” פון דער פאַראָרעמטער אַריסטאָקראַטיע.

דער קאַפּיטאַל האָט פאַרשקלאַפט מיליאָניקע מאַסן צערוי:נירטע פּויערים—אַן אומויסשעפּלעכער רעזערוואַר פון ביליקער אַרבעט־קראַפט. דאָס שטאַרקע ברעכן זיך פון דער פעאָדאַל־לײַבייגנטימערישער אָרדענונג און דער איבערגאַנג צו די בורזשואַזע באַדינגונגען, האָט זיך אָפּגערופן אָפּ דער לאַגע פון די מאַסן מיט נײַע צאָרעס און רוי:נירונג, מיט נײַע פאָרמען פון אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע. די קלאַסן־ווידערשפּרוכן האָבן זיך פאַרשאַרפט סײַ אין שטאָט, סײַ אין דאָרף. און דאַן האָט טאָלסטאָי פאַרהאַסט דידאָזיקע נײַע אָרדענונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין רעזולטאַט פונעם שאַרפן און קרענקלעכן ברעכן זיך פון די אַלטע יעסוידעס. ער האָט זיך געשטעלט אין אָפּאָזיציע צו איר, ער איז געוואָרן איר לײַדנשאַפטלעכער קריטיקער און באַשולדיקער.

דער קעגנזאַץ צווישן דער וואַקסנדיקער רײַכקײַט פון אַ הײַפל פּאַראַזיטן און דעם שרעקלעכן דאַלעס פון די ברייטע מאַסן איז די צענטראַלע פראַגע, וואָס ליינג זי האָט טאָלסטאָי געשטרעבט די גאַנצע לעצטע העלפט פון זײַן לעבן.

טאָלסטאָי קריטיקירט שאַרף די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. ער דעקט אויף, לאַכט אויס, שטעמפּלט, שילט די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכע, איר אַרמײַ, איר געריכט און פּאָליצײַ, איר פאַמיליע און קלויסטער, די וויסנשאַפט און דאָס אייגנטום, די שול און די מאָראַל.

ער ווערט אויפגעבראַכט קעגן דעם פּאַראַזיטיזם פון די רײַכע און דעם דאַלעס פון די אָרעמע, קעגן דעם שענדן און קאַליעטשען די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט בײַ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, קעגן דער פאַלשקײַט פון דער בורזשואַזער ציוויליזאַציע. און דאָס אַלץ מיט אַ ריזיקער קראַפט פון איבערצײַגונג, מיט קאָלאָסאַלער אויפריכטיקײַט און לײַדנשאַפטלעכקײַט, מיט אומדערשרעקבאַרער דרייסטקײַט, מיט געני:אַלער קינסטלערישער אויסדריקלעכקײַט.

דער פאַרהאַסטער און פאַרשאָלטענער אָרדענונג, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, האָט טאָלסטאָי אַנטקעגנגעשטעלט זײַן אידעאַל פון דער נײַער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג:

„פאַרניכטעט דאַרף ווערן די אָרדענונג די קאַפּיטאַליסטישע און פאַרביטן ווערן מיט דער סאָצי:אַליסטישער; פאַרניכטעט דאַרף ווערן די אָרדענונג פון מיליטאַריזם און פאַר־

ביטן ווערן מיט אנטוואָפּענונג און ארביטראַציע; פארניכטעט דארף ווערן דער סעפּעראַטיזם פון דער שמאָלער נאַציאָנאַליטעט און פארביטן ווערן מיטן קאָסמאָפּאָליטיזם און אַלגעמיינער ברידערלעכקייט; פארניכטעט דארפן ווערן אלערליי רעליגיעזע פארורטיילן און פארביטן ווערן מיטן סייכלדיקן רעליגיעזן מאָראלישן באוווסטזיין; פארניכטעט ווערן דארף יעטווידער דעספּאָטיזם און פארביטן ווערן אף פרײַהייט; מיט איין וואָרט, עס דארף פארניכטעט ווערן דער גוואלדטאַט און פארביטן ווערן מיט דער פרײַער און ליבנדיקער איינִיקייט פון די מענטשן" (ל. טאָלסטאָי „וועגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג").

ס'וואָלט זיך געדוכט, אז דעקלארירנדיק אלס זײַן אידעאל דאָס פארניכטן דעם קאַפּיטאליזם און דאָס פארבײַטן אים מיטן סאָציאַליזם, דארף טאָלסטאָי ווערן אן אָנהענגער פון דער רעוואָליוציע און אריבערגיין אף די פּאָזיציעס פון יענעם קלאס, וועלכן די געשיכטע האָט ארויסגערוקט אין דער ראָליע פון א שעפער און הענגעמאָן פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, דאָס הייסט, פונעם פּראָלעטאריאט. ווי מיר ווייסן איז עס ניט נאָר ניט פאָרגעקומען, נאָר, פארקערט, טאָלסטאָי איז זײַן גאנצן לעבן געווען אן איבערצײַגטער קעגנער פון דער רעוואָליוציע, א פארביסענער סוינע פון איבערבויען די געזעלשאפט מיט גוואלד, ער האָט ניט פארשטאנען די ראָליע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס, ער האָט אָפּגעלייקנט דעם קלאסן־קאמף, צום פּראָלעטאריאט האָט ער זיך באצויגן מיט קאלטער גלײַכגילטיקייט און אָפט מיט פאראכטונג און אפילע מיט פײַנטשאפט.

אין דער רעוואָליוציאָנערישקייט פונעם פּויערטום האָט ער ביכלאל ניט געגלויבט און געהאלטן, אז אופהויבן אף א רעוואָליוציע „קאָן מען די פּארהיפּנאָטיזירטע פאבריק־ארבעטער אָבער ניט די פּויערים" (פון שמועס מיטן זון איליא לוואָוויטש, פארשריבן דר. מאקאוויצקי).

צו די ארבעטער האָט זיך טאָלסטאָי באצויגן מיט שלעכט־באהאלטענער פאראכטונג. ווען טאָלסטאָיען איז אויסגעקומען צו שילדערן אן ארבעטער אָדער א רעוואָליוציאָנער, האָט ער פאראטן זיך אליין אלס געניאַלן קינסטלער. ערגעץ ווו ווערט פארשווונדן די געוויינלעכע טאָלסטאָיִשע עמעסדיקייט, עס ווערט אויסגעלופטערט דער קינסטלערישער טאקט און אָנשטאָט א פּלאסטישער געשטאלט, פון וועלכע טאָלסטאָיס געני האָט געשאפן אן אומענדלעכע גאלעריע, באקומט זיך א פלאכע קאריקאטור, ווי יענע פאבריק־ארבעטער, וואָס זײַנען געשילדערט אלס שיקורים און פארעטער אין „וואָינא אי מיר", ווי קאנדראַטי מארקעלאָוו אין „וואָסקרעסעניע", ווי פראַבאזשי—רער גאנעוו און שיקער אין דער פּיעסע „אָט ניי ווסיע קאטשעסטוואַ".

אין זײַנע קינסטלערישע לײַוונטן שילדערט טאָלסטאָי די רעוואָליוציאָנערן קאריקאטוריש. אין זײַנע פילאָזאָפיש־פּובליציסטישע ווערק גרענעצט ער זיך אָפּ פון זיי. „שוין באלד 30 יאָר ווי איך כאוער איבער פון אלע זײַטן איינס און דאָס זעלבע,—האָט טאָלסטאָי געשריבן טרעגובאָוון אין 1901 יאָר,—אז די גאנצע זאך איז אין דעם גײַסטיקן צושטאנד פון די מענטשן, אז יעטווידער גוואלדטאַט איז זינד, און די אָנוועזנהייט פון די יעניקע, וואָס קעמפן קעגן גוואלדטאַט, איז זינלאָזיקייט. און דעריבער וועט אן אופריכטיקער מענטש ניט אופמישן מיך מיט די פארגוואלדיקער—די רעוואָליוציאָנערן.

אויב טאָלסטאָי איז געווען אזוי ווײַט פון דער רעוואָליוציע און אזוי פײַנטלעך צום פּראָלעטאריאט, אנטשטייט די פראגע, פון וועלכע זשע פּאָזיציעס האָט ער לײַדנשאפטלעך קריטיקירט דעם קאפּיטאליזם, אלס אידעאָלאָג פון וועלכע קלאסן איז ער ארויסגעטראָטן,

ווי א הייסער פּראָטעסטאנט קעגנ דער וועלט פונ דער קאפּיטאליסטישער אונטערדריקונג און עקספּלואטאציע?

לענינס אויסגעצייכנטע ארטיקלענ וועגנ טאָלסטאָיענ האָבנ מיר צו פאַרדאנקענ דעם אויסשעפּנדיקנ ענטפער אפ דערדאָזיקער פראגע.

לענינ האָט באוויזנ, אז טאָלסטאָי איז אנ אויסדריקער פונ די שטימונגענ פונ יענע ארבעטנדיקע מאסנ, וואָס האָבנ זיכ שוינ דורכגעדרונגענ מיט דער פיַינטשאפט צו דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, זיַינענ אָבער נאָכ ניט דערגאנגענ צום באוווסטזיניקנ און אָנ־ראכמאָנעסדיקנ קאמפּ קעגנ איר. ער האָט באטראכט טאָלסטאָיענ אלס אידעאָלאָג פונ די־דאָזיקע, הויפּטזעכלעכ, פויערישע מאסנ, וואָס קעמפנ סטיכייִש קעגנ דער אָרדענונג פונ אונטערדריקונג און עקספּלואטאציע, וואָס זיַינענ אָבער אינ דעמדאָזיקנ קאמפּ נאָכ ניט געגנונג באוווסטזיניק און זיַינענ באגרענעצט מיט א שמאָלנ האָריזאָנט.

טאָלסטאָי וויקלט פאנאנדער די קריטיק פונ קאפּיטאליזמ שטייענדיק אפ די פּאָזיציעס פונ „פּאטריִארכאלנ נאִיוונ פויער”, וואָס איז ארומגעכאפּט מיט ייִעש צוליב דעמ אָנגריפ פונ קאפּיטאל, וואָס פּראָטעסטירט קעגנ אימ, אָבער טרעט ניט ארופּ אפנ וועג פונ רעוואָ־ליוציִאָנערנ קאמפּ, נאָר באגרענעצט זיכ מיט רעזאָנירישקיַיט און זיפצנ.

אפ אזא אויפנ האָט טאָלסטאָי, וואָס האָט זיכ אליינ אָנגערופנ „דער אדוואָקאט פונ הונדערט מיליאָניקנ ערד־ארבעטערישנ פאָלק” אויסגעדריקט די שטימונגענ ניט פונ יענער פּאָרגעשריטענער טייל פויערטומ, וואָס האָט זיכ געשטעלט אפנ וועג פונ רעוואָליוציִאָנערנ קאמפּ, נאָר פונ זיַינע אָפּגעשטאנענע פּרימיטיוו־פּאטריִארכאלע מאסנ.

„זיַינ (טאָלסטאָיס — ס. וו.) הייסער ליַידנשאפטלעכער, אָפּט אָנראכמאָנעסדיק־שארפער פּראָטעסט קעגנ דער מעלוכע און דעמ פּאָליצייִש־קאזיאָנעמ קלויסטער גיט איבער די שטימונג פונ דער פּרימיטיווער פויערישער דעמאָקראטיע, בא וועלכער די דוירעס פונ ליַיבייגנטומ־רעכט, פונ ווילקיר און רויבעריַי פונ די טשינאָווניקעס, פונ קלויסטערישנ יע־זויִטיזמ, פונ נארעריַי און שווינדלעריַי האָבנ אָנגעזאמלט בערג מיט צאָרנ און האס. זיַינ אומאָפּנייגלעכ אָפּלייקענענ דאָס פּריוואטע ערד־אייגנטומ גיט איבער די פּסיכאָלאָגיע פונ דער פויערישער מאסע אינ אזא היסטאָרישנ מאָמענט, ווענ דער אלטער מיטלאלטערלעכער ערד־באזיץ, סיַי דער פּריצישער, סיַי דער קאזיאָניש־„באטיילטער” איז געוואָרנ אנ ענד־גילטיק אומדערטרעגלעכע שטערונג דער וויַיטערדיקער אנטוויקלונג פונ לאנד און ווענ דערדאָזיקער אלטער ערד־באזיץ האָט אומפארמיַידלעכ געמוזט שארפ אָנראכמאָנעסדיק צערויִנירט ווערנ” [1].

טאָלסטאָי אידעאליזירט דאָס פויערטומ, ער אידעאליזירט זיַינ אונטערטעניקיַיט דעמ גורל, זיַינ קלוגע אויסגעהאלטנקיַיט, זיַינ פרידנ־ליבע און דאָס ניט אנטקעגנשטעלנ זיכ קעגנ שלעכטס. זיַינ באליבטער העלד איז יענער, וואָס דריקט אויס דאָס מאָראלישע אינ דאָרפ. דער אלטינקער פויער, — ער, וואָס האָט ניט געוווסט די באדינגלעכקיַיט פונ דער קול־טור, וואָס איז ניט צעפּאטערט געוואָרנ דורכנ קאפּיטאליזמ, וואָס לעבט ווי עס דארפ לעבנ אנ ערד־ארבעטער און קריגט זיַינ ברויט דורכ שווייס, — ער איז פאר טאָלסטאָיענ געווענ דער בויער פונ גאָטס - קיניגריַיכ אפ דער ערד. טאָלסטאָי, דער פּאָרעצ, וואָס האָט „אויסגעקויפט” די זינד פונ זיַינ קלאס, האָט זיכ פארקערפּערט אינ א פויער, אָנהויבנ־דיק פונ אויסערלעכנ פּראָסט ווערנ — פונ א פּראָסט ליַיוונט העמד און גיינ באָרוועס —

[1] לענינ ב. XIV ז. 401

און ענדיקנדיק מיט דעמ, װאָס ער האָט זײַנ װעלט־אָנשױונג געפירט אפנ װעג פונ דעמ דוירעסדיקנ פױערישנ ערד־ארבעטערישנ װעלט־באנעמ. יענע קינסטלערישע פארבנ זײַנע, װאָס האָבנ געשײַנט מיט די שענסטע קאָלירנ פונ ליבע און געפיל, האָט טאָלסטאָי אָפּגעגעבנ די יעניקע, אינ װעלכע עס איז פארװירקלעכט געװאָרנ דער פױערישער גײַסט פונ אײביקער פאסיװקײַט—פּלאטאָנ קאראטײעװנ אינ „װאָינא אי מיר", דעמ שטאמלענדיקנ אקימענ אינ „װלאסט טמי", אליאָשע גאָרשאָקנ און אנדערע „אידעאלע פױערימלעכ"...

אינעמ קאפּיטאליזמ האָט טאָלסטאָי געזענ בלויז די נעגאטיװע זײַטנ. ער האָט אימ קריטיקירט פונ שטאנדפּונקט פונ דער פארגאנגענהײַט און ניט פונ דער צוקונפט. ער האָט ניט געקענט צוגײנ צו אימ היסטאָריש.

קריטיקירנדיק דעמ קאפּיטאליזמ פונ די פּאָזיציעס פונ אָפּגעשטאנענעמ פּאטריארכאלנ פױערטומ, האָט אימ טאָלסטאָי אנטקעגנגעשטעלט, װי מיר האָבנ שױנ געזענ, די סאָציאַליסטישע אָרדענונג. אָדער דער סאָציאַליזמ, װעלכנ טאָלסטאָי האָט געפּרײדיקט איז אומענדלעכ װײַט פונ דער איצטיקער װירקלעכער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, װאָס די אײנציקע טיר צו איר, איז לויט ענגעלסעס אױסדרוק, די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט. ניט דעמ רעװאָליוציאָנערנ סאָציאַליזמ, פאר װעלכנ עס פירט א הארבנ העראָישנ קאמפּ דער אלװעלטלעכער פּראָלעטאריאט, אונטער דער אָנפירונג פונ קאָמינטערנ, אונטער דער פאָנ פונ מארקס־ענגעלס-לענינ־סטאלינ, ניט דעמ סאָציאַליזמ, פאר װעלכנ עס האָט זיכ שױנ פאר טאָלסטאָיס לעבנ געגאָסנ דאָס הײסע בלוט פונ די פּארײזשער קאָמונארנ און פונ די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראטן... [illegible]

ער האָט געפּרײדיקט דעמ רעאקציאָנערנ פעאָדאלנ סאָציאַליזמ. דאָס איז געװענ א נאטירלעכער רעזולטאט פונ דעמ, װאָס טאָלסטאָי איז ארױסגעטראָטנ ניט אלס אידעאָלאָג פונ דעמ קלאס, װאָס קומט היסטאָריש פארבײַטנ די בורזשואזיע, נאָר פארקערט, ער האָט אָפּגעשפּיגלט די שטימונגענ פונעמ אָפּלעבנדיקנ קלאס.

טאָלסטאָיס גאנצע פילאָזאָפישע װעלט־אָנשױונג איז די אידעאָלאָגיע פונ א פּרימיטיװנ פּאטריארכאלנ פױער, װאָס האָט זיכ פארלאָרנ אפּנ גרױסנ היסטאָרישנ קרײצ־װעג.

דאָס איז די אידעאָלאָגיע פונ אנטלױפנ פונ דער װירקלעכקײַט, פונ אפּעלירנ צומ גײַסט, פונ מיסטיציזמ און רעליגיעזקײַט.

טאָלסטאָי איז געװאָרנ דער דעקלאראטער פונ דערדאָזיקער רעאקציאָנערער מיסטיש־אידעאליסטישער אידעאָלאָגיע. פאר טאָלסטאָיענ איז די װעלט—פּאסיװ, ניט טעטיק, אינערטיש, װערט אָנגעפירט דורכ א װילנ, װאָס שטײט איבער איר און פירט מיט איר אָנ.

אײנער פונ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער אידעאליסטישער װעלט־אָנשױונג איז די מױרע פארנ טױט. פונעמ דריקנדיקנ געדאנק, אז דער אומקומ פונ דײַנ פּערזענלעכקײַט איז אומפארמײַדלעכ, זוכנ די אידעאליסטנ און מיסטיקער א רעטונג אינעמ גלױבנ, אז דער טױט פארניכטעט בלויז זײער ערדיש־מאטעריעל הײַטל, אָבער די נעשאָמע קאָנ מענ ניט פארניכטנ, די נעשאָמע איז אײביק, די נעשאָמע שטארבט ניט.

אלס עקסטרעמער אידעאליסט האָט טאָלסטאָי געלערנט, אז „אונדזער װירקלעכ לעבנ איז ניט דאָס דאָזיקע אױסערלעכע מאטעריעלע לעבנ, װאָס קומט פאָר דאָ אפּ דער ערד פאר אונדזערע אױגנ, נאָר דאָס אינערלעכע לעבנ פונ אונדזער גײַסט, פאר װעלכנ דאָס לעבנ, װאָס מיר זעענ איז בלויז רישטאָװאניעס, װאָס זײַנענ נײטיק אפּ צו אױסבױענ די געבײַדע פונ אונדזער גײַסטיקנ װוקס".

אפּנ פילאָזאָפישנ געביט איז טאָלסטאָי א קאָנסעקװענטער סוביעקטיװער אידעאליסט,

וואָס כאזוערט איבער דאָס, וואָס עס האָט מיט 200 יאָר פאר אים געזאָגט דער יעפיסקאָפּ דזשארדזש בערקלי און וואָס עס איז ביזן סאָף אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורכן ווײַטערדיקן פילאָזאָפישן געדאנק. טאָלסטאָי, ווי בערקלי, דערקלערט אונדזערע געפילן פארן איינציקן אָביעקט און קוואל פון דערקענטעניש, דער אָביעקט ווערט בא אים צעשווומען אינעם סוביעקט און ער דערקײַקלט זיך צו דער אומגעלומפּערטקײַט פון סאָליפּסיזם, מיט זײַן אנערקענען פאר דער איינציקער רעאליטעט דעם אײגענעם „איך".

טאָלסטאָיס פילאָזאָפישע וועלט־אָנשויונג איז דורכויס רעליגיעז. ער איז דער גרונט־לייגער, דער אפּאָסטאָל פון דער נײַער רעליגיע, וועלכע מע קאָן אָנרופן נעאָקריסטנטום. פון דער רעליגיע, וואָס איז באפרײַט געוואָרן פון די עלעמענטן פון קולט, ריטואלישקײַט אָבער איז אינגאנצן ניט פרײַ פונעם גלויבן „אין גאָט דעם שעפער, אין גאָט דעם אָנפירער, אין גאָט דעם באלעבאָס". „איך בין א פאראבאָק און דער באלעבאָס איז גאָט?".

מיט טאָלסטאָיען פירט אָן דער לעבעדיקער געפיל פון גאָט. אויסער גאָט איז ניטאָ קיין לעבן. אויסער גאָט איז ניטאָ קיין פרייד. אויסער גאָט איז ניטאָ קיין וועלט. דער איקער אין דעמדאָזיקן געפיל איז דאָס פילן די פולשטענדיקע זיכערקײַט, דאָס פילן, „אז ער איז פאראן, אז ער איז א גוטער, אז ער קאָן מיך און איך בין אינגאנצן ארומגערינגלט מיט אים, פון אים בין איך געקומען, צו אים גיי איך, איך בין א טייל פון אים, איך בין זײַן קינד".

מיט זײַן פילאָזאָפיש־רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג האָט טאָלסטאָי ווידעראמאָל אָפּגעשפיגלט די שטימונגען פונעם דערשלאָגענעם אָפּגעשטאנענעם פויער, וואָס איז ארײַנגעפאלן אָנשטאָט דער לײַב־איינגטימערישער שקלאפערײַ, אין דער נעץ פון דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע, אין וועלכן די סאָציאלע דערשלאָגנקײַט און הילפלאָזיקײַט אינעם קאמף קעגן דעם קאפיטאליזם שטויסן אין דער ריכטונג פון רעליגיע.

זײַן אידעאליסטישע פילאָזאָפיע פארשפרייט טאָלסטאָי אויך אפן געביט פון די געזעלשאפטלעכע באציִונגען, אפן סאָציאלן לעבן.

דאָס באפרײַען די מענטשהײַט פונעם יאָך און עקספּלואטאציע דארף קומען, לויט טאָלסטאָיען, ניט אלס רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס איז באדינגט דורכן בײַטן זיך פון די פּראָדוציר־קרעפטן פון דער געזעלשאפט, ניט אלס רעזולטאט פונעם קלאסנקאמף און פון דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. די באפרײַונג פון דער מענטשהײַט שטעלט זיך פאָר טאָלסטאָי אויסשליסלעך ווי א רעזולטאט פונעם בײַטן זיך פון דער מאָראל.

„דאָס גליק איז ניט אָפּהענגיק פון אויסערלעכע סיבעס"—דאָס איז דער לייט־מאָטיוו, וואָס לאָזט זיך הערן אפ טויזנטער זײַטלעך פון טאָלסטאָיס ווערק. די גרויסע מאָראלישע אידייע—אָט איז דער גרונט־הויבער, וואָס מיט זײַן הילף האָט טאָלסטאָי געוואָלט באפרײַען די מענטשהײַט פון יענער סאָציאלער אונטערדריקונג, אונטער וועלכער זי שמאכט. בא טאָלסטאָיען איז די מאָראלישע אידייע, וואָס געפינט זיך אין קאָפּ און אין הארצן פון דער פערזענלעכקײַט—א פאקט פון אבסאָליוטן ווערט. דעריבער שטעמפּלט ער שטרענג יעטווידער פרווו פון דעם מענטשן אונטערצוווארפן דעם געזעלשאפטלעכן פּראָצעס אונטער זײַן ווילן.

פאר טאָלסטאָיען (ווי פאר א אידעאליסט־א מעטאפיזיקער) איז דער עמעס געווען דער איינציקער, אייביקער, וואָס לאָזט זיך ניט אָפּלייקענען: ניט קאַעס זיך, ניט גיב זיך איבער דער טײַווע, ניט שווער זיך, ניט נעם מיט גוואלד. האָב ליב די סאָנים—האָט טאָלסטאָי

געפאָדערט פונ די מענטשנ. טאָלסטאָיס מאָראַלישער קאָדעקס האָט ניט געוווּסט קיינ עפּאָ־כעס, קיינ פּעלקער, קיינ קלאַסנ: יע־יע, ניינ־ניינ, אַלצ וואָס איז אויסער דעמ איז „פונעמ טײַוול“. ווער ס׳איז פונ דער רעכטער זײַט, ווער ס׳איז פונ דער לינקער, ווער ס׳איז מיטנ טײַוול. טאָלסטאָיס אומענדלעכע גראָדלינִיקײַט האָט ניט געוווּסט קיינע קאָמפּראָמיסנ, זיגזאַגנ, ניט קאָעס זיכ—האָט געפאָדערט טאָלסטאָי און די דאָזיקע פאָדערונג האָט ער אַדרעסירט צו אַלעמענ, אַלעמענ... „מיליאַרדער, קעניג, הענקער, טורמע־אויפזעער, בעטלער, מיניסטער, גאַנעוו, שרײַבער, מאָנאַרכ,—ווער דו זאָלסט ניט זײַנ—שטעל זיכ אָפּ“—האָט געוּפנ טאָלסטאָי. פונ די מערדער, פונ זייערע קאַרבאָנעס, פונ די אונטערדריקער און אונטערדריקטע, פונ די שפּינעס און פונ די פליגנ האָט טאָלסטאָי געפאָדערט איינס און דאָס זעלבע. קאָעס זיכ ניט, ענטפער אָפּ גוואַלדטאַט מיט ליבע, האָב ליב דעמ סוינע,—האָט געוּפנ דער אַפּאָסטאָל פונ נײַקריסטנטומ, גוואַלדטאַט איז בייז, האָט געוווּסט טאָלסטאָי, און גוואַלדטאַט איז געווענ פאַר אימ שטענדיק בייז. ער האָט באַשולדיקט די קייסאָרימ און די מיניסטאָרנ, וואָס אונטערדריקנ דעמ פאָלק, אָבער אינ דער זעלבער מאָס האָט ער באַשולדיקט אויכ דאָס פאָלק, וואָס האָט געפּרוּווט ענטפערנ אָפּנ גוואַלדטאַט מיט גוואַלדטאַט. „פײַער קאָנ מענ ניט לעשנ מיט פײַער, גוואַלדטאַט קאָנ מענ ניט אָפּשטעלנ מיט גוואַלד־טאַט“,—האָט געלערנט טאָלסטאָי.

טאָלסטאָיס פּריידיקנ ניט אַנטקעגנשטעלנ זיכ קעגנ שלעכטס האָט געטראָגנ אַ רע־אַקציאָנער־אוטאָפּישנ כאַראַקטער. ער האָט דערוויזנ די פּויערימ, אַז זיי וועלנ מיט גוואַלד ניט באַקומענ קיינ ערד. ער האָט איבערצײַגט די אַרבעטער, אַז זיי וועלנ מיט גוואַלד ניט צונעמענ בא די קאַפּיטאַליסטנ די פאַבריקנ און דעריבער בלײַבט זיי צו וואַרטנ אָפּ אַ פאַרבעסערונג פונ זייער לאַגע „לויט גאָטס ווילנ“. ער האָט געוּפנ די רעוואָליו־ציאָנערנ ניט צו קעמפנ פאַר ענדערנ די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגענ, נאָר אַוועקגיינ אינ זייער אינערלעכער וועלט און בא זיכ אַליינ זוכנ די סיבעס פונ אַרומיקנ בייז; ער האָט געפּריידיקט, אַז אַלע מענטשנ זײַנענ ברידער און אויב עס וועלנ קומענ די ווילדע זולו אָפּבראָטנ אײַערע קינדער איז דאָס איינציקע, וואָס איר דאַרפט טאָנ „אײַנריידנ דעמ זולו, אַז דאָס לוינט פאַר אימ ניט און ס׳איז ניט גוט, אײַנריידנ, אונטערוואַרפנדיק זיכ זײַנ קראַפט“. טאָלסטאָיס מעטאַפיזישע מאָראַל האָט אימ געבראַכט צו דעמ, אַז ער האָט מערער געטרוּיערט וועגנ דעמ מאָראַלישנ פאַלנ פונ דעמ אונטערדריקער, ווי וועגנ דער לאַגע פונעמ אונטערדריקטנ. און יעדנ מאָל, ווען טאָלסטאָי טרעט אַרויס קעגנ דער אָדער יענער פאָרמ פונ אונטערדריקונג, גוואַלדטאַט און יאָכ, איז איינע פונ זײַנע גרונט־אַרגומענטנ, אַז דאָס צעשעדיקט מאָראַליש דעמ אונטערדריקער און פאַרגוואַלדיקער. טאָלסטאָיס רוּפ צו ענדערנ די וועלט אָפּ די וועגנ פונ מאָראַלישער זעלבסט־פאַרפולקאָמונג און פונ ניט אַנטקעגנשטעלנ זיכ קעגנ בייז—איז געווענ אַ רעאַקציאָנערע אוטאָפּיע. די דאָזיקע אוטאָפּיע איז אויכ גע־ווענ צומ גונסטנ דער רעאַקציע ווי טאָלסטאָיס לאָזונג „ניטאָ אָפּ דער וועלט קיינ שולדיקע“. טאָלסטאָיס ניט אַנטקעגנשטעלנ זיכ און זײַנ מאָראַלישער נייטראַליטעט אינ קאַמפּ פונ די אונטערדריקטע קעגנ די אונטערדריקער האָבנ באַטײַט פאַקטישע שטיצע פאַר דער זעלבער אָרדענונג פונ עקספּלואַטאַציע קעגנ וועלכער ער איז אַרויסגעטראָטנ.

דאָ גייענ מיר אַרײַנ אינ פּעריאָד פונ טאָלסטאָיס יענע טראַגישע ווידערשפּרוכנ, וועגנ וועלכע מיר וועלנ נאָכ ריידנ שפּעטער. דערווײַל וועלנ מיר זיכ אָפּשטעלנ אָפּ איינעמ זייער אַ בולטנ בײַשפּיל פונ טאָלסטאָיס רעאַקציאָנערער מעטאַפיזיק. איכ האָב אינ זינענ טאָלסטאָיס באַציִונג צו וויסנשאַפט און קונסט.

טאָלסטאָי דער געניאַלער קינסטלער און העכסט געבילדעטער מענטש האָט דערזען, וואָס פארא מעכטיקער אינסטרומענט אין די הענט פונעם קלאס פון די אונטערדריקער עס איז די וויסנשאפט און די קונסט, וויאַזוי די עקספּלואטאטארישע קלאסן פון דער געזעלשאפט נוצן אויס זייערע קענטעניש אפ צו אונטערדריקן די עקספּלואטירטע; ער האָט דערזען, וויאַזוי די הערשנדיקע קלאסן שטעלן זיך צודינסט די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפט און דאן האָט טאָלסטאָי געטאָן אזוי, ווי עס האָט געדארפט טאָן א קאָנסעקווענטער מעטאפיזיקער: ער האָט פארשאָלטן די וויסנשאפט און די קונסט.

טאָלסטאָי האָט אבסאָליוט אָפּגעלייקנט די וויסנשאפט. ער האָט בייז, ניט ווי עס פאסט פאר טאָלסטאָיען, אויסגעלאכט די הײַנטצײַטיקע וויסנשאפט און אירע קויהאנים. אין א שמועס מיט גאָרקען האָט טאָלסטאָי אמאָל געזאָגט: „די וויסנשאפט איז א גאָלד־שטיק, וואָס עס האָט אויסגעארבעט אן אָפּנארער אן אלכימיקער. איר ווילט זי מאכן פּאָשעטער, פארשטענדלעך פארן גאנצן פאָלק,—דאָס באטײַט אויסשלאָגן אסאך פאלשע מאטבייעס". טאָלסטאָי איז געווען קאָנסעקווענט אין זײַן מעטאפיזישער פארגלײַווערטקײַט און צוליב דעם איז ער געקומען צו אומגעלומפּערטע סאָפיזמען, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיטן סקעפּטיציזם פון אן אמהאָרעץ. אין א בריוו צו א פויער אונטערן קעפּל: „וועגן דער פאלשער וויסנשאפט" דעם 1 אויגוסט 1909 י. האָט טאָלסטאָי געשריבן „די מענטשן, וואָס פארנעמען זיך איצט מיט וויסנשאפט און רעכענען זיך פאר געלערנטע, דערלערנען אלץ אין דער וועלט. און דידאָזיקע דערלערנונגען, וואָס ווערן אָנגערופן וויסנשאפט, זײַנען אין אזא גרויסער צאָל, אז ס'איז א פראגע, צי איז פאראן אפ דער וועלט אזא מענטש, וועלכער זאָל ניט נאָר וויסן דידאָזיקע אלע אזויגערופענע וויסנשאפטן, נאָר ער זאָל זיי כאָטש קאָנען איבערציילן... און דידאָזיקע אלע וויסנשאפטן, וואָס טראָגן די סאַמע מעשונעדיקע אויסגעטראכטע גריכישע אָדער לאטײַנישע נעמען, רעכענען זיך פאר וויכטיק און נייטיק אין דער זעלבער מאָס. זיי (די געלערנטע ס. וו.) פאָרשן אויס מיט דער זעלבער פלײַסיקײַט און ערנסטקײַט די פראגע וועגן דעם וויפל עס וועגט די זון, און צי וועט זי ווען עס איז צונויפגיין זיך מיט אזא צי מיט אן אנדער שטערן און וועלכע ווערעמלעך זײַנען פאראן און ווי זיי לעבן און וויאַזוי זיי פארמערן זיך, און וואָס עס קאָן פון זיי ווערן און וויאַזוי איז די ערד געוואָרן און וויאַזוי עס האָט אפ איר אָנגעהויבן וואקסן גראָז, און וועלכע כאַיעס און פויגלען און פיש עס זײַנען פאראן אפ דער ערד, און וואָסערע זײַנען געווען פריער, און וועלכער קייסער עס האָט מיט וועמען מילכאָמע געהאלטן, און מיט וועמען ער האָט כאסענע געהאט, און ווער און ווען עס האָט געשריבן געריכטן און לידער, און ווען און וועלכע געזעצן זײַנען נייטיק. און פארוואָס זײַנען נייטיק טורמעס און טליִעס, און וויאַזוי און מיט וואָס פארבײַטן זיי, און פון וואָס ווערן געשאפן שטיינער, און וועלכע מעטאלן, און וויאַזוי און אפ וועלכער עס איז דער דאמפּ, און וויאַזוי ער ווערט פארקילט, און פארוואָס איז בלויז די קריסטישע קלויסטער־רעליגיע אן עמעסע, און וויאַזוי צו מאכן עלעקטרישע באוועגערס און עראָפּלאנען און אונטערוואסער־שיפלעך א. א. וו. א. וו. א. וו. א. וו. און דאָס אלץ זײַנען וויסנשאפטן מיט די סאמע מעשונעדיקע נעמען און צו דידאָזיקע אלע אויספאָרשונגען, וואָס ווערן איבערגעגעבן פון איינעם צום צווייטן מיט אן אויסשליסלעך־גרויסער ערנסטקײַט, איז ניטאָ קיין סאָף און עס קאָן ניט זײַן, דערפאר ווײַל אז זאך האָט אן אָנהויב און א סאָף און צו נארישקײַט קאָן ניט זײַן און עס איז ניטאָ קיין סאָף".

טאָלסטאָי האָט פארשטאנען דאָס, וואָס עס לייקנט אָפּ און פארטושירט אזוי פלײַסיק

די בורזשואזיִע—דעם קלאסנ־כאראקטער פונ דער וויסנשאפט. ער האָט געזאָגט: „ווענ די גאזלאָנים, וואָס לעבנ מיט רויבערײַ אָדער גאנאָווים, וואָס לעבנ מיט גנייווע, וואָלטנ געשאפנ זייער וויסנשאפט וואָלט די וויסנשאפט זייערע ניט געקענט זײַנ עטוואָס אנדערש, ווי בלויז ידיִעס וועגנ דעמ ווי איז לײַכטער צו ראבירנ, גאנווענענ בא מענטשנ, וועלכע מאכשירים מע דארפ האָבנ צו דעמ אונ וויִאזוי צו באנוצנ זיכ מיטנ אָנגעראבירטנ וואָס אײַנגענעמער. דאָסזעלבע איז אויכ מיט דער וויסנשאפט פונ אונדזער הערשנדיקנ שטאנד". זײַענדיק ביזנ סאָפ קאָנסעקווענט, האָט טאָלסטאָי זיכ אָפגעקערט פונ דער וויסנשאפט, וואָס דינט די פאראזיטישע קלאסנ אונ צוזאמענ מיט דעמ האָט ער זיכ אויסגעקערט מיט דער פלייצע צו יעטווידער וויסנשאפט. ער האָט ניט פארשטאנענ, וואָס מארקס האָט אזוי געניאַל אונ פּאָשעט קלאָר געמאכט, נעמלעכ, אז די וויסנשאפט דארפ פונ א מיטל פונ אונטערדריקנ די פאָלקס־מאסנ ווערנ א פאקטער פונ זייער באפרײַונג, אז מע דארפ שאפנ אזוינע געזעלשאפטלעכע באדינגונגענ, ווענ די וויסנשאפט וועט שוינ ניט זײַנ קיינ מאָנאָפּאָליע פונ הערשנדיקע צענדליקער, נאָר זי וועט ווערנ דאָס אייגנטומ פונ ארבעטנדיקע מיליאָנענ.

א טויטע מעטאפיזישע דאָגמע האָט געהערשט איבער טאָלסטאָיס לעבעדיקנ שעפערישנ מארכ, ווענ ער האָט ארויסגעזאָגט זײַנע געדאנקענ וועגנ דער וויסנשאפט. זי האָט פאראליזירט זײַנע סאמע ניכטערע געדאנקענ וועגנ דערדאָזיקער פראגע. צײַטנווײַז דוכט זיכ, אז טאָלסטאָי האָט פארשטאנענ, אז ניט די וויסנשאפט, אלס אזעלכע, דינט דער זאכ פונ אונטערדריקנ, נאָר דערדאָזיקער אונטערדריקונג דינט די וויסנשאפט, וועלכע עס האָבנ פארכאפּט די הערשנדיקע קלאסנ אונ האָבנ פונ איר געמאכט אנ אָנשפּאר פונ דער הײַנט־צײַטיקער סאָציִאַלער אָרדענונג.

ווי אומענדלעכ גרויס ס'איז דער מעהאלעכ צווישנ אָט דעמדאָזיקנ אלגעמיינ־מעטאפיזישנ אָפּלייקענענ די וויסנשאפט מיצאד דעם אידעאָלאָג פונ פאטריִארכאלנ פויערטום אונ דעם קאָנקרעט־דיִאלעקטישנ צוגאנג צו איר מיצאד די אידעאָלאָגנ פונעמ רעוואָליוציִאָנערנ פראָלעטאריאט! מארקס אונ ענגעלס, לענינ אונ סטאלינ האָבנ באוויזנ, אז דער ארבעטער־קלאס דארפ אויסקעמפנ די וויסנשאפט בא די פאראזיטנ, ער דארפ זי קריטיש באהערשנ אונ אוועקשטעלנ צו דינסט דעם קאמפ פארנ סאָציאליזם. טאָלסטאָיס באציִונג צו דער וויסנשאפט דערגייט צומ פארס פונ אוטאָפּיש „ניט אָנעמענ" זי, וואָס איז דורכגעדרונגענ מיט רעאקציִאָנערער ביטל־באציִונג צו דער וויסנשאפט אונ מיטנ ניט פארשטיינ איר באפרײַונג־ראָליע.

טאָלסטאָי האָט ריכטיק דערזענ דעם אונטערדריקנדיקנ כאראקטער אונ די עקספּלואטאטערישע דינסט פונ דער וויסנשאפט אינ די באדינגונגענ פונ קאפּיטאליזם, אָבער ער האָט ניט פארשטאנענ איר ווירקלעכ גרויסע רעוואָליוציִאָנערע ראָליע. וועגנ דערדאָזיקער ראָליע זאָגט דער כאווער סטאלינ אפ דער אלפארבאנדישער בעראטונג פונ די סטאכאנאָווצעס.

> „די וויסנשאפט רופט זיכ דעריבער וויסנשאפט, ווײַל זי אנערקענט ניט קיינ פעטישנ, זי האָט ניט מוירע אופצוהויבנ א האנט אפ דאָס אָפּגעלעבטע אלטע אונ הערט זיכ צו פילבאר צו דער שטימ פונ דערפארונג, פונ דער פראקטיק".

מע קאָנ זאָגנ, אז טאָלסטאָיענ האָט זיכ, ווי קיינעמ ניט, אײַנגעגעבנ צו שילדערנ יענעמ נישטיקנ אונ שענדלעכנ צושטאנד, אינ וועלכנ עס געפינט זיכ די קונסט בא דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג—בא דער אָרדענונג, וואָס מאכט פונ די קונסט־ווערק „א פארווײַלונג", מיט וועלכער עס פארנעמט זיכ אינ אזא ריזיקער צאָל אנ ארמיי „פּראָפעסיִאָנעלע קינסטלער". „לעבנ אזוי,—

האָט געשריבן טאָלסטאָי אין זײַן באַוווּסטן אַרטיקל „וואָס איז אַזוינס קונסט“,—ווי עס לעבן די רײַכע לײדיקגײער, באַוונדערס די פּרויען, ווײַט פון דער נאַטור, פון כאַיעס, אין קינסטלעכע באַדינגונגען, מיט אַטראָפירטע אָדער ניט נאַטירלעכ דורכ גימנאַסטיק-אַנטוויקלטע מוסקולן און מיט אַן אָפּגעשוואַכטער לעבנ-ענערגיע וואָלט מען ניט געקאָנט, ווען עס וואָלט ניט געווען דאָס, וואָס עס ווערט אָנגערופן קונסט, ווען עס וואָלט ניט געווען יענע שפּיל, פאַרווײַלונג, וואָס עס באַהאַלט פון די אויגן פון דידאָזיקע מענטשן די זינלאָזיקײַט פון זײער לעבן, וואָס עס ראַטעוועט זײ פון עם מאַטערנדיקן לאַנגווײַל“ [1]).

טאָלסטאָי האָט זיך פאָרגעשטעלט די קונסט אַלס פּראָדוקט אויסשליסלעכ פון דער עקספּלואַטאַטאָרישער קלאַסנ-געזעלשאַפט. ער האָט איבערצײַגט, אַז אונדזער ראַפינירטע קונסט האָט געקאָנט אַנטשטײן בלויז אַפ דער קנעכטשאַפט פון די פאָלקס-מאַסן און קאָן זיך האַלטן בלויז קאָלומאַן עס וועט זײַן דידאָזיקע קנעכטשאַפט. „בלויז באַם באַדינג פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט קאָנען די שרײַבער, מוזיקער, טענצער, אַקטיאָרן דערגײן צו יענער ראַפינירטער שטופע פון פאַרפולקאָמקײַט, צו וועלכער זײ דערגײען... באַפרײַט די קנעכט פון קאַפּיטאַל און עס וועט ניט מעגלעכ זײַן דורכצופירן אַזאַ ראַפינירטע קונסט“ [2]).

פּונקט אַזוי ווי די וויסנשאַפט, שטעלט זיך פאָר טאָלסטאָי אויכ די קונסט אויסשליסלעכ אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אין די באַדינגונגען פון דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. ער פאַרשילט, דעמאַסקירט און שטעמפּלט דידאָזיקע קונסט, וואָס מאַכט זיס דאָס לעבן פון די לײדיקגײער. אָבער דאָס אײנציקע, וואָס ער קען איר אַנטקעגנשטעלן—דאָס איז די פּרימיטיווע קונסט פון אוראַלט, די קונסט פון די האַלבווילדע יעגער און פאַסטעכער. קעגן די סיוזשעטן פון זאָליאַ אָדער פון איבסענען, פון „האַמליעטן“ אין דער אופירונג פון ראָסי, קעגן בעטכאָווענס „הונדערטס ערשטער סאָנאַטע“, קעגן אַנדערע מינים „שלעכטע קונסט“ האָט טאָלסטאָי, ווי באַוווּסט, אָפּגעגעבן דעם ערשטן אָרט דער יעגער-פאַנטאָמימע פון די וואָגולן.

אַפ אַזאַ אויפן באַגעגענען מיר זיך אויכ דאָ מיט טאָלסטאָיס מעשונעדיקער מעטאַפיזישער בלינדקײַט, וואָס האָט אים ניט דערלויבט צו זען וואָס דער סאָציאַליזם טראָגט פאַר דער קונסט. טאָלסטאָי האָט ניט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס עס האָבן געוווּסט די גרונטלײגער פון וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם, אַז די קונסט און די וויסנשאַפט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלן זײַן אײנהײַטלעכ מיט דער אַרבעט, אַז פון אַ מיטל פון פאַרשקלאַפן די מאַסן און פון אַ פאַרווײַלונג פאַר פּאַראַזיטן ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ מיטל צו שאַפן אַ נײַעם שײנעם לעבן, אַז מיט זײערע שעפערישע טאַלאַנטן פאַרקערפּערטע אין ליניעס און קלאַנגען, אין פאָעמעס און סקולפּטורן וועלן די קינסטלער עפענען פאַר די מיליאָניקע מאַסן נײַע קוואַלן פון פרײד, באַגײַסטערונג, עמאָציע, אַז זײ וועלן מאַכן דעם מענטשן פילזײַטיק און פולווערטיק. דאָס אַלץ זעען מיר שוין באַ הײַנטיקן טאָג אַפן היסטאָרישן בײַשפּיל פון סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס האָבן לאַנג פאָרויסגעזען די געניאַלע שעפער פון מאַרקסיזם-לעניניזם. דאָס האָט ניט פאַרשטאַנען דער געניאַלער קינסטלער, וואָס האָט זיך געפונען אין געפענקעניש באַ דער פּרימיטיווער פויערים-אידעאָלאָגיע, וואָס איז מיסטיש און מעטאַפיזיש.

שוין דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן טאָלסטאָיען איז גענוג אַפ צו דערזען ווי

[1]) ליעוו טאָלסטאָי, געזאַמלטע ווערק 1913 י. ב. XIX ז. 116.

[2]) דאָרטן, זײַט 49.

צעצוויט ער איז געווען, וואָס פארא שרײַענדיקע ווידערשפרוכן עס האָבן צעריסן זײַן געדאנק, זײַן שאפונג.

איך וועל דערמאָנען בלויז די קלאַסישע כאראקטעריסטיק פון דיזאָזיקע ווידערשפרוכן, וואָס עס האָט געגעבן לענין אין זײַן ארטיקל „ליעוו טאָלסטאָי אלס שפיגל פון דער רו־סישער רעוואָליוציע":

„פון איין זײַט א געניאַלער קינסטלער, וואָס האָט געגעבן ניט נאָר אום־פארגלײַכבארע בילדער פון רוסישן לעבן, נאָר אויך ערשטקלאַסיקע ווערק פון דער וועלט־ליטעראטור. פון דער צווייטער זײַט—א פאָרעצ, וואָס מאכט זיך נאריש מיט קריסטוסן. פון איין זײַט—א מערקווירדיק־שטארקער אומיטלבארער און אופ־ריכטיקער פראָטעסט קעגן געזעלשאפטלעכן ליגן און פאַלשקײַט, פון דער צווייטער זײַט—„א טאָלסטאָוועץ", ד. ה., א צעקראָכענער היסטערישער נעפעש, וואָס ווערט אָנגערופן רוסישער אינטעליגענט, וואָס זאָגט עפנטלעך, שלאָגנדיק זיך אין הארצן, איך בין א שלעכטער, איך בין א מיִעסער, אָבער איך פארנעם זיך מיט מאָרא־לישער זעלבסט־פארפולקומונג, איך עס מער ניט קיין פלייש און איך שפײַז זיך איצט מיט רײַזענע קאטלעטקעס.

פון איין זײַט, אָנראכמאָנעסדיקע קריטיק איבער דער קאפיטאליסטישער עק־ספלואטאציע, דאָס דעמאסקירן די גוואלדטאטן פון דער רעגירונג, די קאָמעדיע פון געריכט און פון דער מעלוכישער אָנפירונג, דאָס אופדעקן די גאנצע טיפעניש פון די ווידערשפרוכן צווישן דעם וווקס פון דער רײַכקײַט און דעראָבערונגען פון דער ציוויליזאציע און דעם וווקס פון דער אָרעמקײַט, פארווילדעוועטקײַט און פײַן פון די ארבעטער־מאסן; פון דער צווייטער זײַט די פרום־נארישע פריידיקונג „ניט אנטקעגנצושטעלן זיך קעגן בייז" מיט גוואלדטאט. פון איין זײַט—דער סאמע ניכטערער רעאליזם, דאָס ארפּרײַסן אלע און אלערליי מאסקעס; פון דער צווייטער זײַט—דאָס פריידיקן איינע פון די סאמע מיִעסע זאכן, וואָס זײַנען נאָר פאראנען אף דער וועלט, נעמלעך: די רעליגיע, די שטרעבונג אוועקצושטעלן אפן אָרט פון די גאלאָכים, וואָס זײַנען אף קאזיאָנע שטעלעס, גאלאָכים לויט דער מאָראלישער איבערצײַגונג, ד. ה., קולטיווירן די סאמע ראפינירטע און דעריבער באזונדערס עקלהאפטע פאָפּאָוו־שטשינע" [1].

מיט געניאַלער פאָשעטקײַט און קלאָרקײַט האָט לענין אופגעדעקט טאָלסטאָיס ווידער־שפרעכלעכקײַט, האָט אנטבלויזט אירע וואָרצלען, האָט באוויזן, אז זי איז ניט קיין פראָ־דוקט פון טאָלסטאָיס פערזענלעכע באזונדערקײַטן. אז זי דערקלערט זיך ניט מיט זײַנע אינדיווידועלע באזונדערקײַטן, נאָר איז אן אָפּשפיגלונג פון די לעבן־באדינגונגען פון יענע מיליאָניקע פויערים־מאסן, וואָס דער אויסדריקער פון זייערע שטימונגען איז טאָל־סטאָי געוואָרן, זי שפיגלט אָפּ די ווידערשפרעכלעכקײַט פון דער רוסלענדישער היסטאָרי־שער ווירקלעכקײַט פון דער פאר־רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע.

„דער גרויסער פאָלק־יאם, וואָס האָט זיך צעכוואַליעט ביז די סאמע טיפענישן, מיט אלע זײַנע שוואכקײַטן און מיט אלע זײַנע שטארקע זײַטן האָט זיך אָפּגע־שפיגלט אין טאָלסטאָיס לערע" [2].

טאָלסטאָי האָט מײַסטערהאפט אָפּגעשפיגלט דעם האס פון פויערטום צום צאריזם, צום

[1] לענין, געזאמלטע ווערק, ב. XII, ז. 332.

[2] לענין געזאמלטע ווערק ב. XIV, ז. 407.

פּריציש־קאַפּיטאַליסטישנ רעזשים, דעמ פאָלק־פּראָטעסט קעגנ דער אונטערדריקונג, זײַנ רעוואָליוציאָנערנ אימפּעט, וואָס איז איבערגעפלאָכטנ מיט פּאָליטישער אומבאַוווּסטזיניקײַט, באַגרענעצטקײַט, מוירע פונ „באַלעבאַטישנ פײַער“ אונ רעזאָניערישער טרוימערישקײַט. אינ דער הינזיכט האָט וולאַדימיר איליטש גערעדט וועגנ טאָלסטאָיענ, ווי וועגנ א שפּיגל פונ דער רוסישער רעוואָליוציע: „טאָלסטאָי האָט וווּנדערלעכ רעליעפ פאַרקערפּערט אינ זײַנע ווערק—סײַ ווי א קינסטלער, סײַ ווי א דענקער אונ פּרײדיקער, די שטריכנ פונ דער היסטאָרישער אײגנאַרטיקײַט פונ דער גאַנצער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, איר קראַפט אונ איר שוואַכקײַט“ [1].

די ווידערשפּרעכלעכקײַט פונ טאָלסטאָיס שאַפנ האָט געווירקט אויכ אַפ דער ווידער־שפּרעכלעכער היסטאָרישער ראָליע, וואָס טאָלסטאָי האָט געשפּילט.

טאָלסטאָיס קינסטלערישער געני האָט אימ געגעבנ די פולע מעגלעכקײַט אויסצומאָלנ אינ זײַנ גאַנצער נאַקעטקײַט דעמ שטײגער פונ צאַרישנ רוסלאַנד אונ דורכ דעמ אַרויסרופנ האַס צו דעמ דאָזיקנ שטײגער. יענע זײַטלעכ, ווו טאָלסטאָי האָט דערצײלט וועגנ עקזע־קוציעס, וועגנ טויט־שטראָפנ, ווו ער האָט גערעדט וועגנ דעמ פּאַראַזיטיזמ פונ די הערש־דיקע, ווו ער האָט געשילדערט די טראַגישע קאָמעדיע פונ געריכט, ווו ער האָט געגעב געשטאַלטנ פונ טשינאָווניקעס, פונ טעמפּע אונ זעלבסטזיכערע פאָלק־פירער, פונ אינ זיכ פאַרליבטע אינטעליגענטנ,—די דאָזיקע זײַטלעכ האָבנ אינ די באַדינגונגענ פונ צאַרישנ רוסלאַנד אָנ טאָלסטאָיס ווילנ, אָדער ריכטיקער, קעגנ זײַנ ווילנ, געשפּילט די ראָליע פונ די בעסטע רעוואָליוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס. אינ דער צײַט ווענ טאָלסטאָי לערנט ניט אַנטקעגנשטעלנ זיכ קעגנ בײז מיט גוואַלדטאַט, רופנ אַרויס די דאָזיקע זײַטלעכ באַמ לײ־ענער א פאַרקערטע שטרעבונג אַנטקעגנצושטעלנ דעמ רעאַקציאָנערנ גוואַלדטאַט די רעוואָליו־ציאָנערע קראַפט.

דער קינסטלער טאָלסטאָי איז זײער אָפט ניט ווילנדיק געווענ א מעכטיקער אַגיטאַטער, וואָס האָט גערופנ צומ קאַמפ קעגנ דעמ רעזשימ פונ אונטערדריקונג, פונ פאַרניכטנ אונ דערשטיקנ די מענטשלעכע פערזענלעכקײַט. אָבער דער פילאָסאָפ טאָלסטאָי, דער מאָראַ־ליסט טאָלסטאָי האָט צו דעמ דאָזיקנ קאַמפ ניט נאָר ניט גערופנ, נאָר ער האָט אימ אפילע שטרענג פאַראַכט. טאָלסטאָיס פּרײדיקנ ניט אַנטקעגנצושטעלנ זיכ קעגנ בײז מיט גוואַלדטאַט, דערגײענדיק צו דער פילבאַרער יוגנט, האָט גענאָסנ וואַסער אַפ דער מיל פונ דער רעאַקציע. עס האָט איבערצײַגט דער יוגנט, אַז די פראַגע פונ דער סאָציאַלער איבערבויונג פונ דער געזעלשאַפט וועט געלײזט ווערנ בלויז אַפנ וועג פונ מאָראַלישער זעלבסטפאַרפולקומונג. אַפ אַזאַ אופנ האָט זיכ די יוגנט געלערנט ניט גײנ אַפנ וועג פונ אַקטיוונ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ קעגנ געזעלשאַפטלעכנ בײז, נאָר זי האָט געהאָפט בײַצוקומענ דאָס דאָזיקע בײז, אַנטלויפנדיק פונ דער מיִעסקײַט פינ לעבנ.

טאָלסטאָי איז א גרויסער אוטאָפּיסט, וואָס האָט געטרוימט וועגנ דער באַפרײַטער, פרײַער מענטשהײַט. ער האָט ניט געפונענ דעמ היסטאָרישנ וועג, וואָס פירט צו דעמ דאָ־זיקנ אידעאַל. ער האָט געבלאָנדזשעט איבערנ מידבער פונ רעאַקציאָנערע אוטאָפּיעס, מע־טאַפיזיק, רעליגיע. אינ דעמ דאָזיקנ מידבער איז ער אומגעקומענ—ווײַט פונ יענעמ וועג, וועלכנ ער האָט אָנגעשטרענגט געזוכט, אָבער דאָס איז ניט דער וועג פונ טאָלסטאָיִשער זעלבסטפאַרבעסערונג אונ געזעלשאַפטלעכער פּאַסיווקײַט, נאָר דער שווערער אונ דאָרנדיקער אומבאַזיגבאַרער וועג פונ אָנראַכמאָנעסדיקנ קלאַסנ־קאַמפ פונ דער סאָציאַליסטישער רע־

[1] לענינ, געזאַמלטע ווערק, ב. XIV, ז. 400.

וואָליוציע, פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אונ פונ אויסבויענ די אָנקלאַסעווע סאָציִאליסטישע געזעלשאפט. דאָס איז ניט דער וועג פונ ליעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי, נאָר דער וועג פונ מארקסנ—ענגעלסנ—לענינענ, אפ וועלכנ עס פירט איצט די ארבעטנדיקע מענטשהײַט יאָסיפ וויסאריאָנאָוויטש סטאלינ.

זײַענדיק געטרײַ די לענינישע געבאָטנ וועגנ קולטור־ירושע, באהערשט דער סאָוועטישער פראָלעטאריאט די דאָזיקע ירושע אונ באהערשט זי קריטיש. מיר ווייסנ ווי קאָמפליצירט עס איז דער פראָצעס פונ דער דאָזיקער באהערשונג, ווי געפערלעכ אונ שעדלעכ עס איז דאָס לינקיסטיש אָפוואַרפנ די קולטור־ירושע פונ די פאָריקע עפאָכעס אָדער דאָס ניט קריטיש קאפיטולירנ פאר איר, וואָס פארא ראפינירטע דיִאלעקטיק עס פאָדערט דער דאָזיקער פראָצעס.

א באזונדער ראפינירטקײַט, א באזונדער געניטקײַט צו באנוצנ זיכ מיט דער מארקסיסטיש־לענינישער דיִאלעקטיק פאָדערט זיכ אינעמ צוגאנג צו דער גרויסער קולטור־ירושע פונ אזא ווידערשפרעכלעכנ דענקער ווי ליעוו טאָלסטאָי.

מע קענ ניט מעכאניש צעשנײַדנ טאָלסטאָיענ אפ א קינסטלער אונ אפ א פילאָסאָפ, איזאָלירנדיק איינעמ פונ דעמ אנדערנ, זעענדיק דאָ דורכויסיקע רעוואָליוציאָנערישקײַט, דאָרט דורכויסיקע רעאקציאָנערישקײַט. אינ דער ווירקלעכקײַט זײַנענ טאָלסטאָיס אסאכ קינסטלערישע געשטאלטנ צעשעדיקט דורכ זײַנ מאָראלישער טענדענצ, זײַנענ אוועקגעשטעלט איר צורינסט אונ זײַנענ אנטבלוטיקט, אינ דער זעלבער צײַט גיבנ טאָלסטאָיס אייניקע פילאָזאָפיש־פובליציסטישע ווערק א בוילעטע קריטיק פונ דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג באשולדיקנ לײַדנשאפטלעכ די קלאסנ־געזעלשאפט. אָבער צוזאמענ קאָנ מענ זיי ניט, פארשטייט זיכ, אופמישנ אָדער אידענטיפיצירנ. מע דארפ אונטערשיידנ די מעכטיקײַט פונ טאָלסטאָיס קינסטלערישנ געני אונ זײַנ פילאָזאָפישנ אָנמאכט, די פראָגרעסיווקײַט פונ זײַנ קינסטלערישער שאפונג אונ די רעאקציאָנערקײַט פונ זײַנ וועלט־אָנשויונג. דאָס אלצ דארפ מענ נעמענ אינ יענער דיִאלעקטישער איינהײַט, וועלכע עס לערנט מיט זײַנע ארטיקלענ וועגנ טאָלסטאָיענ—לענינ, וואָס קלײַבט זיכ פאנאנדער אינ דעמ קאָמפליצירטנ איבערפלעכט פונ די פאָזיטיווע אונ נעגאטיווע, רעוואָליוציאָנערע אונ רעאקציאָנערע מאָמענטנ בא טאָלסטאָיענ, וואָס קענ געפינענ אינ טאָלסטאָיס קינסטלערישע געשטאלטנ אונ אינ דער פילאָזאָפישער פריידיקונג אונ אָפשפיגלונג פונ דער דיִאלעקטיק פונ דער פארגאנגענער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט מיט אלע אירע לעבנ־ווידערשפרוכנ.

ריידנדיק וועגנ דעמ, אז דער סאָוועטישער פראָלעטאריאט דארפ באהערשנ טאָלסטאָיס גיגאנטישע קולטור־ירושע, האָבנ מיר אינ זינענ זײַנ קינסטלערישנ אויצער. טאָלסטאָיס פילאָזאָפיש־פובליציסטישע ווערק האָבנ פאר אונדז א היסטאָרישנ פאָרשונג־ווערט. זייער רעאקציאָנער־אוטאָפישע זײַט איז אונדז שעדלעכ אונ פײַנטלעכ. דאָס, וואָס אינ זיי איז געווענ פאר זייער צײַט פראָגרעסיוו, וואָס איז געגאנגענ לויט דער ליניע פונ קריטיקירנ דעמ קאפיטאליזמ, איז פאר אונדז פארעלטערט אונ ניט איבערצײַגנדיק—א צו גרויסע היסטאָרישע דיסטאנצ טיילט אונדז אָפ פונ דער עפאָכע, ווענ עס איז געשריבנ געוואָרנ, צו ווײַט פונ טאָלסטאָיס צײַטנ האָט אונדז אוועקגעטראָגנ דער לאָקאָמאָטיוו פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אָבער אינ טאָלסטאָיס קינסטלערישער ירושע קענ אונ וועט דער סאָוועטישער פראָלעטאריאט געפינענ אנ אומויסשעפלעכנ קוואל פונ קולטור־באַרײַכערונג, פונ עסטעטישע פארגעניגנ אונ פרײַריקע עמאָציִעס.

א באזונדער שטריכ פונ טאָלסטאָיס ווערק איז זייער קינסטלערישער רעאליזם. די פארשיידנפארביקײַט פונעם לעבנ, וואָס טאָלסטאָי שילדערט, די מענטשנ וועלכע ער פירט ארויס, די נאטור, וועלכע ער באשרײַבט,—דאָס אלצ איז אפ אזויפיל רעאליסטיש, אפ אזויפיל עמעסדיק, אז זייער וויניק מײַסטערס פונ קינסטלערישנ וואָרט קענ מענ אינ די הינזיכטנ פארגלײַכנ מיט טאָלסטאָיענ—באלזאק, געטע, סטענדאל, נאָכ צוויי—דרײַ נעמענ אונ גאָר. דער מענטש, וועלכנ טאָלסטאָי שילדערט, לעבט אפ די שפאלטנ פונ זײַנע ראָמאנענ—איר שטעלט זיכ פאָר זײַנ אויסערלעכנ אויסזענ, איר פילט זײַנ שטימ, איר זעט זײַנ קאָסטיומ, איר ווייסט זײַנ גאנג, דאָס אלצ איז געגעבנ געוואָרנ מיט אזא בילדערישער קראפט, אז ער ווערט אײַער גוטער באקאנטער. טאָלסטאָי שילדערט זײַנע העלדנ אזוי עמעסדיק, אזוי רעליעפ, אזוי „פלאסטיש", אז אָפט ווילט זיכ, ווי ס'האָט זיכ אויסגעדריקט מאקסימ גאָרקי „אָנרירנ זיי מיט דער האנט" אונ דעריבער „דוכט] זיכ אײַכ אפילע אינ א צענדליק יאָר ארומ נאָכנ לייענענ טאָלסטאָיס ווערק, אז איר זײַט בײַגעווענ בא דעמ, ווי נאטאשא ראָסטאָווא קלײַבט זיכ אפנ באל, אז איר האָט געהערט ווי עס שטאמלט אקימ פונ „וולאסט טמי", אז איר האָט געזענ די בלוטיקע פלייצע פונ פארפײַניקטנ סאָלדאט, דעמ טאָטער פונ „פאָסלע באלא", אז איר האָט געשמועסט מיטנ פירשט ניעכליודאָוו פונ „וואָסקרעסעניע" אונ איר זײַט געזעסנ באמ טויטנ בעט פונ איוואנ איליטשנ.

דער טיפער אונ ראפינירטער פסיכאָלאָגישער אנאליז, וואָס אנטהאלט ניט קיינ שומ „נעשאָמע־גריבלעגישנ", דערלויבט טאָלסטאָיענ דערגרייכנ אזא רעאליסטישע קראפט, אזוי באווײַזנ די אינערלעכע וועלט פונ זײַנע העלדנ, זייערע לײַדנ אונ פריידנ, זייער גליק אונ דורכפאלנ, אז דער לייענער ווערט געפאנגענ פונ זייער לײַדנשאפטלעכקײַט. ער איז אופגערעגט צוזאמענ מיט אנא קארענינא, ער טרוימט צוזאמענ מיט אנדריי באלקאָנסקענ, ער טרויערט צוזאמענ מיט קאטיושע מאסלאָוועג, ער איז אופגעבראכט צוזאמענ מיט פיאָדער פראָטאסאָוונ.

אָפטמאָל איז גענוג 2—3 שטריכנ פונ גענײַאלנ מײַסטער אפ צו שאפנ אנ אומפארגעסלעכע קינסטלערישע געשטאלט, ווי צ. ב. דעמ סויכערס נארישעוואטע טאָכטער פונ „אָטעצ סערגי" אָדער מאשא פונ „זשיוואָי טרופ".

טאָלסטאָיס טיפער רעאליזמ ווערט ניט אויסגעשעפט מיט שילדערנ די מענטשנ. טאָלסטאָיס אָפשפיגלענ די נאטור האָט ניט קיינ גלײַכנ צו זיכ אינ דער וועלט־ליטעראטור. די נאטור ווערט, לויט פלעכאנאָווס אויסדרוק, ניט באשריבנ בא טאָלסטאָיענ, נאָר זי לעבט בא אימ. ווער פונ די קינסטלער האָט געקענט אזוי שילדערנ די טיפקײַט פונ אומענדלעכנ הימל, די ווײַסע ריזיקע שניי־בערג אונ זייערע ראָזלעכע שפיצנ די גרינקײַט פונ די לאָנקעס אונ דעמ רויש פונ וואלד אזוי ווי דאָס האָט געטאָנ ליעוו טאָלסטאָי—דער קינסטלער, וואָס האָט געהאט רעכט צו זאָגנ וועגנ זיכ, אז „די שיינקײַט האָט דורכ די אויגנ זיכ געגאָסנ צו מיר אינ דער נעשאָמע".

לעצטנס, טאָלסטאָיס רעאליזמ באמ אָפשפיגלענ זאכנ, שטייגער־מאכשירימ, קליידער—פונ די ווײַסע וואל־קליידער אפ די ראָזע זײַדענע טשעכלענ מיט די בלומענ אינ קאָרסאזש, אינ וועלכנ עס זײַנענ געפאָרנ אפנ באל די יונגע גרעפנס ראָסטאָוו אינ „וואָינא אי מיר",—ביז דער רויטער היימיש געוועבטער קלייד אפ דער פויערטע סטעפאנידע פונ „טײַוול"...

טאָלסטאָיס קינסטלערישער רעאליזמ קענ ברענגענ היפש נוצנ אונדזער סאָוועטישער ליטע־

ראַטור, וואָס רעאַליזירט מיט דערפֿאָלג דעם לאָזונג פונ סאָציאַליסטישנ רעאַליזמ, וועלכנ ס'האָט אַרויסגערוקט דער כ' סטאַלינ. אַסאַכ קענענ דאָ „איבערנעמענ“, פאַרשטייט זיכ, קריטיש אונדזערע סאָוועטישע שרײַבער.

דערבײַ טאָר מענ, פאַרשטייט זיכ, ניט פאַרגעסנ, אַז טאָלסטאָיס רעאַליזמ איז געווענ אַנ אײַנזײַטיקער, אַזוי צו זאָגנ, אַ פאַרקלעמטער, אַז פונ זײַנע אָביעקטנ איז אַרויסגעפאַלנ דער אַרבעטער-קלאַס, עס זײַנענ אַרויסגעפאַלנ די גרופּעס, וואָס זײַנענ טאָלסטאָיענ קלאַסנ-פײַנטלעכ אונ ניט פאַרשטענדלעכ. דער סאָציאַליסטישער רעאַליזמ אָבער, וואָס כאַפּט אַרומ אַלזײַטיק דיווירקלעכקײַט, דאַרפ סינטעטיש באַווײַזנ די גרונט-פּראָצעסנ פונ דער עפּאָכע.

טאָלסטאָי איז אַנ אומפאַרגלײַכבאַרער מײַסטער פונ מאַסנ-סצענעס. זײַנ קינסטלערישער געני באַהערשט מיט אַ ווּנדערבאַרער מעכטיקײַט קאָלאָסאַלע מאַסנ מענטשנ, ער באַווײַזט דעמ פאַרמעסט פונ קאָלעקטיווּנ, די באַוועגונג פונ טויזנטער, די דינאַמיק פונ האַמוינ, דעמ ריטמ פונ מענטשנ-וואַל. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ דעמ יאַגד פונ די ראָסטאָווס, די יאָנטעוודיקע שפּאַציר-רײַזעס, די שלאַכט בײַ אויסטערליצ, דער זעלבסטגעריכט איבער ווערישטשאַגינענ, די פּאַניק אינ אויסהעצער הערבליע אינ „וואָינאַ אי מיר“, דעמ בילד פונ היי-שניט אינ „אַננאַ קאַרענינאַ“ א. א. וו. א. וו.

טאָלסטאָי האָט געשאַפנ גראַנדיעזע ליטעראַרישע דענקמעלער פונ דער רוסלענדישער פּריציש-קאַפּיטאַליסטישער האַלב-לײַבאייגנטימערישער מעלוכע אינ דער עפּאָכע פונ נאָכ די רעפאָרמעס אונ פאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט אויכ געגעבנ אומפאַרגלײַכבאַרע בילדער פונ דער דאָזיקער עפּאָכע. ער האָט געשאַפנ אַזאַ אויסגעצייכנטע גאַלעריע טיפּישע פּערסאָנאַזשנ, האָט אַזוי בולעט געשילדערט איר פּאָליציייש-ביוראָקראַטישנ אַפּאַראַט, האָט אַזוי ריכטיק איבערגעגעבנ די שטימונגענ פונ אירע אונטערדריקטע מאַסנ, אַז דורכ דעמ אַלעמענ איז לויט לענינס אָפּשאַצונג געמאַכט געוואָרנ אַ „טראָט פאָרויס אינ דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פונ דער גאַנצער מענטשהײַט“ [1]. ווענ ענגעלס האָט אינ זײַנ צײַט אָנגעוויזנ, אַז באַלזאַקס ווערק האָבנ אימ געגעבנ אַסאַכ מער פאַרנ פאַרשטיינ די פראַנצויזישע געשיכטע פונ דער עפּאָכע פונ די יאָרנ 1816—1848 מע- ווי די ביכער פונ אַלע פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטנ אונ סטאַטיסטיקער פונעמ דאָזיקנ פּעריאָד צוזאַמענ גענומענ, קענ מענ אויכ זאָגנ וועגנ טאָלסטאָיס קינסטלערישע ווערק, אַז צומ פאַרשטיינ די פאַר-רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע אינ רוסלאַנד גיבנ זיי מער פונ אַסאַכ ספּעציעלע פאָרשונגענ.

די מײַסטערשאַפט פונ דער קינסטלערישער פאָרמ דערגרייכט בײַ טאָלסטאָיענ ריזיקע הייכנ. די שפּראַכ אונ דער סטיל פונ זײַנע ווערק זײַנענ קלאַסיש אינ בעסטנ זינ פונ וואָרט. די ריינקײַט אונ בילדערישקײַט פונ טאָלסטאָיס שפּראַכ, זײַנ פּאָשעטע אונ זאַפטיקע שפּראַכ, זײַנענ אומפאַרגלײַכלעכ. אונ ניט אומזיסט שטעלט אַרויס מאַקסימ גאָרקי אינ זײַנ אומויפהערלעכנ קאַמפּ פאַר שפּראַכ-קולטור, פאַר דער ריינקײַט פונ שפּראַכ אַלס מוסטער, לויט וועלכנ מע דאַרפ זיכ גלײַכנ, טאַקע טאָלסטאָיענ. פאַרייניקט מיט פולבלוטיקע לעבעדיקע געשטאַלטנ, גיט צו טאָלסטאָיס שפּראַכ אַ באַזונדערע קינסטלערישע ווירקזאַמקײַט זײַנע ווערק. עס זײַנענ אומפאַרגעסלעכ דעריבער דער גרויסאַרטיקער עפּאָס פונ „וואָינאַ אי מיר“ אונ פונ „אַננאַ קאַרענינאַ“, די נאַטירלעכע ניט געקינצלטקײַט פונ „סע-

[1] לענינ, ב. XIV ז. 400.

וואסטאָפּאָלער דערציילונגענ" אונ פונ „כאָלסטאָמער", די פילבארע אויסדריקלעכקײַט פונ „סמערט איוואנא איליטשא" אונ פונ „כאדזשי מוראט", די באצויבערנדיקע עמעסדיקײַט פונ „פּאָסלע באלא" די פולבלוטיקע לעבנ־קראפט פונ „דיאוואָל", די קינסטלערישע מעכטיקײַט פונ טאָלסטאָיס צענדליקער אנדערע ווערק.

גרויס איז טאָלסטאָיס קינסטלערישער געני. איכ וויל דאָ ברענגענ אנ עפּיזאָד, וואָס באווײַזט וויאַזוי עס האָט אים געשעצט לענינ. גאָרקי איז אמאָל געקומענ צו לענינענ אינ קרעמל. בא איליטשנ אפנ טיש איז געלעגנ א באנד פונ „וואָינא אי מיר".

— יע, טאָלסטאָי! ס'האָט זיכ פארוואָלט איבערלייענענ דאָס בילד פונ יאגד, האָב איכ זיכ דערמאָנט, אז מע דארפ אָנשרײַבנ א כאוועך...

שמייכלענדיק, פארזשמורענדיק די אויגנ, האָט ער זיכ מיט פארגעניגנ אויסגעצויגנ אינ שטול אונ האָט שטיל געזאָגט ווײַטער:

— וואָס פאר א ריז, הא! וואָס פאר א שטארקער מענטש! אָט דאָס איז, פּאָטערל, א קינסטלער...

דערנאָכ קוקנדיק אפ מיר מיט פארשמורעטע אויגנ, האָט ער געפרעגט:

— וועמענ אינ אײראָפּע קענ מענ אוועקשטעלנ אינ אײנ ריי מיט אים? אונ אלײנ זיכ געענטפערט:

קײנעמ ניט.

אונ רײַבנדיק די הענט האָט ער זיכ צעלאכט א צופרידענער [1].

לערנענ זיכ דארפ מענ בא טאָלסטאָיענ זײַנ קענענ ארבעטנ—די קולטור פונ ארבעט. עס זײַנענ פאראנ מענטשנ, וואָס מיינענ אז מע קענ ווערנ א געלערנטער אָדער א שרײַבער בלויז מיט דער הילפ פונ טאלאנט אונ פונ דער מוזע. דער דאָזיקער שעדלעכער געבאנק האָט אומגעבראכט ניט אײנ פייִקנ אָנפאנגער. באגאבטקײַט אונ פייִקײַטנ זײַנענ א נייטיקע פּאָרהאנאָכע. צו זיי פאָדערט זיכ נאָכ ארבעטנ אײַנגעשפּארט, אומדערמידלעכ. בא טאָלסטאָיענ איז פאראנ וואָס אָפּצולערנענ זיכ אינ די הינזיכטנ. די זאכ איז ניט נאָר אינ דעמ וואָס ער האָט איבערגעלאָזנ 95 בענדער ליטערארישע ירושע. אָבער וויכטיקער איז, וואָס „אנא קארענינא" איז איבערגעשריבנ געוואָרנ 7 מאָל, וואָס זײַנע ווערק האָט ער דורכגעלאָזנ דורכ 5, 10, 15 רעדאקציעס, וואָס די מאנוסקריפּטנ בלויז פונ „וואָסקרעסעניע" אלײנ, פּלענער, ווארִיאַנטנ, עסקיזנ אונ אנד. פארנעמענ א גאנצנ קופערט.

אראנק דער גרויסער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ דער זיגרײַכער סאָציאַליסטישער בויונג האָט די טאָלסטאָוושטשינע פארלאָרנ דעמ סאָציאַלנ באָדנ. די פאָלק־מאסנ האָבנ דערזענ מיט דער גאנצער אנשוילעכקײַט, האָבנ זיכ איבערצײַגט אינ דער פּראקטיק, אז דער וועג פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אונ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור—איז דער אײנציקער וועג פונ זייער באפרײַונג. זיי האָבנ דערזענ אינ דער פּראקטיק ווי אוטאָפּיש אונ רעאקציאָנער עס איז דער וועג, וועלכנ ס'האָט זיי פּאָרגעלייגט טאָלסטאָי.

אָבער דאָס באטײַט ניט, אז פארשײדענע קלאסנ־פײַנטלעכע עלעמענטנ קענענ ניט אויסנוצנ טאָלסטאָיס פילאָסאָפיע אונ עטישע אידייעס אינ זייערע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע צילנ. פארקערט, מיר האָבנ א בולעטנ בײַשפּיל פונ דעמ אינ דער טעטיקײַט פונ פארשײדענע אנטיסאָוועטישע טאָלסטאָי־סעקטעס, וואָס פלעגנ אנטשטיינ שוינ אינ די יאָרנ פונ

[1] מ. גאָרקי.—וו. אי. לענינ. „גיכל" 1931, ז. 40

דער רעוואָליוציע. די טאָלסטאָישע עטיק, איר איינארטיקער אנארכאָ־פאציפיזמ, האָבנ טיילווײַז געשפּילט א פּראָגרעסיווע, עמעס, זייער א באגרענעצטע ראָליע, ווענ זייער שארפ איז געווענ געווענדעט קעגנ דער הערשנדיקער פריציש־קאפּיטאליסטישער אָרדענונג. אָבער אינ די סאָוועטישע באדינגונגענ ווערט דער דאָזיקער שארפ געווענדעט קעגנ דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט אונ דאָס הייסט, אז איר ראָליע ווערט קאָנטער־רעוואָליוציאָנער.

באמ איצטיקנ מאָמענט, ווענ די צערייצטע רעשטלעכ פונ קלאסנ־סוינע פרווונ ארונטערײַסנ די זאכ פונ סאָציאליזמ אונ ווענ פונ אונדז פאָדערט זיכ א געהעכערטע רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט זײַנענ באזונדערס אקטועל די אָנווײַזונגענ פונעמ כאווער לענינ וועגנ דעמ גרויסנ שאָדנ, וועלכנ עס קענ ברענגענ יעטווידער פרווו צו אידעאליזירנ טאָלסטאָיס לערע.

די דאָזיקע לערע פלאנצט אײַנ פאר די מאסנ אייגנשאפטנ ניט נאָר פרעמדע, נאָר אויכ פײַנטלעכע דעמ סאָוועטישנ בירגער, דעמ בויער פונ סאָציאליזמ. פאר אונדז איז נייטיק א ניכטערע וויסנשאפטלעכע מאטעריאליסטישע וועלט־אָנשויונג.

טאָלסטאָי פרייריקט א מיסטישנ רעליגיעז־עטישנ קוק אפ דער וועלט.

פאר אונדז איז נייטיק קלאָרקײַט פונ ציל, פעסטקײַט פונ כאראקטער, אײַנגעשפארטקײַט, שעפערישע אקטיווקײַט.

טאָלסטאָי פרייריקט נעפּלהאפטע אידעאלנ פונ „גאָטס קיניגרײַכ אינ אונדז“, אומעטיקײַט, טרוימערישע פאסיווקײַט, שקלאפערישע האכנאָעריקײַט פארנ גורל.

פאר אונדז איז נייטיק אָנראכמאָנעסדיקער רעוואָליוציאָנערער האס צומ קלאסנ־סוינע צומ קאפּיטאליסט, צומ פאשיסט.

טאָלסטאָי פרייריקט מעטאפיזישע ליבע צומ נאָענטנ אונ עוואנגעלישע גרייטקײַט אונטערצושטעלנ די לינקע באק, ווענ מע שלאָגט אינ דער רעכטער.

פאד אונדז איז נייטיק א פעסטע שטאָלענע פּראָלעטארישע דיקטאטור, וואָס באשיצט די סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

טאָלסטאָי פרייריקט רעאקציאָנערנ אנארכיזמ, רעליגיעזע ברידערלעכקײַט, ניט אנטקעגנשטעלנ זיכ..

אָט איז די אָנראכמאָנעסדיקע פײַנטלעכקײַט פונ טאָלסטאָיס לערע צו אונדזער אידעאָלאָגיע—צו דער וויסנשאפטלעכער אונ אלמעכטיקער טעאָריע פונ מארקסיזמ־לעניניזמ.

" „ "

25 יאָר טיילנ אונדז אָפּ פונ טאָלסטאָיס טויט—א היסטאָריש־נישטיקער צײַט־אָפּשניט, וואָס באטרעפט ניט קיינ דריטכיילעק פונ טאָלסטאָיס לעבנ. אָבער ווי פאנטאסטיש גראנדיעז, ווי מערקווירדיק עס האָט זיכ פאר דער דאָזיקער צײַט געענדערט דאָס לעבנ פונ לאנד, ווו ס'איז געבוירנ געוואָרנ, געארבעט אונ איז געשטאָרבנ טאָלסטאָי—ווי ס'האָט זיכ געענדערט זײַנ פּאָנעמ!..

אפ זײַנע ראכוועסנ פארנעמענ זיכ מערניט מיט יאגד די גראפנ ראָסטאָוו, די יעלאגינס בײַטנ מער ניט קיינ הויפ־דינער אפ הינט, עס רעזאָנירנ ניט די ניעכליודאָווס, עס אָרדענענ ניט אײַנ קיינ בלוטיקע עקזעקוציעס די איוואנ וואסיליעוויטשעס אונ עס זײַנענ ניט נארעש־פרומ די קאסאצקעס.

יענע צענדליקער טויזנטער קלויסטערס, ווי דער שווארצער כאיל פון פּראוואָסלאווישע גאלאָכים, דידאָזיקע זשאנדארמען אין גאלאָכישע מאנטיעס, האָט פארשאָלטן טאָלסטאָיען, איבערגעבנדיק זיין נאָמען דער „אנאטעמע", ווערן איצט פארוואנדלט אין הייזער פאר סאָציאליסטישער קולטור, אין קלובן, טעאטערן און ביבליאָטעקן. די מאסן לייענען דאָרט טאָלסטאָיס קינסטלערישע ווערק.

אפ די דאָזיקע ראכוועסן קאָכט, ברויזט, גיסט זיך איבערן ראנד דאָס נייע צויבערנדיקע ברויזנדיקע לעבן פון באפרייטע מיליאָנען.

עס שאפן דאָס לעבן ניט קיין „לייטזעליקע פויערימלעך", ניט פלאטאָן קאראטייעוו, ניט אקים, ניט אליאש א גאַרשאָק, נאָר די בויער פון די קאָלווירטן, די סאָוועטישע מייסטערס פון די קאָלווירטישע פעלדער, די העלדן פון דער הויכער גערעטענישקייט, די דעמטשענקאָס און גנאטענקאָס. די פויערים־קאָלווירטניקעס האָבן באקומען ערד אין אייביקן באנוץ ניט לויט טאָלסטאָיס רעצעפּטן, נאָר לויטן סטאלינישן סטאטוט.

אינעם לאנד האָט באזיגט דער סאָציאליזם—ענדגילטיק און אפ שטענדיק. אָבער ניט יענער רעאקציאָנערער, מיסטישער, פּעאָדאלער פּסעוודאָ־סאָציאליזם, וועלכן ס'האָט געפּריידיקט טאָלסטאָי, נאָר דער ווירקלעכער מארקס־לענינישער וויסנשאפטלעכער סאָציאליזם, וואָס באפרייט די מענטשהייט. עס בויט אים אונטער דער געניאלער אָנפירונג פון לענין־סטאלינס הערויִשער פארטיי, דערזעלבער ארבעטער־קלאס, צו וועלכן עס האָט זיך מיט אזא קאלטער פיינטשאפט באצויגן דער יאסנאפּאָליאנער גראף טאָלסטאָי, שילדערנדיק אים אין דער געשטאלט פון דעמאָראליזירטע כעווריע, טעמפּע פאנאטיקער, דערצאָרנטע באלמעלאָכעס, שיקערע „פאבריטשנע". אפ יענע קאריקאטורעס פון די ניעוסטראיעווס און פּראָכאָזשיס, אין וועלכע טאָלסטאָי האָט פארקערפּעט די פּראָלעטאריער, האָט די געשיכטע געענטפערט מיט די נעמען פון איוואן באבושקין, וואסילי מאָלאָקאָוו, אלעקסיי סטאכאנאָוו, פונעם ערשטן מארשאל פון סאָוועטן־פארבאנד קלים וואָראָשילאָוו און מיט טויזנטער אנדערע פּראָלעטאריער—העלדן און אָנהייבער פון א נייעם פאר דער מענטשהייט ניט געוועזענעם לעבן.

דער מעכטיקער אופשטייג פון דער סטאכאנאָווישער באוועגונג האָט באוויזן אן איבעריקן מאָל וואָס פארא ריזיקע רעזערוון פון שעפערישער ענערגיע, קראפט, דערפינדערישקייט, איינענעשפּארטקייט, באוווּסטזינקייט און הערויִזם עס ליגן פארבאָרגן אין דעמדאָזיקן קלאס, וועלכן טאָלסטאָי האָט ניט פארשטאנען.

טאָלסטאָי אלס אידעאָלאָג פון אן אָפּגעשטאנענעם קלאס, האָט ניט פארשטאנען דעם פּראָלעטאריאט און זיין היסטאָרישע ראָליע. אָבער נאָר דער פּראָלעטאריאט, אלס סאמע פאָרגעשריטענער רעוואָליוציאָנערער קלאס פון דער מענטשהייט, קען ריכטיק אָפּשאצן לויט טאָלסטאָיס היסטאָרישן אָרט, קריטיש זיך פאנאנדערקלייבן אין זיין קולטורעלער ירושע, אָפּוואַרפן פון איר אלץ, וואָס איז צעפוילט און רעאקציאָנער, אופנעמען דאָס לעבעדיקע און פּאָזיטיווע.

פאר טאָלסטאָיס לעבן זיינען, די קינסטלערישע ווערק זיינע, געווען צוטריטלעך בלויז א דינעם געזעלשאפטלעכן שיכט פון אונדזער לאנד, יענער געבילדעטער מינדערהייט, וואָס בלויז זי אליין האָט געהאט אין די באדינגונגען פון קאפּיטאליזם א צוטריט צו די קוואלן פון קולטור. לענין האָט דעריבער ניט אומזיסט אונטערגעשטראָכן, אז קעדיי „צו מאכן זיינע גרויסע ווערק ווירקלעך צוטריטלעך פאר אלעמען, פאָדערט זיך קעמפן און קעמפן קעגן יענער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וואָס האָט פארורטיילט מיליאָנען און צענדליקער

מיליאָנענ צו פינצטערניש, דערשלאָגנקייַט, צו קאַטערזשנער ארבעט אונ דאַלעס, עס פאָדערט זיכ א סאָציאַליסטישע איבערקערעניש". צוזאמענ מיט דעמ האָט וולאדימיר איליטש אָנגעוויזנ, אז די מאסנ, וואָס זייַנענ באפרייַט געוואָרנ פונעמ קאפיטאליסטישנ יאָכ וועלנ שטענדיק שעצנ אונ לייענענ טאָלסטאָיס קינסטלערישע ווערק.

די פראקטיק פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ היימלאנד האָט אינגאנצנ בארעכטיקט די־דאָזיקע פאָרויסזאָגונג. טאָלסטאָי איז איינער פונ די סאמע באליבטע אונ לייענבארע שרייַבער פונ לאנד.

די מעלוכע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור לאָזט ארויס א 95־בענדיקע אקאדעמישע אויסגאבע פונ ליעוו ניקאָלאיעוויטש טאָלסטאָיס ווערק. זי אָרגאניזירט א פאָלקס־באַערונג פונ זייַנ אָנדענק.

דאָס אלצ איז דערפאר, ווייַל דעמ פראָלעטאריאט איז פרעמד לינקיסטישע סעקטאנטישקייַט, וואָס ער פילט זיכ גענוג רייַפ אונ שטארק, קעדיי ניט מוירע צו האָבנ אפילע פאר די גיגאנטנ פונ דער היסטאָרישער פארגאנגענהייַט, וואָס זיינענ אימ קלאסנ־פייַנטלעכ: אָפּהאקנדיק זייערע רעאקציאָנערע עלעמענטנ אונ טענדענצנ, בארייַכערט ער זיכ אליינ—אינ רעזולטאט פונ קריטישער איבעראַרבעטונג—מיט דאָס גרויסע אונ רעוואָליוציאָנערע, וואָס עס איז פאראנ אינ זייער קולטור־ירושע.

דאָ איז קלאָר דער גרויסער אונטערשייד צווישנ דער באציִונג צו דער קולטור־ירושע פונ די פארגאנגענע יאָרהונדערטנ מיצאַד דעמ יונגנ זיכ אופהויבנדיקנ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט אונ מיצאַד דער אלטער רעאקציאָנערער בורזשואזיע, וואָס האָט אָפּגעלעבט אירע יאָרנ. מוירע האָבנדיק פאר איר אייגענעמ שאָטנ, זאָגט זיכ אָפּ די בורזשואזיע פונ אירע אייגענע זינ, וועלכע זי האָט געבוירנ אינ די יאָרנ פונ איר היסטאָרישער יוגנט אונ פראָגרעסיווקייט. זי באשמוצט זייערע נעמענ אונ וויל זיכ ראטעווענ אינ די אָרעמס פונ די מיטלאלטערלעכע בארבארנ אונ מיסטיקער, זי גיט איבער די קולטור אפנ בארעט פונ די פאשיסטישע באנדעס, וואָס פארברענענ די בעסטע ווערק פונ די גרויסע מענטשלעכע מויכעס אונטער די פרייַלעכע קלאנגענ פונעמ הימנ דעמ סוטעניאָר כוירסט וועסעל.

צומ שלוס וויל איכ נאָכ אָפּמערקנ פאָלגנדיקע באדייַטונג פונעמ יובילײ.

דאָס באערנ טאָלסטאָיס אָנדענק, וואָס ווערט איצט דורכגעפירט אינ סאָוועטנ־פארבאנד, איז אויסער אלצ באלערנדיק אויכ פארנ טריִומפ פונעמ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ אינ אונדזער לאנד.

ס'איז פאראנ א גראנדיעזער זינ אינ דעמ, וואָס אלע פעלקער אונ נאציאָנאליטעטנ, וועלכע עס האָט באפרייַט דער אָקטיאבער אונ וועמענ די לענינ־סטאלינישע נאציאָנאלע פאָליטיק האָט געבראכט אנ אלזייַטיקנ אויפבלי, וואָס די דאָזיקע נאציאָנאליטעטנ באערנ איצט טאָלסטאָיענ.

טאָלסטאָי איז דער פאָרשטייער פונ דער פאר־רעוואָליוציאָנערער גרויסרוסישער קולטור. אָבער מיר ווייסנ, אז אינ דערדאָזיקער קולטור זייַנענ געווענ צוויי קולטורנ—א קנעכטייגנטימערישע, א לייַבייגנטימערישע פונ איינ זייַט, א פראָגרעסיווע אונ דעמאָקראטישע—פונ דער צווייטער. טאָלסטאָי שטעלט פאָר דידאָזיקע צווייטע קולטור.

דעמדאָזיקנ גענ׳אלנ מייַסטער פונ דער רוסישער קינסטלערישער ליטעראטור באערנ איצט צענדליקער נאציאָנאליטעטנ, וואָס האָבנ געשמאכט אינ דער צארישער פעלקער־טורמע וואָס דער פראָלעטאריאט האָט צעשטערט. פאר די יאָרנ פונ דער רעוואָליוציע איז טאָלסטאָי

באַ אונדז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 40 שפּראַכן, זײַן שאַפונג ווערט אַן אַלגעמיינע אייגנס פון די פעלקער פון פּסר, פּונקט אַזוי ווי עס ווערט די שאַפונג פון טאַראַס שעווטשענקאָ אָדער שאָטאָ רוסטאַוועלי.

איצט, ווען אין אונדזער לאַנד זײַנען אויסגעוואָרצלט געוואָרן די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און די נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס, ווען עס איז דאָ ניטאָ קיין נאַציאָנאַליסטישע רײַסערײַ, ווען עס זינגען פרײַ אַף זייער מוטער־שפּראַך פּאַסטערנאַק און טיכאָנאָוו, סולייםאַן סטאַלסקי און יאַנקאַ קופּאַלאַ, פּאַאָלאָ יאַשווילי און איזי כאַריק,—ווען אַף אַלע פּילצאָליקע שפּראַכן אין ראַכוועסדיקן לאַנד קלינגט איינ זיגרײַכע ליד פון סאָציאַליזם—קענען מיר זאָגן, אַז טאָלסטאָיס ליטעראַרישע ירושה—איז דאָס אַלגעמיינע אייגנטום פון גאַנצן גרויסן סאָוועטישן פאָלק.

י. דאָברושין

# בינ׳אָמינ זוסקינ

(וועגנ זײַנ ארבעט אינעמ קלאסישנ רעפערטואר).

1

זוסקינס גרויסער טאלאנט האָט זיכ גלײַכ פונ אָנהויב אָנ אנטפלעקט, ווענ זוסקינ האָט אינ 1921 יאָר געשפילט דעמ קאלאמייער ייִדנ אינ שאָלעמאלייכעמס מיניִאטיור „ס׳א ליגנ“. דורכפירנדיק די שטרענגע ווינקלדיק־שארפע צייכענונג פונ דער גראפישער אופגאבע, וואָס ער האָט דאנ באקומענ פונ דער רעזשי, איז בא זוסקינענ דאנ שוינ געווענ צו זענ:

זוסקינס טאלאנט גייט פונ א רעאליסטישער טיפ, זוסקינס טאלאנט שעפט פונ דער פאליטרע, וואָס פארמאָגט פארב אפ צו מאָלנ טיפ אונ כאראקטער, זוסקינ שנײַדט מיט די הענט די לופט לויטנ אינטערעסאנטנ פארטראכט פונ דער רעזשי, אָבער אינ דער זעלבער צײַט וויקלט ער ארומ יעדע באוועגונג מיט יענע אסאָציִאציעס, וואָס שטאמענ פונ א לעבעדיק לעבנ. אנאליזירנדיק דעמ קאלאמייער דורכנ מעסערדיקנ זשעסט, האָט זוסקינ דעמדאָזיקנ טיפ אינ זיכ א גאנצנ אופגעשטעלט, ער האָט אימ אפילע זײַנ אָרט אָט דאָ אינ צושויער־ואל ארויסגעצונענ, געוווסט וואָס האָט ער, דער קאלאמייער ייִד, אָט אינ דעמ זאל אונ אינ אָט דער צײַט צו דערציילנ.

האָט זיכ דעריבער גלײַכ ארויסגעוויזנ, אז דער קאלאמייער ייִד איז געקומענ אהער אינ מאָסקווע אינ יאָר 1921 אפ צו דערציילנ — ווי זוסקינ האָט עס פאָרגעשטעלט — אז זײַנ גאנצער בארעדעוודיק־דערעסנדיקער נײַגער אפ אויסצופרעגנ זײַנ בײַזנ מיטפאָרער וועגנ די קאלאמייער ליגנס איז געווענ ניט נאָר קיינ ליידיקגייערישער טאט פונ א ייִדנ א פלאפלער, ס׳איז געווענ א וועזנטלעכער עלעמענט פונ זײַנ סאָציִאלנ כאראקטער, א כאראקטער, וואָס האָט זיכ אויסגעבילדעט אדאנק דער קליינהענדלערישער יאָגעניש אונ פלאָגעניש, אדאנק דעמ פארקריפלטנ זוכנ אונ נישטערנ טאָמער קאָנ מענ עפעס געפינענ א פארדינסטל פונ א זײַטיק אונטערגעהערטער מײַסע, פונ א ליגנ אפילע, אבי צומ לעבנ...

דעמדאָזיקנ „קאלאמייער“ כאראקטער האָט זוסקינ דאָ אפ דער בינע ארופגעבראכט, אימ אפ אזא אויפנ אינטערפרעטירט פארנ צושויער פונ די אָקטיאבער־יאָרנ, וואָס איז שוינ גרייט געווענ פונ אונטער דעמ שארפנ גראָטעסק אופנעמענ די שאָלעמ־אלייכעמ־פיגור, ווי א פראָדוקט פונ דער נאָרוואָס אופגעריסענער אייגנטימערישער ליבנס־אָרדענונג.

אונ אזוי מיט דער אויסגעשפראָכענער נייגונג צו דער סאָציִאלער אונ רעאליסטישער פארטיפערונג איז זוסקינ צוגעגאנגענ צו זײַנ ערשטער גרויסער א״בעט איבערנ געשטאלט,

צו דער באַרימט־געוואָרענער אַרבעט איבער דער באָבע־יאַכנע פונ גאָלדפאַדנס „קישעפמאַכערנ“.

די געשטאַלט פונ דער באָבע־יאַכנע, פונ דער קישעפמאַכערנ אַליינ, הייסט עס, איז אינ טאָכ א מאַסקנאַרטיקע. סײַ דער כאַראַקטער פונ דערדאָזיקער גאָלדפאַדענישער פּיעסע, סײַ דער אופנ ווי די פּיעסע איז אויסגעפּירט אינ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער האָט געפאָדערט, אַז די באָבע־יאַכנע, ווי די אַנדערע געשטאַלטנ פונ ספּעקטאַקל, זאָל פאַרשטעלנ מיט זיכ א סכעמאַטישנ טיפּאַזש. דיזאָזיקע עלטערע פרויענ־פיגור האָט געזאָלט פאַרקערפּערנ די אַלטשטעטלשע פאַרדאָרבנקײַט, די צוויעסדיקע שלעכטסקײַט אונ אומבערַאכמאָנעסדיקײַט אונטערנ שלייער פונ דער באַלעבאַטישער אָנשטענדיקײַט. בא גאָלדפאַדענענ איז די געשטאַלט אויסשליסלעכ א זיטלעכע, אינ ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער האָט זי באַקומענ א באַוווּסטע סאָציִאַלע געוועגדטקײַט, אָבער דער גאַנצער פאַרביק־מײַסעדיקער קאָלאָריט פונ דער פאָרשטעלונג האָט דאָכ געדינט אַפּ צו באַשאַפנ א ריי מאַסקעס, וואָס זײַנענ פונ דער לעכאַטכּילע אָנ אַנטפּלעקט פאַרנ צושויער אונ ענדערנ זיכ ניט אינ פּראָצעס פונ דער גאַנצער האַנדלונג. זייערע טאַטנ שטאַמענ, הייסט עס, פונ זייער איינמאָל אַפּ אַלעמאָל פאַרפיקסירטער טעווע.

איז אָט, שפּילנדיק דידאָזיקע, פונ דער רעזשי אָנגעצייכנטע, מאַסקע האָט דאָב זוסקינ געפונענ א מעגלעכקײַט, אויב ניט אופדעקנ דעמ לעבעדיקנ כאַראַקטער פונ דעמ לעבעדיקנ פּערסאָנאַזש, איז אופדעקנ דעמ שוישפּילערישנ כאַראַקטער פונ דעמ טעאַטראַלנ פּערסאָנאַזש. דאָס באַטײַט, אַז אימ האָט דאָ אינטערעסירט מער די געשפּילטע ראָל אונ ווייניקער דער געשפּילטער מענטש, ריכטיקער, אינ זײַנ שפּיל האָט ער די סאָציִאַלע צייכנס פונעמ טיפּ אופגעדעקט דורכ דער כאַראַקטעריסטיק פונ דערדאָזיקער קלישירטער טעאַטער־געשטאַלט אָט אַזוי ווי זי איז אַרײַנ אינ דער טראַדיציע פונעמ גאָלדפאַדענישנ טעאַטער.

איז וואָס האָט ער צוליב דעמ געטאָנ? ערשטנס, האָט ער באַשאַפנ די פאָלקלאָריסטיש־שטייגערישע לופט אַרומ דער קישעפמאַכערנ, די אונטערגעשטרײַכטע לערנעריש־זאָגערישע שטימ־טאָנירונג, איר גראָטעסקירטע פרומ־גאַבאַיִשע שטענדיקע באַשעפטיקטקײַט, די אַלע צוויִעסדיק־פרומאַקישע האַוואַיעס אונ טנועס האָבנ אַרומגעשטעלט דידאָזיקע פיגור מיט סאָציִאַל־שטײַגערישנ קאָלאָריט אונ אַזוי אַרומ אָנגעפילט מיט כאַראַקטער־אינהאַלט א ריי אַבסטראַקטע גראַפיש־פאַרטראַכטע מיזאַנסצענישע באַוועגונג־צייכענונגענ, אַזוי אַז דער באָבע יאַכנעס מײַסעדיק־פּלוצומדיקע „אופטריטנ“ אפילע, איר דערשײַנענ פונ דאַכ, אַפּנ בעזימ, פונ דער הויכ פונ לייטער, די אַלע אירע „קישעפמאַכערישע“ שטיק באַקומענ אויכ א כאַראַקטער־באַרעכטיקונג. אינ דער אַרומרינגלונג פונ די אויסגעשפּילטע שטייגער־דעטאַלנ סימוואָליזירנ זיי איר אומגעריכטנ אַרײַנרײַסנ זיכ אינ די הײַזער, צו די מענטשנ, פאַר וועלכע זי ברענגט אַרײַנ פאַטאַלנ, ווי זיי מיינענ, בראָכ אונ אומגליק.

אונ דאָ שיילט זיכ אַרויס די איקער־ליניע פונ זוסקינס שוישפּילערישע אויסדרוק־מיטלענ אָנגעווענדטע אינ דערדאָזיקער ראָל. זוסקינ איראָניזירט איבער דערדאָזיקער ראָל, ער שפּילט, אַזוי צו זאָגנ, טעאַטער אַפּ טעאַטער, אַפּ טריט אונ שריט שטרײַכט ער אונטער, אַז דאָס שפּילט ער, אַז ער שטעלט פאָר ניט דעמ לעבעדיקנ טיפּ, נאָר דעמ טעאַטער־טיפּ, די געשטאַלט שטעלט זיכ בא אימ אופ ערטערווײַז פונ די באַדינגלעכע באַשטאַנד־עלעמענטנ אפילע פונ וועלכע די ראָל האָט זיכ אופגעשטעלט אינ דער גאָלדפאַדענישער שפּיל־טראַדיציע.

צום אלעם ערשטנ שפילט ער דאָכ א פרויענ ראָל, זוסקינ, און דידאָזיקע באדינגלעכקײַט שפילט ער אפ אזא אויפנ, אז זי ווערט פארענטפערט. דורכ אנטבלויזנדיקער מימיק אינ די מאָמענטנ ביפראט, ווענ זוסקינ באווײַזט דער באָבע יאכנעס פרויענכיינדלעכ און פרויענ־העפלעכקײַט—דעקט אופ זוסקינ דעמ כאראקטער פונ דער ראָל, וואָס די טראדיציע האָט באשאפנ. ער ווײַזט עס אזוי, ניט בלויז דערפאר, ווײַל קיינ פרויענ אקטריסעס זײַנענ אמאָל ניט געווענ, נאָר אויכ דערפאר, ווײַל די געשטאלט פונ דערדאָזיקער „מאנצבילשער" פרוי ווערט א כאראקטער־אָפשפיגלונג פונ דער „איישעס כאיל", וואָס איז אי „א הענדלעריקע א טענדלע־קע" אי „א זאָגערנ א קלאָגערנ", זי טראָגט, הייסט עס, אינ זיכ די דעמלטדיקע סאָציאלע פארקריפלונגענ פונ ביידע מינימ...

די סצענע, ווענ זוסקינ—די קישעפמאכערנ—וואַרפט אפ קאָרטנ, דאָס אומפארגעסלעכ ניגעלע דערבײַ, די זעלטענע שפיל אפ דער ווירטואָזיש אויסגעארבעטער דעטאל, וואָס דערגייט ביז צו גראָטעסקירנ דעמ זילבנ־אויסשפראכ פונ די ווערטער: „א שווערער ווייטיק פערעסט דיר די בערוסט", ביכדיי צו אונטערשטרײַכנ די פארפירערישע אלגעמיינקײַט פונ דערדאָזיקער קאָרטנווארפערישער פראזע—די אלע און נאָכ אנדערע אָנ א שיר אנטבלויזונג־עלעמענטנ צייכענענ דעמ אָנגעווענדטנ דאָ שוישפּילערישנ מעטאָד. דער אקטיאָר שפילט דאָ, ווי געזאָגט, אפ צוויי זײַטנ: ער שפילט פארנ צושויער די טעאטראל־אויסגעפאָרמירטע געשטאלט און שפילט זיכ מיט דער געשטאלט גופע. ער רינגלט זי ארומ מיטנ באוואקסענעמ ארומ איר פאָלקלאָר־שטייגער און באווײַזט דערבײַ דעמ מעכאניזמ און די פונקציע פונ דעמדאָזיקנ שטייגער.

אפ דער בינע שפאנט די קישעפמאכערנ ארומ מיט „מעכאשייפיש"־שוועכנדיקע טריט און אינ דערדאָזיקער אינטערעסאנט אויסגעארבעטער קערפער־באוועגונג איז פאראנ פונקט אזויפיל איראָנישע אנטבלויזונג וויפל עכטע פלאסטישקײַט. דאָס זעלבע איז אינ דער מערקווירדיקער סצענע אפנ מארק, אינ דער אָנגעווענדטער זעלטנ גראָטעסקירטער מימישער שטימ—שפיל, ווענ די קישעפמאכערנ באדויערט און קלאָגט, קלוימערשט, איבער דער אומגליקלעכער יעסוימע. דער ציל איז דאָ א צווייענדיקער: אופדעקנ די טעאטראלע געשטאלט און דיסקרעדיטירנ ביכלאל דעמ באלעבאטיש־שטייגערישנ ראכמאָנעס־סענטימענט, אופדעקנדיק זײַנ שאבלאָנארטיקנ איינמאָל אפ אלעמאָל אײַנגעשטעלטנ געפילנ־אויסדרוק אינ וואָרט, שטימ און באוועגונג. דידאָזיקע סצענע ענדיקט זיכ מיט דער פרעכטיקער בילד, ווענ די קישעפמאכערנ פארנארט מירעלענ מיט דער טראדיציאָנעלער ליד „קומ, קומ". זוסקינס אויספילונג פונ דער ליד באווײַזט דעמ באדײַט פונ קלוגער, פארשטאנדיקער אקטיאָרישער אינטערפרעטאציע, וואָס טוט א קער דעמדאָזיקנ שפיל־מאָמענט גאָר מיט אנ אנדער זײַט צומ צושויער, אָנפילנדיק דעמ סענטימענטאלנ שאבלאָנ מיט נײַעמ פלאסטיש אויסגעדריקטנ כאראקטער־אינהאלט.

זוסקינס קישעפמאכערנ, זאָגט מענ, איז א מאסקנגעשטאלט, ס'איז ריכטיק און ניט ריכטיק. ריכטיק איז עס דערפאר ווײַל דידאָזיקע געשטאלט האָט ניט, ווי געזאָגט, איר אָרגאנישע סאָציאל־פארורזאכטע האנדלונג־אנטוויקלונג אינ דער פאָרשטעלונג. אָבער אָט דאָס איז דאָכ די מײַסע, וואָס א דאנק דער אָנגעווענדטער רײַכער קלאוויאטור פונ באוועגונג, שטימ, זשעסט און שפראכ־אויסדרוק, וואָס זוסקינ האָט אפ א סינקרעטישנ אויפנ אָפגעטוקט אינ פאָלקלאָר־זאפטנ און אָנגעפילט מיט שטייגער־אסאָציאציעס, א דאנק דער אויסטײַטשונג פונ דער טעאטראלער גאָלדפאדענישער באָבע יאכנע האָט זוסקינ אפ אנ

אייגענעם אויפן דערגרייכט צו טיפּיזירן דידאָזיקע געשטאלט. זוסקינס קישעפמאכערן איז געוואָרן א זאמלונג פאר כאראקטער־אייגנשאפטן, זי איז געוואָרן א באשעפעניש, וואָס לעבט שוין ווי א פאראלגעמיינערונג, זי איז אריבער אין א צונעמעניש, וואָס באצייכנט דעם טיפּ פון דעם ארט.

2

פון זײַן ראָל אין דער „קישעפמאכערן" איז זוסקין ארויס אן אקטיאָר, אן אקטיאָר, ווי מע זאָגט, פון קאָפּ ביז די פיס. דאָס שוישפּילערישע, דאָס קאָמעדיאַנטישע, ווי מיכאָעלס האָט עס ליב אָנצורופן, איז געוואָרן א בלוט־אייגנשאפט פון זוסקינס טעאטראלע אויסדרוק־מיטלען, און אין דער באהעפטונג מיט זײַן אײַנגעבוירענער רעאליסטישער וועלט־אופאסונג האָט עס געבראכט צו וווּנדערבארע שאפונגען בעשאס זוסקין איז ארײַנגעטראָטן אין דער געשטאלטן־וועלט פון די ייִדישע קלאסיקער שאָלעמאלייכעם, מענדעלע און פּערעץ.

אין די „200 000", ווו זוסקין האָט געמאכט זײַן ערשטע ארבעט נאָך דער „קישעפמאכערן", איז די געשטאלט פונעם שאדכן סאָלאָווייטשיק, וואָס זוסקין שפּילט, אן עפּיזאָדישע. זי איז א קליינע ראָל לויט איר אָרט און פארנעם אין דער פּיעסע, און דאָך איז זי אויסגעוואקסן בא זוסקינען, ער האָט זי פארוואנדלט אין א גרונט־פיגור און זי איז מיט רעכט ארײַן אין דער געשטאלטן־גאלעריי, וואָס זוסקין האָט באשאפן.

מיט וואָס האָט זוסקין קינסטלעריש געשפּײַזט זײַן שאדכן סאָלאָווייטשיק, מיט וואָס האָט ער אונטערגעהאלטן דעם וווּקס פון זײַן נײַעם שאָלעמאלייכעמישן טיפּאזש? געווים זײַנען דאָ ווידער אמאָל זוסקינען געקומען צו הילף צום אלעם ערשטן זײַנע פייִקייטן פארטיפערן זיך אין כאראקטער, פארבינדן די געשפּילטע פיגור מיט קאָנקרעטע מענטשן און קאָנקרעטע סאָציאַלע לעבנ־אומשטענדן. דער שאדכן סאָלאָווייטשיק איז ניט קיין מאסקנ־אויסבילדונג, ווי גאָלדפאדענס קישעפמאכערן, ער איז א לעבעדיקער מענטש מיט לעבעדיקן קינסטלעריש אויסגעפאָרמירטן בא שאָלעמאלייכעמען טיפּיזירטן כאראקטער. אָבער גראָד דערפאר וואָס דאָ אין דער פּיעסע איז דער טיפּ אן עפּיזאָדישער און געגעבן געוואָרן איז ער דורך וואָרט און ניט דורך טאט, דערפאר וואָס אין די „200 000" איז דער שאדכן ניט באוויזן געוואָרן אין זײַנע אייגענע פארמיטלונגען, אינעם אָנוווּקס פון זײַן אייגענער קאָנפליקטן־לאגע, איז געווען א געפאר פארן אקטיאָר אדורכצופאלן אין אויסערלעכער כאראקטער־שפּיל, אין יענער זשאנר־ארטיקער אנעקדאָטיק, וואָס באריִרט בלויז דעם עמפּיריש־שטייגערישן אויבערפלאך פונעם טיפּ.

די רעזשי האָט דעריבער פאר דער ראָל ארײַנגעפירט א גאנצע ריי דערפינדערישע מיזאנסצענירונגען, ביכדיי צו פארברייטערן טאקע דעם קרײַז פון די סיטואציעס, ביכדיי צו געבן דעם אקטיאָר אויסשפּילן פאראלגעמיינערטן כאראקטער דורך דער ארײַנגעפירטער האנדלונג, פארברייטערנדיק דעם פּלאצדארם פאר זײַנע באוועגונגען. דער שאדכן קומט צופליִען פון דער הויך אַפּ א שירעם, ער שפּרינגט אפּן דאך און רעדט פון דאָרט אראָפּ, ער וואלגערט אײַן א גאנצע מענטשנ־שערענגע, מיט וועלכע ער פארברענגט און נאָך און נאָך—און די אלע עקסצענטרישע לאגעס באשפּילט זוסקין מיט שוישפּילערישן גלאנץ און מיט יענער, דעריקער, רעאליסטישער אופאסונג, וואָס האָט געפאָדערט באם אקטיאָר פארשטאנד און טאקט אַפּ ארײַנצוברענגען די אלע אויסעראָרדנטלעכע מיזאנסצענע־אײַנפאלן אינעם שטייגערישן כאראקטער־קאָנטעקסט, ביכדיי זיי זאָלן ניט בלײַבן קיין אבסטראקט־פאָרמעלע טריוקנ־אויסטראכטענישן.

אינעם שאדכנ האָט זוסקינ אפּ אזא אופנ געוויס אויסגענוצט דעם פארמעג פונ די וויטואָזישע שוישפּיל־מיטלענ, וואָס ער האָט געבראכט פונ זײַנ ארבעט איבער דער קישעפּמאכערנ, אָבער דאָ האָט ער באקומענ א גרעסערע פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער פארמענטשלעכונג אונ טיפּיזירונג פונ דער געשטאלט, דאָ האָט ער די גאָרע דערוואָרבענע באוועגונגס־גאמע נאָכ מער געדארפט פארוואנדלענ אינ פארב פונ דער כאראקטער־מאָלערײַ, פונ דער גראָטעסקירטער מימיק, פונ דער פלאסטישער קערפּער־שפּיל, פונ דעם מעלאָדיזירטנ ריידנ־נוסעכ האָט זיכ דאָכ איצט באדארפט באקומענ א לעבעדיקער מענטש א שאָלעמאלייכעמישער שאדכנ, א סאָלאָווייטשיק...

אונ ער האָט זיכ באקומענ בא זוסקינענ. אינ דער רײַכער געשטאלטנ־סעריע פונ די שאָלעמאלייכעמס טיפּנ, וואָס דער מאָסקווער יידישער מעלוכע־טעאטער האָט אופגעשטעלט, האָט זוסקינ ארײַנגעגעבנ זײַנ אייגנארטיקנ וואריאנט פונ א לופט־מענטש, פונ אנ אנדערער אונ שפּעטערער פאָרמאציע איידער מיכאָלעסעס מענאכעמ־מענדל, ווײַל זוסקינס לופט־מענטש איז שוינ באלד לופט אָנ מענטש, ער איז שוינ גאָלע אויסגעליידיקטע באוועגונג, לויפערײַ אונ פליערײַ. זוסקינס לופט־מענטש איז שוינ הוילע אומנוצלעכע קאָנוולסיע, וועלכע זוסקינ דערפירט ביז צומ ראנד פונ דראמאטישקייט, וואָס ער גופע, דער שאדכנ סאָלאָווייטשיק, באמערקט שוינ ניט אינ זײַנ פארהאוועטקייט, אפילע דעמלט ווענ שימעלע סאָראָקער ראמט אימ אָפּ פונ וועג מיט מיכאָלעסעס א גלענצנד־וויפולער פארבײַגייענדיקער באוועגונג. אפּ דער כאסענע אינ פערטנ אקט קומט עס פאָר, שימעלע סאָראָקער שארט אימ אָפּ דאָרט פונ וועג, ווי אנ אומנוצלעכע צוטשעפּעניש, דער שאדכנ סאָלאָווייטשיק טוט, דאכט זיכ, א אינווייניקסטנ מאָמענטאלנ ציטער אונ זעצט אָבער באלד פאָר זײַנ ניט געבעטענעמ ארײַנמישנ זיכ אינ די ארומיקע אָנגעלעגנהײַטנ, ער האלט שוינ אינ שרײַענ וועגנ דער מעכוטענעסטע „ערנעסטינא יעפימאָוונא" אונ באקומט טייקעפּ פונ איר אויכ דעם אָפּשניט אינ דער איריקער רעפליק: „א דונער צו זײַנ קאָפּ, עטיע מעניע איז מײַנ נאָמענ..."

אינ זײַנע ארבעטנ איבער דער יידישער קלאסיק האָט דער מאָסקווער יידישער מעלוכע־טעאטער געזוכט דאנ רעזשי־מיטלענ, וואָס האָבנ אימ געהאָלפנ, דעריקער אָנשפּארנ זיכ ווייניקער אפּנ דראמאטורגישנ וואָרט אונ מערער אפּ דער פארביקער אונ אויסדריקפולער מיזאנסצענירונג, ער האָט מערער געלייגט אכט אפּ די „לעבעדיקע בילדער", וואָס ווערנ בא יערנ קער פונ דער סצענישער האנדלונג באשאפנ אפּ דער בינע דורכ אקטיאָרישע גרופּנ אונ מאסנ אָדער אפילע דורכ דעם רוימלעכנ קערפּער־שפּיל אונ פלאסטישער צייכענונג פונ דעם איינצעלנעמ אקטיאָר אפּ דער בינע.

די אייגנשאפט אופצודעקנ דורכ באדינגלעכע טעאטראלע שפּיל־מיטלענ דעם אונטערטעקסט פונ וואָרט, פארברייטערנ מיט דעם דעם מיינ פונ דער רעפליק, די נײַע פאראלגעמיינערונגענ, וואָס דער יידישער מעלוכע־טעאטער האָט אפּ אזא אופנ ארײַנגעגעבנ אינ די קלאסיקער־טעקסטנ האָבנ געלייגט דעם הויפּט־שטעמפּל אפּנ דעמלטדיקנ פאנאנדערגעארבעטנ מעטאָד אונ סטיל פונ טעאטער. אָבער דערבײַ האָט דערדאָזיקער, ווי מע קאָנ אימ אָנרופנ, אויסער ליטערארישער שפּיל־מעטאָד געפירט צו א באוווּסטנ פאָרמאליזמ, סכעמאטישקייט אונ מאסקנארטיקייט אינ דער אויסבילדונג פונ דער איינצלנער געשטאלט. די סטאטישע סאָציאלע מאסקע האָט אָפּטמאָל געהערשט אינ צאָל אפּ דער בינע, אָנשטאָט דעם דינאמיש באוויזענעמ טיפּ אונ כאראקטער.

אונ דערפאר קומט דאָ אופ דער אומגעהויערער באדײַט פונ זוסקינענ, וואָס האָט אונ־

טער דער אָנפירונג פונ זײַנ לערער אינ כאַווער מיכאָעלסנ, געזוכט מיטלענ, ווי צו נעמענ די באַדינגלעכע שפיל צו שטרענגע קאָנסטרוקטיוו־רוימלעכע אונ ריטמישע קערפער־צײַכענונגענ אונ פאַרוואַנדלענ זיי אינ סאָציאַלע כאַראַקטער־פאַרב, וואָס באַווײַזנ דעמ לעבעדיקנ טיפ, דעמ לעבעדיקנ מענטשנ אַפ דער בינע. אָט דאָ ליגט דאָכ, ווי געזאָגט, די קראַפט פונ זוסקינענ דעמ רעאַליסט, וואָס האָט דאַנ שוינ אויסגענוצט די דעמלטדיקע רײַכע פאָרמ־זוכערישע רעזשי־שול אַפ צו פאַרברייטערנ אונ באַרײַכערנ זײַנע שוישפּילערישע אינטערפּרעטאַציע־מיטלענ, באַ אַלע זײַנע אויסטערלישע סצענישע באַוועגונגענ לאָזט דאָכ זוסקינ ניט אַרויס פונ דער האַנט די פעדימ, וואָס פאַרבינדנ אימ מיטנ קאָנקרעטנ געזעענעמ אונ אויסגעפאָרשטנ טיפ, וועלכנ ער שטעלט פאָר.

סאָלאָווייטשיקס אויסטערליש־שווינדלענדיקע פינגער־שפיל דריקט דאָכ אויס אינ טאָכ אַפ אַ גראָטעסק־אויפנ זײַנ סאָציאַלע נאַטור פונ אַ לופטכאַפּער, אַ שטענדיק דורכפאַלנדיקנ דריי־קאָפּ. אונ בעשאַס זוסקינ שפילט אויס, קאָנ מענ זאָגנ, סאָלאָווייטשיקס טענצלדיקע טריט, באַווײַזט ער דאָכ, אַז דאָסדאָזיקע אייגנאַרטיקע גענגעלע קומט באַמ שאַדכנ פונ זײַנ אָנגעשטרענגטנ פאַרלאַנג אַלעמענ וואַרפנ זיכ אינ די אויגנ, אומעטומ אָנקומענ, טאַנצנ, הייסט עס, אַפ אַלע כאַסענעס, וואָרומ באַוועגונג באַטײַט באַ זוסקינענ אָנשוילעכע טעאַטראַלע כאַראַקטער־שפּראַכ, די באַוועגונג איז באַ אימ אַ ריידנדיקע, זי פאַרמאָגט אַפילע אונטערטעקסט, זי רופט אַרויס פיל אַסאָציאַציעס פונ וואָרט אונ פונ אויסגעדריקטנ קאָנקרעטנ געדאַנק. אַמאָל איז אַפילע צו באַמערקנ, ווי זוסקינ קאָנ זיכ ניט אײַנהאַלטנ אונ העלפט דער שטומער באַוועגונג מיט אַ קוימ אַרויסגערעדטנ, אַ פונ זיכ אַרײַנגעשטעלטנ וואָרט...

באַלד נאָכ דעמ שאַדכנ סאָלאָווייטשיק האָט זוסקינ באַשאַפנ זײַנ צווייטנ שאַדכנ פונ שאָלעמ־אַלייכעמס איינאַקטער „דער געט". אונ פונ דעמ אַליינ איז געוועננ צו זענ זוסקינס פאַרשטאַנד פאַר אינדיווידואַליזירונג פונ זײַנ געשטאַלט דורכ וואָרט אינ דער באַגלייטונג פונ זשעסט אונ באַוועגונג. ס'איז געווענ צו זענ, ווי זוסקינ דער שוישפּילער, דער אַקטיאָר זוסקינ פאַרבאַהאַלט זײַנ גאַנצנ טומלדיק־עקספּרעסיאָניסטישנ פּראַכט פונ סאָלאָווייטשיקנ אונ שטעלט פאָר דעמ שטילנ באַשיידנ־פאַרביטערטנ שאָלעמ שאַדכנ, אופּרעקנדיק אַ גאַנצע אונ נײַע כאַראַקטער־גאַמע פונ מענטשלעכע לײַדנ אינ איבערלעבונגענ. אונ סאַראַ לאַקאָנישקײַט, סאַראַ שפּאָרעוודיקײַט פונ זשעסט אונ שפּראַכ! אײַנגעהאַלטנקײַט, וואָס זאָגט זיכ אַרויס אינ עטלעכע, ווי ס'דאַכט אייגנאַרטיקע, אָבער באַדײַטפולע צײַכענונגענ פונ די הענט, פונ דער פּלייצע־אײַנגעבויגנקײַט אונ שטימ־מאָדולירונג.

צי שאַפט אָבער זוסקינ דידאָזיקע פּראַכטפולע פּסיכאָלאָגישע בעצעמ שאַדכנ־פיגור דורכ די אַזויגערופענע פּסיכאָלאָגישע שפּיל־מיטלענ? ניינ. אינ דערדאָזיקער ראָל איז אַדערבע צו זענ, ווי זוסקינ בלײַבט טרײַ אינ גרונט זײַנ דורכגעגאַנגענער טעאַטער־שול, ווי ער נוצט אויס איר מײַסטערשאַפט, ווי ער מעסט יעדע באַוועגונג, ער ריטמיזירט יעדנ זילב. ער פּסיכאָלאָגיזירט ניט, וואָרומ פּסיכאָלאָגיזירנ באַטײַט אַרויסזאָגנ יעדע רעפּליק מיט געהעריקער נאַטוראַליסטישער איבערלעבונגס־באַצייכענונג.

אַז זוסקינ פאַרברענגט מיט רוּוונ־הערשנ אינ „געט" אונ זאָגט אַרויס די ווערטער: „באַ מיר פונקט אַזאַ צאָרע, פּונקט!" ווערט קלאָר, אַז דאָ האָבנ מיר צו טאָנ מיט אַ נײַער אינטערעסאַנט־רעאַליסטישער שפּיל־סיסטעמ, דאָס וואָרט ווערט דאָ מאַמעש געקנאָטנ אונ ס'באַקומט אַ סקולפּטאָרישע פאָרמ, אונ דער אינהאַלט, דער זינ פונ דער רעפּליק, ווערט איבערגעגעבנ דורכ דער אַקטיאָרישער פּלאַסטיק אונ טאָנירונג אָט ווי דער כאַראַקטער פונ

א סקולפּטור־געזיכט ווערט איבערגעגעבנ דורכ דער שטריכירונג פונ דער סקולפּטור אונ ניט דורכ עפּעס אנדערש אונ זײַטיקס.

אז זוסקינ שפּילט אפ שאָלעמ־אַלײכעמס וואָרט־איבערכאזערונג אינ אזוינע רעפּליקעס ווי: „דאָס ווייס איכ ניט, דאָס" אָדער: „מע האָט מיכ גערופנ, בינ איכ געקומענ, בינ איכ", איז דאָס וואָס בא א נאטוראַליסטישנ אקטיאָר וואָלט פארוואנדלט געוואָרנ אינ אנ אויסערלעכ־קאָמישנ, אנעקדאָטישנ ארט־ריידנ, ווערט בא זוסקינענ אינדיווידואַליזירטע כאראקטער־פארב. פארנ ארויסזאָגנ דאָס איבערגעכאזערט וואָרט פונ דער רעפּליק מאכט זוסקינ א באדײַט־פולע פּאוזע, באקומט זיכ, אז דאָס וואָרט כאזערט ער איבער דערפאר, ווײַל ער געפינט ניט דעמ פּאסנדנ אויסדרוק פאר זײַנ געפילנ־אָנזאמלונג, וואָס ער וואָלט געוואָלט ארויסברענגענ. שאָלעמ שאדכנ ווערט אדאנק דעמ פארטיפטער, קאָמפּליצירטער אלס טיפ, וואָס טראָגט אינ זיכ פארבאהאלטענע ניט ארויסגערעדטע פארביטערטקײַט...

זוסקינס שאָלעמ שאדכנ איז א קאָנדענסירטע שוישפּילערישע שאפונג, זי רופט זיכ איבער מיט פילע פונ זײַנע ווײַטערדיקע ארבעטנ איבערנ געשטאלט, ווו זוסקינ האָט נאָכ מער פארשטארקט די רעאַליסטישע עלעמענטנ פונ זײַנ אקטיאָרישער באגאבטקײַט, אָבער דערבײַ נאָכ מער געזוכט די שוישפּילערישע אויסדריקלעכקײַט, געזוכט די באזונדערע זיכ ניט איבערכאזערנדיקע פארבנ פאר דער אויסבויונג פונ דער אויסגעשפּילטער פיגור, ווײַל נאָר דאנ ווערט די טיפּיזירטע פיגור אינדיווידואַליזירט אונ אויכ פאראלגעמײנערט.

נאָכנ „געט" איז געקומענ פּערעצעס „באנאכט אפנ אלטנ מארק", גאָלדפאדנס „צענטער געבאָט", מענדעלעס „מאסאָעס בּיניאָמינ האשלישי" אונ שאָלעמ־אַלײכעמס „לופטמענטש". אינ די אלע פאָרשטעלונגענ אויסגעקומענע איז זוסקינענ אויסהאלטנ אפ זײַנע יונגע דאנ קינסטלערישע פּלײצעס די פאראנטוואָרטלעכע אָנלאָדונג, זײַנ מיכאָעלסעס א מיטשפּילער, אזוי צו זאָגנ, אינ „באנאכט"—טײלנ מיט אימ אפילע די ראָל אפ צווייענ, אינ די איבעריקע אופירונגענ—פאָרשטעלנ דעמ טיפ, וואָס איז בארופנ, שטײענדיק מיט מיכאָעלסעס געשטאלט אפ אײנ געזעלשאפטלעכער פּלאטפאָרמ, אויסשײלנ אנ אנדערנ, אפילע א קעגנזעצלעכנ כאראקטער. אָט אזוי האָט אינ „בּיניאָמינ דעמ דריטנ" זוסקינ באשאפנ סענדערלענ די יידענע, אײנע פונ זוסקינס שענסטע ראָלנ אינעמ קלאסישנ רעפּערטואר פונ מאָסקווער יידישנ מעלוכע־טעאטער.

3

זוסקינס באדכנ פונעמ „באנאכט אפנ אלטנ מארק" איז א ראָל, וואָס איז ווידעראמאָל געבויט אפ דער פּלאסטישער באוועגונג מער ווידער אפנ וואָרט אונ סיזשעטישער ליניע. ס'איז ווידעראמאָל א מאסקע, אָבער אנ אײגנארטיקע אונ גענוג קאָמפּליצירטע מאסקע. די רעזשי, וואָס האָט געשטרעבט דעמ באדכנ פארוואנדלענ אינ דער פירנדיקער פיגור פונעמ ספּעקטאקל, האָט דאָ אויכ פארברייטערט דעמ שפּיל־דיאפּאזאָנ פונ דעמ פּערסאָנאזש אונ צוליב דעמ צעצווייט אימ אפילע. דעמ באדכנ, ארײַנגעפירט, הײסט עס, אנ ערשטנ אונ א צווייטנ באדכנ, וואָס שפּילנ באנאנד דיזעלבע ראָל. דער עפעקט פונ דעמדאָזיקנ עקסצענטריש־דערפינדערישנ מיטל האָט זיכ באקומענ זײער א ווירקעוודיקער. דער פארדאָפּלטער באדכנ האָט זיכ ארויסגערוקט אפנ פאָדערגרונט, יעדער ארויסגעזאָגט וואָרט פונעמ באדכנ האָט באקומענ א רעזאָנאנס, אנ אָפּהילכ אינעמ צווייטנ. די קארגע פּערעצ־רעפּליק האָט זיכ אפ אזא אופנ פארלענגערט, געגעבנ א מעגלעכקײַט פאר נײַע ניואנסירונגענ, נײַע אופדעקונגענ פונעמ אונטערטעקסט אונ נײַע פאראלגעמײנערונגענ.

די ווערטער, וואָס זײַנענ ווי באלנ געפלויגנ פונ איינ באדכנ צומ צווייטנ, די ליניע פונ דער באוועגונג, וואָס פלעגט זיכ דערבײַ אריבערווארפנ פונ איינעמ צומ אנדערנ, די אונטערגעכאפטע אונ איבערגעאנדערשטע טאָנירונג פונ איינעמ אונ דעמזעלבנ וואָרט אונ זילב אפילע—פונ דעמ אלעמ האָבנ אזוינע ווערטער, צומ בײַשפיל, ווי „אונדזער נאכט, נאכט!״ באקומענ א נײַעמ פאראלגעמיינערונג־געוויכט, זיי האָבנ באקומענ לייטמאָטיווישקײַט, די נאכט איז טאקע געוואָרנ די נאכט פונעמ באדכנ, ער איז הערשער איבער איר, אָט ווי ער איז הערשער איבער זײַנ פאנטאסטיק....

פונקט ווי מיכאָעלס האָט אויכ זוסקינ זײַנ ראָל פונעמ באדכנ געבויט ניט אָנשפארנדיק זיכ אפנ טעקסט, נאָר דעריקער אפנ דראמאטיזמ, וואָס איז דאָ פאראנ הינטערנ טעקסט, דער דראמאטיזמ ווערט ניט גענוג אויסגעדריקט אינעמ וואָרט אונ אופעפענענ אימ האָט באטײַט אָנקומענ דאָ אויכ צו פארגרעסערטער טעאטראלישקײַט, ארײַנברענגענ די כאראקטער־צייכענונג פונ דרויסנ. קומענ אפ דער בינע מיט א פארטיקנ ביז אינ א באוווסטנ גראד אויסגעשטאלטיקטנ טיפ, וויבאלד זײַנ וווקס אונ אנטוויקלונגס־ליניע וויקלענ זיכ ניט פאנאנדער דאָ פונ אינווייניק, זיי שטאמענ ניט פונ די גערעדטע טעקסטנ אונ באוויזענער דראמאטישער לאגע.

שפילנ ניט בלויז דעמ אופגעשטעלטנ טיפ פונ די טעקסטנ, נאָר שפילנ אויכ די דראמאטורגישע געשטאלט אזויווי זי האָט זיכ געטראָגנ אָדער געקענט זיכ טראָגנ פארנ שרײַבערס אויגנ, נעמענ, הייסט עס, די געשטאלט פונ אומעטומ, סײַ באמ שרײַבער גופע פונ אנדערע זײַנע שאפונגענ, סײַ פונ לעבנ, צי ביכלאל פונעמ ליטערארישנ געשטאלטנ־פארמעג—צו דעמ האָט געפירט די רעזשי פונ טעאטער. זוסקינ האָט אונטער דער אָנפירונג פונ מיכאָעלסנ געלערנט זיכ דידאָזיקע נויטווענדיקײַט פארוואנדלענ אינ א דערקענטעניש־מיטל. אינעמ מאסקנארטיקנ זאָל זײַנ, באדכנ האָבנ מיכאָעלס אונ זוסקינ באוויזנ אינעמ פולנ באטײַט פונעמ וואָרט פארקערפערנ פראָבלעמ. זייער שארפע מאסקע פארמאָגט קאָמפליצירטנ פסיכאָ־אידייִשנ אינהאלט, זי שפיגלט אָפ פארמענטשלעכטע לײַדנשאפטנ פונ צײַט אונ אָרט, זי ווערט אנ אָנשוילעכ־טעאטראלער קולטור־קאָמפלעקס אונ מעמיילע ווערט זי אפ א געוויסנ אויפנ פארקערפערט, פארגעשטאלטיקט.

וואָרומ גראָד אינ דער געשטאלטנ־אויסבילדונג ליגט דאָ דער אידעאָלאָגישער פעלער, די ניט אָנעמבארע פאר אונדז סאָציִאלע אָפשאצונג פונ דערדאָזיקער פערעצ־פיגור. מיכאָעלסעס אונ זוסקינס באדכנ געפינט זיכ אינגאנצנ אינ די רוימענ פונ דער ראָמאנטיש־אידעאליזירנדיקער פערעצ־אופאסונג. ער ווערט פאָרגעשטעלט ווי דער גאָט־לעסטערער, דער טרעגער פונעמ פארניכטנדיקנ שטורעמ, דער אָפלייקענער פונ דער בורזשואז־פעאָדאלער לעבנס־אָרדענונג, דערבײַ אָבער ווערט ער גופע ניט אופגעריסנ, ער אליינ ווערט ניט אָפגעלייקנט ווי א „לעבעדיקער מעס״, א פראָדוקט פונ דער געשילדערטער בורזשואז־רעליגיעזער ייִדנ־שטאָט.

אונ טראכט מענ זיכ ארײַנ אינ מיכאָעלסעס אונ זוסקינס אקטיאָרישער אויסטײַטשונג פונעמ באדכנ דערזעט מענ אפילע אנ אויסגעשפראָכענעמ אינדיווידואליזירנדיקנ צוגאנג פונ די ביידע אקטיאָרנ צו דער באנאנד אופגעפירטער פיגור. בא מיכאָעלסנ טרעט ארויס אפנ פאָדערגרונט די דראמאטישע ליניע, בא זוסקינענ—די לירישע. אָט די אײַנטיילונג האָט זיכ דאָכ אינ א באוווסטנ פראט דורכ „ביניאָמינ דעמ דריטנ״ דערטראָגנ ביז דער איצטיקער פאָרשטעלונג פונעמ „קיניג ליר״. דער קיניג ליר אונ דער לעצ—די ביידע זײַנענ דאָכ אויכ פארייניקט אינ זייער טיפער באזונדערקײַט, אונ בא זוסקינענ אינעמ

לעצ שפּיגלענ זיכ אָפּ אפילע מערקבארע באוועגונג־אייגנשאפטנ פונעמ „באנאכטיקנ" באדכנ. גאָר בא אנדערע איצטיקע טעאטראלע אומשטענדנ האָט זוסקינ פאר זײַנ וווּנדערבארער שעקספּירישער געשטאלט קריטיש געיארשנט זײַנע אייגענע גראפישע צייכענונגענ פונ דער אמאָל דורכגעמאכטער ליריש־אופגעפאסטער פּערעצישער ראָל.

ליריק ווערט אָט באלד איינע פונ די הויפּט־אייגנשאפטנ פונ זוסקינס שוישפּילערישנ כאראקטער. אָנהויבנדיק פונעמ „צענטנ געבאָט" גייט די אויסגעשפּראָכענע אנטוויקלונג פונ זוסקינס לירישער ליניע, זי פארקריצט זיכ אינ זײַנע גראָטעסקירטע געשטאלטנ פונ דעמ קלאסישנ רעפּערטואר, זי בליט זיכ פאנאנדער אינ דעמ שפּעטערדיקנ רעאליסטיש־אופגעפאסטנ טיפּאזש פונ דער סאָוועטישער דראמאטורגיע.

סענדערל די ייִדענע איז געוויס א פארסאכאקלענדיקע טעאטער־ארבעט בא זוסקינענ. ווי אינ א פאָקוס גייענ זיכ דאָ צונויפ בא אימ פילע ליניעס, וואָס ציִענ זיכ אהער פונ זײַנע פריִער געשאפענע פערסאָנאזשנ. ס'איז ניט שײַעכ איבערצורעכענענ די פילארטיקע שוישפּילערישע אייגנשאפטנ, וועלכע זוסקינ האָט הארמאָניש פארייניקט אינ דערדאָזיקער ראָל. דידאָזיקע הארמאָנישע פארייניקונג דארפ מענ קענענ אײַנזענ, ווײַל זי שטעלט מיט זיכ פאָר די פאקטור, זי לייגט זיכ, אזוי צו זאָגנ, אינעמ טיפנ אינווייניק פונ זוסקינס אופגעפירטער געשטאלט, וועלכע פארמאָגט, דאכט זיכ, אזא מערקווירדיק־צוגענגלעכנ „אויבערפלאכ" אונ קומט אָנ צומ צושויער־אויג אזוי פראָסט איבערצײַגנד.

סענדערל די ייִדענע שטעלט פאָר מיט זיכ אינ דעמ ספּעקטאקל דעמ סאנטשאָ־פּאנטשאָ דעמ פראקטישנ, אזוי צו זאָגנ, גײַסט וואָס באגלייט ביניאָמינענ דעמ דריטנ, דעמ באָדנלאָזנ טרוימער פונ דער פּיעסע. זײַנ סענדערלענ האָט מענדעלע מוכער ספאָרימ באשאָפענ מיט א היפּשער גראד לירישקײַט. די לירישקײַט האָט זוסקינ ניט אראָפּגענומענ, אָבער ער האָט זי נײַטראליזירט, קענ מענ זאָגנ, ער האָט זי ניט געלאָזנ נאטירלעכ אריבערוואקסנ אינ גרעסערער ראָמאנטישקײַט אונ דערהויבנקײַט אונ פארגרעסערנ אפּ אזא אופנ די אידעאליזירנדיקע עלעמענטנ, וואָס זײַנענ פאראנ אינ דערדאָזיקער פאָרשטעלונג. צוליב דעמ האָט זוסקינ אינפאנטיליזירט, פארקינדערשט, הייסט עס, די געשטאלט פונ סענדערלענ, געמאכט פונ אימ אינ טאָכ ניט קיינ פולווערטיקנ מענטש. סענדערלס ערשטער ארויסגאנג אפּ דער בינע, זײַנ ליבהארציקע באגעגעניש מיט די קינדער, זײַנ ערשטע רעפּליק „ס'א־דײַגע, זאָלנ זיי מיכ קראצנ" צייכנט שוינ אָנ דידאָזיקע אינפאנטילע ליניע פונ זײַנ כאראקטער, וואָס זוסקינ האָט טרעפלעכ אויסגעדריקט אינ סענדערלס ראכיטישנ היילעכ, אינ די ספּעציפיש־אויסגעקרימטע פיס זײַנע—א באווײַז פונ זײַנ פארהאלטענעמ אינערלעכנ וווּקס.

די היספּײַלעס סענדערלס אינ כאָלעמ, וועלכע ער דריקט אויס דורכ זײַנ שפּרינגענ פונ איינ בענקל אפּנ צווייטנ, די שפּרינגענדיקע באוונדערונג אונ מוירע־באוועגונג באמ דערשײַנענ פונעמ לינדנוואָרעמ,—די באוועגונג, וואָס פארכאפּט אפילע דעמ „פאָרכטלאָזנ" ביניאָמענ, וועלכער ווייס, אז ס'איז „א ייִדישער לינדנוואָרעמ, וואָס טשעפּעט ניט קיינעמ", סענדערלס הויכע אויסגעפונענע נאָטקע, מיט וועלכער ער ענטפערט זײַנ „איכ שלאָפּ", בעשאס ער אונ ביניאָמינ לייגנ זיכ אײַנ אפּנ באנק—דאָס זײַנענ דאָכ אלצ באשאפענע שפּיל־דעטאלנ, וואָס בארעקנ מיט כאראקטער־פארב די מיזאנסצענישע צייכענונגענ, אונ זיי אלע גייענ אפּ דער ליניע פונ סענדערלס אינפאנטילישקײַט, זיי אלע שאפנ סענדערלס מינדערווערטיקײַט אלס מענטש, ארויסרופנדיק אינ דערזעלבער צײַט באדויער אונ מיטגעפיל צו דערדאָזיקער סאָציאל אונ פיזיש באליידיקטער, אָבער לירישער אינ טאָכ באשעפעניש, וואָס איז פארקריפּלט אדאנק די ארומיקע הערשנדיקע אייגנטימערישע באדינגונגענ.

אינ זײַנ סענדערל־ראָל גײט אומ זוסקינ זײער אינטערעסאנט אפנ ראנד פונ סענטימענטאלישקײַט. אָבער סענטימענטאל איז סענדערל אונ ניט דער אקטיאָר זוסקינ. דאָס אָפהענגיקע סאָציאַל־פארבלענדטע קלײנמענטשל האלט קײנמאָל ניט אינ די הענט די באוועגפעדימ פונ זײַנ אײגענער עקזיסטענצ. זײַנע גליקנ אונ אומגליקנ פאסט ער דעריבער אופ ווי א פאטומ, ווי א פראָדוקט פונעמ בלינדנ מאזל, אונ זײַנע פרײד אונ לײַד־איבערלעבונגענ זעט ער בלויז אינ זיכ אונ דורכ זיכ. זײ זײַנענ סענטימענטאל באגרענעצט זײַנע געפיל־איבערלעבונגענ, ווײַל זײ זײַנענ ניט געווענדט אפ צו ענדערנ עפעס אינ דער ארומיקער לעבנס־אָרדענונג, זײ האָבנ ניט דעריבער קײנ שומ סאָציאַלע אויסשפרײטונג, זײ זײַנענ ניט פארבונדנ מיט קײנ שומ אָביעקטיווער סאָציאַלער באזינונג פונ די געשעענישנ, וואָס האָבנ זײ פארורזאכט. פארנ באוווסטזײַנ פונעמ קלײנ־מענטשל הויבנ זײ זיכ אָנ דערום איזאָלירט אונ ענדיקנ זיכ איזאָלירט אינ זײַנ אײגענעמ קלײנבירגערלעכנ־באגרענעצטנ געדאנק־אונ געפילנ־אפאראט...

אינעמ באשאפענעמ סענדערל־קאָמפלעקס—אזא איז שוינ פאראנ—האָט זוסקינ געוויס ארײַנגעפירט עלעמענטנ, וואָס אנטבלויזנ דעמ סענטימענט פונעמ קלײנ־מענטשל. דורכנ גראָטעסק, דורכ דער גראָטעסקיש־פארגרעסערטער, אָבער דינ שטריכירטער ליניע שטרײַכט ער אונטער אפ טריט אונ שריט די קאָמישע זײַט פונ סענדערלס אומבאהאָלפנקײַט פונ זײַנ סאָציאַלער באגרענעצטקײַט אונ סענטימענטאלער כאראקטער־אײגנשאפט.

די טאָנירטע נאַיוויטעט פונ זוסקינ—סענדערלס פראזע: „טע טע טע עס האלט שמאָל מיט דײַנע ייִדעלעכ" איז גענוג אנטבלויזנדיק, אונ אז סענדערל דערזעט ביניאָמינענ בא דער אָפגערעדטער באגעגעניש הינטערנ שטאָט אונ זאָגט אימ: „האָסט זיכ דערפרײט, אז דו האָסט דערזענ, אז ס'איז איכ"—איז דאָ פאראנענ גענוג זוסקינישע מימישע איראָניע אפ צו א לאכ טאָנ פונ סענדערלס באגרענעצטקײַט. פילע פונ זײַנע רעפליקעס באקומענ אפ אזא אויפנ בא זוסקינענ אנ אונטערטעקסט, זײ באקומענ אָפטמאָל א פאראלעלגעמײנערונג־באטײַט וואָס טיפיזירט פולשטענדיק די דאָזיקע ליריש־סענטימענטאלע פיגור.

מער ווי אינ אלע ביזאהעריקע ראָלנ האָט זוסקינ אינ זײַנ ארבעט איבער סענדערלענ באזיגט די ביאָמעכאנישע סיסטעמ פונ דער רעזשי, וואָס האָט דאנ לויטנ רעפלעקטנ־פרינציפ געפירט פונ דער מימישער באוועגונג צו דער איבערלעבונג אונ ניט פארקערט. אונ האגאמ מימיק רופט אמאָל ארויס איבערלעבונג, אָבער אזא ארט געבוי פונעמ טיפ פירט אינעמ בעסטנ פאל צומ באווײַז פונ קאדרענארטיקע איזאָלירטע טיפישע גײַסט־צושטאנדנ, אָבער ניט צו דער אויסבילדונג פונ דער באשטענדיקער אונ דורכויסיקער כאראקטער־ליניע, וועלכע איז נויטיק פארנ באווײַז פונעמ לעבעדיקנ רעאליסטישנ מענטש.

אינ „ביניאָמינ דעמ דריטנ" איז פאראנ א סצענע באמ מיטלסטנ פאָרהאנג, ווענ סענדערל לײגט פאָר ביניאָמינענ בעסנ באמ קײסער אפ הויצאָעס אפ צוריקוועגס אונ ביניאָמינ טוט אימ א קלאפ איבערנ שטערנ אונ פארשעמט אימ מיט די ווערטער: „אײַ ביסט א ייִדענע, סענדערל"—איז אָט פונ סענדערלס שטומער רעאקציע אפ דערדאָזיקער רעפליק, פונ זײַנ אינערלעכ־דורכגעמאכטער באוועגונג, וואָס דריקט זיכ אויס אויסערלעכ אינעמ באהאלטנ דעמ קאָפ אינ פאָרהאנג, פונ דעמ אלײנ איז גרײַלעכ צו זענ, ווי מײַסטעריש פארפײַנערט זוסקינ נוצט אויס מיזאנסצעניש צוליב זײַנ פארטיפטנ פסכאָלאָגיש־שוישפילערישנ שריפט, ווי ער גיט דאָ אינטענסיוו־קינסטלעריש צו פארשטײנ, אז ביניאָמינ איז גערעכט, אז ער, סענדערל, איז טאקע א ייִדענע אונ גײ טו מיט דעמ עפעס.

נאָכ סענדערלען האָט זוסקין באשאפן דעם טיפ פון קאפעליוש און שאָלעם-אלייכעמס „לופט־מענטש“. ס'איז א נייַע און זייער אינטערעסאנטע זוסקין־באשעפעניש. גראָד דאָ אין דעם שטומען קימאט, בלויז באגלייטערישן פּערסאָנאזש, האָט זוסקין באוויזן, אז ער איז דער מייַסטער פון דער מימידראמע דערפאר, ווייַל זייַנע מימישע צייכנס וואָרצלען זיכ אין קאָנקרעטן לעבן, אלע זייַנע אָרנאמענטאלע אין פלוג באוועגונגען פארמאָגן זייער פארטיפערטע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע בארעכטיקונג. אין דעם „שטומען“, ווי געזאָגט, קאפעליושן האָט זוסקין דער אקטיאָר זיכ פאנאנדערגערעדט מיט אזויפיל לירישֿ־פּסיכאָלאָגישע פארבן און ארייַנגעשטעלט אין זייַן טיפּן־סעריע נאָכ א איינעם פון דער אלטער פארגאנגענער וועלט, וואָס געהערט צו די זוסקיניש־געשילדערטע סאָציאַל־פארשטויסענע און באליידיקטע.

זוסקינס ארבעט איבער דעם קלאסיקער־טיפּאזש האָט אים באשטעטיקט אלס א קינסטלער א רעאליסט, א קינסטלער, וואָס שעפּט זייַן אספּיראציע אינעם קאָנקרעטן שטייגער־לעבן און איז אומשטאנד איבערצוגעבן די קאָמפּליצירסטע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונג־שפּיל, ער איז אימשטאנד איבערצוגעבן זי מיט דער גאנצער אייגענער און אייגנארטיקער אין איינעם פון די בעסטע טעאטערס דערוואָרבענער מייַסטערשאפט. אָט די גאָרע מייַסטערשאפט האָט ער ארייַנגעבראכט אין זייַן סאָוועטישן טיפּאזש, אין דער ארבעט איבער דער סאָוועטישער ייִדישער דראמאטורגיע.

**מ. וואָרטמאַנ**

# אײַנ וווּקס

(וועגנ ע. גאָרדאָנס „אײַנגול באָיאַר")

דאָס ערשטע ביכל ע. גאָרדאָנס, די דערציילונג „ווילדגראָז", איז געווענ א נײַס אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. צום ערשטנ מאָל איז צעשטערט געוואָרנ די זיסלעכע אידיליע וועגנ ייִדישנ סאָוועטישנ דאָרף, אונ מיר האָבנ דערזענ די קלאַסנ־דיפערענציאַציע אינ דער ייִדישער קאָלאָניע. צום ערשטנ מאָל האָט א ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער גענומענ אַלס טעמע ניט דעם נײַעם איבערוואַנדערער־קאָלעקטיוו, נאָר אַנ אַלטע ייִדישע קאָלאָניע. וואָס האָט זיכ אַנטוויקלט, ווי אַלע אַרומיקע יעשוווים אונ דער שרײַבער האָט געפּרוּווט ווײַזנ דאָס נײַע, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אינ דער אַלטער קאָלאָניע געבראַכט: צום ערשטנ מאָל איז דעמ ייִדישנ סאָוועטישנ שרײַבער די „פּויערים־טעמאַטיק" געווענ אָרגאַניש אײגנ; דער יונגער שרײַבער עליע גאָרדאָנ האָט דאָס פּויערים־לעבנ פונ ייִדישנ סאָוועטישנ דאָרף געקענט ניט אַלס צושויער, נאָר אַלס אַנ אײגענער מענטש. פונ דאַנענ שטאַמט דער באַטײַט אונ דערפאָלג פונ „ווילדגראָז". אַזוי איז עליע גאָרדאָנ אַרײַנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור מיט פעסטע טריט פונ א שרײַבער, וואָס קענ זאָגנ א נײַ וואָרט.

דאָס ביכל דערציילונגענ „אַפ גרינער ערד" אונ אײניקע דערציילונגענ פאַרעפנטלעכטע אינ אונדזערע זשורנאַלנ האָבנ דערוויזנ, אַז דער יונגער שרײַבער אַרבעט איבער זיכ, אַז ער פּרוּווט פאַנאַנדעראַרבעטנ די טעמע זײַנע אינ פאַרשיידענע פלאַכנ, אַז אים אינטערעסירנ דער נעכטנ אונ דער הײַנט פונ ייִדישנ סאָוועטישנ דאָרף.

דאָס נײַע בוכ „אײַנגול באָיאַר" איז א באַווײַז פונ ערנסטנ וווּקס, פונ פאַרטיפטער אַרבעט, פונ פּרוכטבאַרער שעפערישער אָנשטרענגונג. דער יונגער שרײַבער בײַט ניט זײַנ טעמע. ער האָט פאַרטראַכט געבנ די געשיכטע פונ אַנ אַלטער ייִדישער קאָלאָניע. דער ערשטער באַנד איז געווידמעט די יאָרנ פונ בירגער־קריג. אויכ דאָס מאָל איז עס ווידער דער ערשטער פּרווו אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור נעמענ אינ דער פלאַכ די טעמע. אינטערעסאַנט איז, אַז די קאַפּיטלענ פונ דעמ בוכ,—וועלכע ע. גאָרדאָנ האָט געדרוקט אינ זשורנאַל „שטערנ"—זײַנענ געגאַנגענ אונטערנ אַלגעמײנעמ קעפּל: „ברויט אונ אײַזנ". דער שרײַבער האָט פאַרטראַכט געבנ זײַנ ווערק אינ צווײ פלאַכנ: דאָס דאָרף אונ די שאַכטע, ברויט אונ אײַזנ, דער פּויער אונ דער אַרבעטער. אָבער דער יונגער שרײַבער האָט וואַרשײַנלעכ דערפילט, אַז די ליניע „אײַזנ", דאָס שאַכטיאָרנ־לעבנ גיט זיכ אימ אײַנ פיל ווײניקער, ווי די ליניע „ברויט", דאָס פּויערים־לעבנ, וואָס ער קענ זעלטנ גוט (אינ דער ייִדישער סאָוועטי־

שער ליטעראַטור קענ זיך מיט אים אינ דעם זינ פאַרמעסטנ, ווי באַוווסט, נאָר איינ נאָטע לוריע דערוויַיל). אונ דער נאָמענ פונ ווערק האָט זיך געביטנ פונ „ברויט אונ אײַזנ“ אַפ „אינגול באָיאַר“. אינגול באָיאַר, די ייִדישע קאָלאָניע שטייט אינ צענטער פונ ערשטנ באַנד. בורלאַצק, די אַרצ־גריבער דינענ אַפ פאַרברייטערנ אונ פאַרטיפערנ די טעמע, אַפ אויפדעקנ די קעגנזײַטיקע ווירקונגענ, אַפ אויסמײַדנ אַ קינסטלעכע, ניט באַרעכטיקטע איזאָלירטקײַט פונ ייִדישנ דאָרפ. מענ דאַרפ אָבער באַלד אינ אָנהייב זאָגנ, אַז אויב דאָס קאָנצענטרירנ די קינסטלערישע הויפט־אויפמערקזאַמקײַט אַפ דער ליניע „ברויט“ איז פולשטענדיק באַרעכטיקט, ווײַל דער יונגער שרײַבער האָט נאָך דערוויַיל ניט די נייטיקע גרויסע לעבנס־דערפאַרונג אַפ באַהערשנ די ליניע „אײַזנ“ — איז אָבער פאַראַנ אינ בוך אַ טענדענצ גייננ אַפ דער ליניע פונ קלענסטנ ווידערשטאַנד דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך וועגנ דער ליניע „אײַזנ“. די קאַפּיטלענ, וואָס שילדערנ די שאַכטיאָרנ זײַנענ די שוואַכסטע אינ בוך אונ עס פילט זיך, אַז דער יונגער שרײַבער האָט אַפ זיי ווייניק געאַרבעט, קנאַפ דורכגעטראַכט, ניט אויסגענוצט די מעגלעכקײַטנ, וועלכע ער האָט געהאַט. אונ דאָס מינערט די גאַנצקײַט, איבערצײַגעוודיקײַט פונ דעם בוך „אינגול באָיאַר“. דאָך איז דאָס נײַע בוך כ׳ גאָרדאָנס ניט געקוקט אַפ דעם גאָר וויכטיקנ גרונטפעלער — אַ באַדײַטנדיקע דערשײַנונג אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס דערווײַזנ פאָלגנדע מאָמענטנ: געשטאַלטנ, שפּראַכ־סיסטעמ פונ בילדער אונ פאַרגלײַכנ אונ די קאָמפּאָזיציע פונ בוך.

## געשטאַלטנ

די גרונט־געשטאַלטנ געהערנ צו צוויי לאַגערנ, דאָס זײַנענ די שאַכטיאָרנ אונ די פויערישע אָרעמשאַפט פונ איינ זײַט, אונ די באַלעגופים אינ אינגול באָיאַר אונ אינ בורלאַצק פונ דער צווייטער זײַט. דער באַלעגופישער צאַד איז קינסטלעריש שטאַרק פאַרגעשטעלט מיט די זעלבע געשטאַלטנ ווי הירשע אַראָוו אונ דער שולצ אינ אינגול באָיאַר אונ אַמעלקאָ מיט סטעפאַנענ אינ בורלאַצק.

ה י ר ש ע  אַ ר אָ ו ו איז קינסטלעריש מײַסטערהאַפט געשילדערט. פונ די ערשטע זײַטלעך, ווענ דער שרײַבער באַקענט אונדז מיט אים, זעענ מיר פאַר זיך אַ יוסטנ באַלעבאָס, אַביסל אַ צעטומלטנ פונ די נײַע געשעענישנ, אָבער אַ טאַקעפנ אונ אײַנגעשפּאַרטנ, אַ קלאַסנ־סוינע אינ יעדנ שטריך אונ זשעסט. ער קענ שפּילנ אַפ דער נאַציאָנאַלער סטרונע פונ ייִדישנ פויער. ער שרײַט, ווענ ער פילט זיך אַפּנ פערד, אונ כאַנפעט ווענ ער רעכנט, אַז עס וועט צונוצ קומענ. ער פאָדערט פאַר זיך קאָוועד אונ מאַכט אונ קענ צווינגענ מיט אַ קלייניקײַט דינענ אים יאָרנלאַנג. ער איז פײַיק אַפ יעדער נידערטרעכטיקײַט, אַבי ראַטעווענ זײַנ פאַרמעגנ אונ פאַרגרעסערנ עס.

אויב הירשע אַראָוו איז געגעבנ פילפּאַכיק, איז באַמ  ש ו ל צ, וואָס דערגענצט אים, גענומענ דעריקער איינ שטריך: זײַנ דורשט נאָך קאָוועד אונ אָט דער שטריך איז טרעפ־לעך באַאַרבעט. דער דראַנג נאָך קאָוועד איז דאָ אַ ריינ מאַטעריעלע קאַטעגאָריע, פאַרשטייט זיך, קאָוועד איז פאַרבונדנ מיט מאַכט אונ געלט. ער איז שוינ ניט מער שולצ, די מאַכט איז שוינ ניט זײַנע. אונ ער שטייט אינ בעסמעדרעש אונ טרוימט: אָט וועט ער אַ קלאַפּ טאָנ אָנ טיש אונ באַפוילנ פירנ מיסט צו דער הרעבליע! ער טרוימט: „באַ דעמ געדאַנק האָט זיך אים געדוכט, אַז די שאַבעסדיקע ליכט האָבנ גענומענ ברענענ העלער, ווי זיי וואָלטנ באַשײַנענ זײַנ קאָוועד, דעם קאָוועד פונ דעם אינגול־באָיאַרער שולצ, וואָס איז

אכצנ יאָר שולצ איבער הונדערט צוואנציק הויפנ אונ איבער נייַנ הונדערט דעסיאטינ ערד". ווענ ער זיצט ארעסטירט מיט הירשנ אינ ראט, זעט ער ווי די פויערים פאריכטנ דעמ אמבאר, אונ ער טרוימט וועגנ דער צייַט, ווענ עס האָט „דער וואלד געציטערט פאר זייַנ קוק. פונקט ווי דאָס דאָרף". ער ציטערט, אז אָט פירט מענ אימ, מיט הירשנ צעשיסנ אונ ער טרוימט נאָכ אלצ, אז „אָט וועט ער באמ זעלבנ טיש שטאָלצ, ווי א שולצ, א קלאַפּ טאָנ אונ א רופ טאָג דעמ סאָצקע מיטנ בלעכל אונ הייסנ פירנ פויערימ אינ קעלער, ווי מע פירט אימ איצט". אָט דער קעסיידערדיקער טרוימ וועגנ קאָוועד שטרייַכט אונטער די מאכט־לאָזיקייַט זייַנע, מאכט אימ אָפּט קאָמיש אונ אומבאהאָלפנ אונ רופט ארויס עקל אונ פאר אכטונג. דער שולצ זוכט בא הירשע ארווונ שוצ אונ הילפ, זיי זייַנענ פארבינדעטע, אָבער זיי האָבנ זיכ פייַנט אונ פארגינענ ניט איינער דעמ צווייטנ אונ דער שרייַבער דעקט עס אופ געלונגענ דורכ א דעטאל, דורכ אנ עפּיזאָד.

אמעלקאָ ליושניא איז געבויט פאראלעל צו הירשע ארווו. אמעלקאָ איז אינ בורלאצק דער צענטער פונ די באלעגופישע קויכעס, ווי הירשע אינ אינגול־באָיאר. די צוויי געשטאלטנ פארמאָגנ א ריי געמיינזאמע כאראקטער־שטריכנ, וואָס שטאמענ פונ געמיינזאמע קלאסנ־אינטערעסנ. סיי הירשע, סיי אמעלקאָ קאָנענ אויסגעצייכנט שפּילנ אפ די נאציאָנאלע אינסטינקטנ פונ דער מאסע,ביידע פארשטייענ, אז עס איז לייַכטער זיי צונויפרייִדנ זיכ צווישנ זיכ, ווי מיט די אונטערדריקטע שיכטנ פונ זייער פאָלק. דעמ שרייַבער האָט זיכ אייַנגעגעבנ ווייַזנ זייערע געמיינזאמע קלאסנ־שטריכנ, אונטערשטרייַכנ דאָס נאציאָנאליסטישע אונ אינדיווידועל־ספעציפישע אינ זיי. אונ דאָס האָט געגעבנ די געשטאלטנ פולבלוטיקייַט אונ קינסטלערישע איבערצייַגעוודיקייַט. הירשע ארווו האָט ליב דאָס ערשטע וואָרט קעסיידער. א פויער, אז ער גייט צו אימ, ווייס ער אפריִער, אז באגעגענענ וועט אימ הירש מיט א הויכ קאָל, מיט א געשריי. אמעלקאָ איז „קאלטלעכ". ער האָט ליב אנדערע זאָלנ ריידנ פאר אימ. „די הראָמאדע זאָל ריידנ... די הראָמאדע... די הראָמאדע זאָל זיכ ארויסזאָגנ..." איז זייַנ לאָזונג. נאָר ריידנ זאָל די ה־אָמאדע אזוי, ארויסזאָגנ זאָל זי זיכ אזוי, ווי אימ טויג. הירשע ארווו באציט זיכ מיט א פאראכטונג צו דער פויערימ־מאסע אונ ער זאָגט עס ארויס אָפנ: „—וואָס בורטשעט איר דאָרט, באראנעס—האָט הירשע נאָכ אופנערייצטער א געשריי געטאָנ—וואָס פארשטייט איר, זעצט אייַכ אונטער ה־נערשע סידעלעס, וועלנ זיי אייַכ טאָנ גלייַכ אפנ קאָפּ, וועט איר אויכ שווייַגנ...—האָט הירשע מיט א קוויטש ארויסגעשריִענ" (ז. 82).—אמעלקאָס אינערלעכע באציִונג צו דער פויערימ־מאסע איז די זעלבע, אויכ פאר אימ זייַנענ די פויערימ „באראנעס" אָבער ארויסערלעכ האלט ער זיכ אנדערש: „באראנעס,—האָט אמעלקאָ געוואָלט ארויסשרייַענ,—וואָס שווייַגט איר?—נאָר ער האָט אָנגעהויבנ פלוצימ ריידנ שטיל, אביסל הייזעריקלעכ.—וואָס רעדט איר ניט, זאָל זיכ די הראָמאדע ארויסזאָגנ". (ז. 22).

סטעפאנ כאריטאָנאָוויטש דערגאנצט אזוי אמעלקאָנ, ווי דער שולצ הירשנ. מיט סטעפאנענ פירט אָנ אמעלקאָ, ווי מיטנ שולצ הירשע, אָבער די צווישנ־באציִונגענ זייַנענ פארשיידענע. דער שולצ איז א וועלפישע פיגור, וואָס האָט מיט „פּאָדאטנ", „פריקאזנ" אונ „פּאָבאָרנ" געשונדנ אונ געוואָרגנ די פויערימ־מאסע, אָבער איצט איז ער שוינ אנטקרוינט, מאכטלאָז, ער זוכט קעסיידער שוצ אונ הילפ בא הירשנ, ניט געקוקט אפ זייער אויסערלעכער קעגנזייַטיקער פייַנטשאפט. אונ הירשע דערמוטיקט אימ קעסיידער, רייַסט אימ מיט מיט זיכ, ווייַל זייערע קלאסנ־אינטערעסנ פאָדערנ געמיינזאמע האנדלונגענ. סטעפאנ איז א באנדיטישער טיפּ. ער איז גרייט צינדנ אונ הארגענענ, שעכטנ אונ קוילנ אפ רעכטס אונ לינקס

און אמעלקאָ צוימט אים. ניט ווײַל ער איז קעגן זײַנע טאטן, נאָר קעגן זײַן טאקטיק. צינדן און שעכטן דארף מען אומבאדינגט, נאָר שטילערהייט, קיינער זאָל דעם שולדיקן ניט קענען. און אזוי, אז די פאראנטוואָרטלעכקײַט זאָלן טראָגן אלע, ניט איינער. דערפאר ווערט אמעלקע דער קאָפּ פון דער באנדע און סטעפאן איר האנט.

אזוי ארום האָט זיך דעם אוטער אײַנגעגעבן שאפן א פארביקע באלעגופים־גאלעריי, וואָס יעדער פון זיי איז א בלוט־סוינע דער ראטנמאכט און יעדע געשטאלט מאָביליזירט דעם לייענערס האס און צאָרן קעגן אָט די פײַנט.

זיי האָט ע. גאָרדאָן אנטקעגנגעשטעלט די שאכטיאָרן, די אָנפירער פון אָרעמפּויערטום אין קאמף מיט די באלעגופים: אָבער, ליידער, האָבן זיך די שאכטיאָרן־פיגורן באקומען אָן אן ערעך שוואכער, ווי די באלעגופים־גאלעריי. ווער זײַנען די שאכטיאָרן אין ווערק, וועלכע האָבן א ווירקונג אין אינגול־באָיאר? סקיבע, ליפע בוראוויק, מיכקע סיבי־ריאק.

סקיבע איז א ביז גאָר סכעמאטישע פיגור, וועגן אים זאָגט דער שרײַבער: „ער איז געווען שטרענג, שוין צו שטרענג" ער האָט א טעווע זידלען זיך, ווי אלע ליטערארישע־„שטרענגע". ער פאָכעט מיטן שווערד,; ווען ער אגיטירט די פויערים זיי זאָלן גיין אין שאכטיאָרן־אָטריאד, און עס באקומט זיך א פארקריפלונג פון דער פארטיי פּאָליטיק, ווײַל אזוי האָבן באָלשעוויקעס און ארבעטער ניט געפירט קיינמאָל זייער אגיטאציע. ער שיסט פון רעוואָלווער, ווען די צעטומלטע מאסע אין דער פינצטערער שאכטע וואַרט אַפּ אים, ווי אַפּ א דערליייזער.

ליפע בוראוויק איז די קינסטלעריש געלונגענסטע געשטאלט פון אן אָנפירער פון דער אָרעמפּויערשאפט. ער איז אן אייגענער צווישן זיי, ער קען גוט זייער לעבן, זייער נויט, זייערע האָפענונגען און נויטן, דערפאר קען ער געפינען דאָס נויטיקע וואָרט אפּן בורלאצקער „סכאָד": „אײַער ערד איז בא די אמעלקאָס, בא די סטעפּאנעס און בא די אראווס און... די ערד איז איצט אײַערע..." (ז. 32) און דערפאר ציטערט פאר אים אמעל־קאָ, בוראוויק וועקט די פויערישע מאסן מיט א געלונגענע וואָרט און דערפאר וויל אים אמעלקאָ „שטילערהייט" אָפּראמען. דערפאר פרייען זיך הירשע און דער שולץ, ווען עס פארשפרייט זיך א יעדיע, אז אין בורלאצק האָט מען בוראוויקן „אוועקגעלייגט", ווײַל אין אינגול־באָיאר שאפט בוראוויק א פעסטן קאָלעקטיוו אָרעמפּויערים, ער העלפט שאפן א פויערים־ארטעל. ער האלט פארבינדונג מיט סקיבען, מיט די ארץ־גריבער, ווײַל ער פילט און ווייסט, אז פון דאנען נאָר, פון ארבעטער קען קומען הילף דעם אָרעמפּויער, אין קאמף מיטן באלעגופ. בוראוויק ארבעט טאָג און נאכט פארן ארטעל, ער פירט א דיסקאָנט פון אלע נויטיקע מענטשן און ער פארמאָגט אויך א ברייטן קוק. אין מאָמענט, ווען עס דראָען פאָגראָמען און שלאכטן באשליסט ער: די ערד דארף מען טיילן, ניט געקוקט אַפּ גאָרניט. „כאָטש א פאָר טעג, א פאָר שאָ זאָלן האלטן פויערים זייער ערד אין די הענט... זאָלן זיי פילן, ס'איז זייערע אז ס'קומט זיי" (ז. 142).

אָבער דעם שרײַבער דוכט זיך קעסיידער, אז די אלע שטריכן שטרײַכן ווייניק אונטער בוראוויקס „שאכטיאָרישקײַט" און ער זוכט עפּעס ספּעציפישעס. און ער שרײַבט צו בוראוויקן געפילן פון איינזאמקײַט, אָפּגעפרעמדטקײַט אין דאָרף, טראגישקײַט און פארצווייפלונג־שטימונגען. דאָס אלץ דארף אפּאָנעם פארגאנצן בוראוויקס געשטאלט אלס ארבעטער, א סימען, אין דאָרף פילט ער זיך פרעמד, איינזאם. פאקטיש צעשרויפּט עס בוראוויקס געשטאלט, פארמינערט איר קינסטלערישן ווערט און באטײַט. דעמדאָזיקן שטריך פירט

דער אויסער דורך, ווי א קאָנצעפּציע, אין אלע לאגעס, וואָס עס געפינט זיך בוראוויק. אזוי, צום בײַשפּיל, בוראוויק בויט דעם ראט אין אינגול־באָיאר, דעם ארטעל און קעסיידער פּאַרפּאָלגן אים געדאנקען פונ אומפּאַרמײַדלעכן אונטערגאנג. אפילע פונ שלאָף „וואָיעט" ער—„מיר וועלן אומקומען... בורלאצק וועט זיך אופהייבן... ערד... ארטעל... ברויט... ערד..." ז. 138.—און דער שרײַבער מאָטיווירט, פאַרסאכאַקלט אָט די געפילן בוראוויקס אפ אזא אויפן: „ער דערפילט עפּעס א ווײַלע א מאָדנע אײַנזאמקייט. עפּעס איז אים פרעמד אלצ, וואָס קומט פאָר ארום אים, עפּעס איז עס ווײַט פונ אים, ווי ס'איז ווײַט פון אים זײַן קינדהײַט" (ז. 139). עס איז אים ווײַט זײַן טאטעס שטוב, דער ארטעל, די פויערים, ער בענקט נאָכן זאוואָד און נאָך דער פרוי פונ שאכטיאָר, וואָס איז געווען זײַן געליבטע". דאָס אלצ דארפ אפּאָנעם, לויטן שרײַבער, אונטערשטרײַכן בוראוויקס פּראָלעטארישקײַט, נאָר עס באקומט זיך גראָד פאַרקערט, עס צעשרויפט די געשטאלט אָט דער „טראגישער קאָמפּלעקס" און ער דעוואָריענטירט דעם לייענער. פונ סומנעקײַט און אײַנזאמקײַט גייט ער צו יאָכוועדן און די גאנצע מײַסע בוראוויק—יאָכוועד איז אומגעלומפּערט ארײַנגעשטיקע־וועט (עס זאָל, כאָלילע, ניט פאַרפעלן אין בוך דער ליבע־מאָטיוו).—אפילע ווען בוראוויק נעמט אָן דעם אויבן דערמאָנטן וויכטיקן באשלוס וועגן טיילן די ערד, ניט געקוקט אפ גאָרניט, אויך דאן פאַרלאָזן אים ניט פאַרצווייפלונג־געפילן און שווערע פאָרגעפילן. אפילע די פולשטענדיק בארעכטיקטע שווערע שטימונג בוראוויקס, ווען ער טרעפט קיינעם ניט בא דער שאכטע און ער פאַרשטייט, אז עס איז פאָרגעקומען א שווערע קאטאסטראָפע איז געגעבן אין א צו דולן טאָן: „פונ שרעק, פונ פאַרלאָרנקײַט האָט בוראוויק זיך גע־לאָזט לויפן. אים האָט אינווייניק עפּעס געשטיקט. ווי א מעשוגענעם הונט, וואָלט מען אים אין הארצן ארײַנגעלאָזט, האָט ער זיך דול געטראָגן, ער האָט אליין ניט געוווּסט, וווּהין ער לויפט און וואָס איז מיט אים, ער איז געלאָפן, זיך אומגעקערט און ווידער זיך גע־לאָזט לויפן" (ז. 256).

שוין צו אָפט איז בוראוויק איינזאם, פאַרלאָרן, פאַרצווייפלט, צעשראָקן, סומנע. עס רײַסט אראָפּ די אינטערעסאנט פאַרטראכטע געשטאלט. דער שרײַבער איז דאָ בעפּיירעש ווּעק אפ א פאלשן וועג.

מ י כ ק ע ס י ב י ר י א ק איז די דריטע אקטיווע שאכטיאָרן־פיגור. דאָרט, ווו מיר האָבן פאר זיך א יונגן, געזונטן, פויערישן יאט, וואָס האָט פײַנט די באלעגופים פאר זײַן טאטנס קאטאָרגע, פאר זײַן שווערער קינדהײַט, וואָס ציט זיך צום שאכטיאָרן־אָטריאד, וואָס האָט ליב די ארומיקע נאטור און פילט זי,—דאָרט האָבן מיר אײַנגעגעבענע כאראקטעריסטישע מאָמענטן. אָבער ווען דער שרײַבער וויל מיכקעס באציִונג צו האלקען און טשערנעין געבן, ווי א געראנגל זײַנע צווישן אינדיווידואליסטיש־פויערישע שטרעבונגען און דעם דראנג צום קאָלעקטיוו, צום ארטעל, באקומט זיך נאָר אן אָנגעצויגענע סיטואציע. ביכלאל האָט דעם יונגן שרײַבער ניט „אָפּגעגליקט" מיט די „ליבעס" אין „אינגול־באָיאר". עס זאָל זיך באקומען „נאטוראליסטישער" איז פאר יעדן פאַרטניאָר צוגעטראכט ניט ווייניקער, ווי צוויי אָביעקטן. מיכקע צערײַסט זיך צווישן טשערנען און האלקען, בוראוויק צווישן יאָכוועדן און א שאכטיאָרס א פרוי, יאָכוועד צווישן אבען און בוראוויקן (דער גרויסער און דער קליינער שימען ווי אן אומזיסטע בײַלאגע), אונדזערע יונגע שרײַבער דוכט זיך אָפט אז ליבע־געפילן דארפ מען אומבאדינגט געבן גראָד נאטוראליסטיש, א ניט וועט זיך כאָלילע באקומען אידעאליזם, סענטימענטאלקײַט. און דער איינציקער עפעקט איז געווינט־לעכ וולגארקײַט, באנאלקײַט. אזוי האָט זיך אויך באקומען באם כ' גאָרדאָן. יאָכוועד פוצט

זיכ פאר אבענ, איר קלאסנ־סוינע, „ליובעוועט זיכ מיט אים „זי דארפ א מאנ"; בוראוויק קומט צו יאָכוועדנ, „ער דארפ א פרוי" אונ ער מאכט ניט קײנ לאנגע רײד, ער נעמט דאָס, וואָס ער דארפ. מיכקע „כאפט" אפ צוויי פראָנטנ, ער קריכט אינ שטאל אי צו טשערנענ, אי צו האלקענ. אלצ איז אזוי פראָסט, אזוי גלאטיק אונ אזוי וואלגאר! אויסער דער שטאלנ-הערא̇ישקײַט האָט מיכקע סטאמ האנאָע פונ געשלעגנ. „ער האָט ליב געשלעגנ אונ כאסענעס" אונ נאָכ האָט ער ליב באנוצנ זידלווערטער. אָנ אנ ערעכ שטארקער פונ די שאכטיאָרנ־פיגורנ זײַנענ געגעבנ די אָרעמפויערימ. מיטל־פויערימ, פונ אינגול־באָיאר אונ בורלאצק: פישע, יאָכוועד, באגדאנ, כאנע, ריווקע, דאָנע. יעדע פיגור פונ דער גאלעריי באווײַזט, ווי גוט דער יונגער שרײַבער קענ דאָס דאָרפ.

## שפראַכ

דאָס בוכ „אינגול־באָיאר" צײכנט זיכ אויס מיט א זאפטיקער, פרישער, קאָלאָריטער אונ אינ גרונט פארשטענדלעכער שפראכ. אזוי ווי די טעמע פונ שרײַבער איז דאָרפלעבנ, איז אומעגלעכ אויסמײַדנ פויערישע טערמינאָלאָגיע. סײַ אינ שפראכ, סײַ אינ בילד, פײזאזש, פארגלײַכ אונ דעטאל איז איבערגעגעבנ דער פויערישער קאָלאָריט אונ דאָס גיט דעמ בוכ פארגאנצקײַט, אײנהײַטלעכקײַט אונ איבערצײַגט ווידעראמאָל, אז דער מאטעריאל איז דעמ שרײַבער אָרגאניש נאָענט. עס איז אָבער נויטיק אונטערשטרײַכנ, אז אָפט פילט זיכ באמ כ' גאָרדאָנ א יאָגנ זיכ, אפילע א מינ קאָקעטירנ מיט אָט דעמ קאָלאָריטנ וואָרט, בילד, פארגלײַכ, דעטאל אונ דאָס שוואכט אָפ די קינסטלערישע ווירקונג. אָפט, שוינ צו אָפט איז דער כ' גאָרדאָנ ניט איבערקלײַבעריש מיט א וואָרט, ער פארטראכט זיכ ניט אפ וויפל וועט דער אָדער יענער טערמינ, אויסדרוק, באצײכענונג דערגײנ צומ לײענער, זײַנ אימ קלאָר, פארשטענדלעכ. דאָס גיט דעמ בוכ א באשטימטנ אָנפלוג פונ פראָווינציאליזמ. די שפראכ ווערט קימאט פארוואנדלט אינ א פויערישנ דיאלעקט אונ נעמענדיק אינ אכט סארא גרויסער פראָצענט פונ יידישנ לײענער איז מיט יידיש פויערישער טערמינאָלאָגיע ווײניק באקאנט, איז עס א פעלער סײַ פונ שרײַבערס, סײַ פונ רעדאקטערס זײַט (וואָס האָט געקענט פיל ענדערנ צומ בעסערנ).

מירנ זיכ אָפשטעלנ אפ אײניקע מאָמענטנ, וואָס וועלנ דעמ טעזיס באשטעטיקנ. ווי געזאָגט, די טעמאטיק אלײנ האָט געפאָדערט א באשטימטנ פראָצענט נײַע טערמינענ, אומפארמײַדלעכע, אויב ניט צונעמענ בא דער שפראכ איר כאראקטעריסטישקײַט, אונ אײנארטיקײַט, קעדײ אָט די נײַע טערמינענ, באצײכענונגענ מאכנ דעמ לײענער פארשטענדלעכ זײַנענ אינ בוכ אײניקע פונ זײ דערקלערט, פארטײַטשט. דאָס זײַנענ: פאָסליד, שולצ, דערט, באָטשענע, א סעפאראטער, א וואָרעכ, א וואָלעכ, א הינקסט, פלאנ, טאבונטשיק, טאָלאָקאָ. אונ גאָר. מער האָבנ דער שרײַבער אונ דער רעדאקטער ניט געפונענ פאר נויטיק דערקלערנ, פארטײַטשנ. אָבער אזעלכע טערמינענ, אויסדרוקנ, באצײכענונגענ ווי: האָנעס, קאָלבעס, קוריי, הודענעס, טשאלע, פירכערײַ, בורקונ, קאטלעצאָנימ, הענזענקעס, פלאנטאזש, טארטאריעס, האָליאָקעס, סקאָווטשענ, געלענקענ, שטשאָבענ, בעדארקע, קאָלעווראָד, היימעלע, האָלדערנ, ביטשקע, רעדנעס, מאזשארעס, קאטראנ, קאטע, קאטוכ, צעפודלט, בולקווא, בידיקעס, צעהאָלדערט, מורע, אופגעפושעט—זײַנענ ניט מער פארשטענדלעכ ווי די אויבנדערמאָנטע אונ דערבײַ קענ מענ, פארשטײט זיכ, געפינענ נאָכ א צוויי דרײַ מאָל ניט מער פארשטענדלעכע, ווי די ציטירטע ווערטער. דער שרײַבער אונ רעדאקטער האָבנ ניט געוואָלט

אונ ניט געקענט פארוואנדלענ דאָס קינסטלערישע בוכ אינ א ווערטערבוכ. זײַנענ זיי געגאנגענ אפנ וועג פונ קלענסטנ ווידערשטאנד, זיי האָבנ אופגעהערט דערקלערנ אונ פארטײַטשנ. ווענ דער שרײַבער זאָל זיכ געווענ באגרענעצנ מיט דעמ אויבנדערמאָנטנ צענדליק אונ עפשער (מאקסימומ) נאָכ א צענדליק נײַע, אומבאדינגט פארטײַטשטע, דערקלערטע ווערטער, וואָלט ער ווארשײַנלעכ געהאט דעמ פארדינסט פאר דער ייִדישער ליטעראטור אונ שפראכ פונ ארײַנפירנ אייניקע נעאָלאָגיזמענ פויערישע אינ דער ייִדישער ליטערארישער שפראכ. נעאָלאָגיזמענ, וואָס וואָלטנ זיכ פעסט אײַנגעבירגערט. אזויווי אָבער ניט דער שרײַבער, ניט דער רעדאקטער האָבנ אזא אָפקלײַב ניט געפירט, איז דאָס בוכ פארפולט מיט א היפש ביסל אומפארשטענדלעכע ווערטער אונ דאָס פארמינערט דעמ קינסטלערישנ עפעקט, די ווירקונג פונ ווערק. מע דארפ צוגעבנ, אז א געוויסער ניט קיינ גרויסער טייל אומפארשטענדלעכע ווערטער ווערנ קלאָר אינ קאָנטעקסט, אָבער אזא מעטאָד ברענגט אָפט צו מיספארשטייענישנ אונ דערמאָנט אָנ אנ אויסלענדישער שפראכ, ווו מע דארפ אָפט פונ קאָנטעקסט דערטראכטנ, קעדיי ניט מיסברויכנ מיט א ווערטערבוכ, אָבער צו קינסטלערישנ פארגעניגנ האָט עס א קנאפע שײַכעס.

כ' גאָרדאָנ מיסברויכט אויכ אינ זײַנ בוכ מיט רוסיציזמענ. קלאָר, אז פויערימ, וואָס וווינענ אינ א צווישנפעלקערלעכער סוויווע, אסימילירנ אינ זייער שפראכ פרעמדשפראכיקע עלעמענטנ. באנוצנדיק זיי אינ א באשיידענער מאָס, גיבנ די דאָזיקע פרעמדשפראכיקע עלעמענטנ דעמ נייטיקנ שטייגער־קאָלאָריט. אָבער כ' גאָרדאָנ האָט אויכ דאָ מיט קיינ מאָס זיכ ניט גערעכנט. עס איז אנ אָנגענומענער קלאל, אז פרעמדשפראכיקע עלעמענטנ ווערנ דערלאָזט (אויכ מיט א שטרענגנ אָפקלײַב) אינ דער געשטאלטנ־שפראכ, אָבער בעשומ־ופנ ניט אינ דער אווטאָר־שפראכ. אָבער דער יונגער שרײַבער רעכנט זיכ ניט מיט דעמ קלאל. די געשטאלטנ זײַנע באנוצנ רוסיציזמענ אָנ א שיר אונ ער, דער אווטער, שטייט ניט אָפ פונ זיי. מירנ בעמענ אייניקע געציילטע בײַשפּילנ, וועלכע מע וואָלט געקענט פארצענפאכנ אונ וואָס וואָלטנ לײַכט זיכ געלאָזט אָפט אויסמײַדנ, פארבײַטנ אונ וואָס זײַנענ נאָר זעלטנ—אומבאדינגט נויטיק: מאָהילעס, פוכניענ, געפלאָדעט, כודאָבע, טוכנענ, קאָפיצע, הוניא פאָשלי, כאָלקעס, קארטינע, זעמעלקע, פאָטיאָװעס, ספיסקעס, סאָבראניע, וויסטופאיענ.

פאראנ אויכ אייניקע נאכלעסיקײַטנ אינ זאצבוי צ. ב.: „אונטערגעקליבנ די קארטאָפליעס, וואָס פארבײַגייענדיק ארויסגעלאָזנ" (ז. 13), די פויערימ האָבנ שוינ געוווסט, אז ער גייט צו הירשענ, דארפ ער שרײַענ" (דער שרײַבער מיינט הירשענ אונ עס באקומט זיכ, אז דער פויער, וואָס גייט צו הירשענ, דארפ שרײַענ) (ז. 80). פאראנ גלאט ניט געלונגענע אויסדרוקנ צ. ב.: „זי האָט אימ באליידיגט מער פונ רעציכע, ווי פונ באוווסטזײַנ" (ז. 76).

## קאָמפאָזיציע

קאָמפאָזיציאָנעל איז דאָס בוכ ניט אייַנהײַטלעכ. די ליניע „ברויט" איז קאָמפאָזיציאָנעל פעסט, שטײַפ; די ליניע „אײַזנ" איז צעשוווּמענ, אָפט געכאפט, אָפט צעצויגנ, דער ארײַנפיר איז אנ איבעריקער.

דער אייגנטלעכער אָנהייב פונ ווערק קומט אינ צווייטנ קאפיטל, ווו מיר באקענענ זיכ מיט בורלאצק אונ מיט דער ערנסטער סיטואציע, וואָס האָט זיכ געשאפנ. דער סכאָד אינ בורלאצק האָט זיכ דעמ יונגנ שרײַבער גלענצנד אײַנגעגעבנ, פאראלעל זעענ מיר אינ דריטנ

קאפיטל הירשע אראוונ און דער קאָנפליקט בא דער באלקע פירט צונויפביידע לאגערנ און דעקט אופ קלאסנווידערשפרוכנ און קלאסנ־אינטערעסנ. דער פינפטער קאפיטל: בוראוויק אינ וואלד און אינ שאכטע־הויפ איז א שוואכער: אלע שרעק—געשפענסטער בוראוויקס זײַנען איבערגעטריבנ און פארלירנ דערמיט זייער איבערצײַגונגס־קראפט.

ווי נאָר ער קומט אינ שאכטע־הויפ ווערט נאָכ ערגער, דער שרײַבער הערט אופ ווײַזנ און הויבט אָנ דערציילנ און עס בלײַבט אונדז ניט אינ זיקאָרנ קיינ איינ לעבעדיקער שאַכטיאָר.

דער זעקסטער קאפיטל: מיכקע און טשערנע איז ארײַנגעשטעלט אינ ווערק מעכאניש, פונקט ווי שפעטער דער צענטער קאפיטל: ארקע און האלינע און דער פערצנטער: בוראוויק און יאָכוועד. די אלע קאפיטלענ זײַנענ ליבע־סצענעס, ווארשײַנלעכ פארטראכט אפ ארײַנפירנ דעמ טראצידיאָנעלנ ליבע־מאָטיוו.

זייער כאראקטעריסטיש, אז א גרויסער טייל פונ די קאפיטלענ איז פארפילט ניט מיט האנדלונג, נאָר מיט זיכרוינעס. אהער זײַנענ ארײַנגעפירט מיכקעס ביאָגראפיע, יאָכוועדס פארגאנגענהײַט. די געשיכטע פונ די באציונגענ צווישנ טשערנענ און מיכקענ, האלינענ און מיכקענ. דערפאר זײַנענ די אלע קאפיטלענ, געבויט אפנ ליבע־מאָטיוו ניט פארבונדנ אָרגאניש מיט דער האנדלונג, מיטנ גאנצנ ווערק. מע קענ זיי לײַכט אויסשליסנ, איבערשטעלנ און עס וועט זיכ גאָרניט בײַטנ. פארקערט פונ אויסשליסנ זיי וואָלט דאָס ווערק, ווארשײַנלעכ, געווּנענ.

דערפאר דער 7. 8, 9, 10, 11, 12. 13. 15, 17 קאפיטלענ, וואָס זײַנענ, ווי דער 2־טער און 3־טער געווידמעט דאָס לעבנ פונ דאָרפ גיבנ אנ אויסגעצייכנט, פילזײַטיק בילד פונ די קלאסנ־פארהעלטענישנ און קלאסנ־באציונגענ אינ אינגול־באָיאר.

## בילדער און פארגלײַכנ־סיסטעמ

אלע בילדער און פארגלײַכנ, אלע עפיטעטנ און מעטאפאָרעס אינ „אינגול־באָיאר" פארמאָגנ איינ געמיינזאמענ שטריכ. זיי זײַנענ אלע ענג פארבונדנ מיט דער פויערישער טעמאטיק, פארמאָגנ אלע דאָרפ־קאָלאָריט, דאָס גיט דעמ ווערק איינהײַטלעכקײַט, פארגאנצטקײַט. דער יונגער שרײַבער זעט און פילט דעמ דאָרפ־פייזאזש און זײַנע פייזאזש־בילדער געהערנ צו די בעסטע פייזאזש־בילדער אינ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור. די נאטור איז פארנ יונגנ שרײַבער ניט א זײַטיקער באשרײַבונג־אָביעקט, נאָר זײַנ אייגענע כוויוּע און זײַנ ליבע צו איר, די פרייד מיט איר גיט זיכ איבער דעמ לייענער דורכ דער אײַנפאכקײַט און אומיטלבארקײַט, מיט וועלכער דער שרײַבער מאָלט און שילדערט זײַנע פייזאזש־בילדער. דעריקער אינטערעסאנט זײַנענ די סטעפ־בילדער זײַנע. דעמ סטעפ גיט דער שרײַבער אינ פארשיידענע סיטואציעס און צײַטנ קעסיידער נײַ און פריש אינ זינ פונ פארב און טאָנ. מיט סטעפ־בילדער איז אָנגעפילט דאָס גאנצע בוכ און זיי דערעסנ קיינמאָל ניט. אָט גיט דער שרײַבער די ראכוועס פונ סטעפ. זײַנ שעפע דורכ דעמ אלטנ דאָנעס אויגנ, דורכ די אויגנ פונ דעמ שטענדיק הונגעריקנ כוטעראניעצ. (ז. 17).—ביכלאל האָט דער יונגער שרײַבער ליב א שפיל טאָנ אפנ קאָנטראסט פונ נאטור־דערשײַנונגענ, מענטשלעכע איבערלעבונגענ, געשעענישנ. די שפילעוודיקײַט, גרינגקײַט פונ א סטעפישנ פארטאָג איז דער ארײַנפיר צו דעמ באלקע־געשלעג (ז. 37)—די שטוביקע ווארעמקײַט פונ פויערישע שטיבלעכ ווערט באגלייט דורכנ בילד פונ שניי־סטעפ, אינ וועלכנ עס דרייענ

און שמייַסן בוראַנען (ז. 135).—סקיבעס אומרו־געפילן, ווען ער האָט אַרויסגעשיקט די אויסשפּירער ווערן באַגלייט דורך דער נאַכט, וואָס ברענט אין זילבערנעם ליכט (ז. 224).— אין דער טראַגישער נאַכט פון פּאַראַט ווען בוראַוויק לויפט צו די אַרץ־גריבער איז אַזוי וווּנדערלעך שיין, אַז בוראַוויק דערפילט אַ קלעמענדיקן ווײַ פאַרוואָס לויכטן און רוישן אַזוי די שטערן, ווען די שאַכטיאָרן וואַנדערן אין דער פינצטער.

ניט נאָר די פייזאוש־בילדער זייַנען עמאָציאָנעל באַאַרבעט, אויך די פאַרגלייַכן פאַרמאָגן דעם שטריך. אין דעם אָביעקט אין וועלכן דער שרייַבער פאַרגלייַכט אַ פיגור, איר באַוועגונג, קערפּער־טייל פילט זיך אָפּט זייַן באַציִונג צו דער פיגור. מיכקע סיביריאַקס פאַרברוינט פּאָנעם פון דער זון דערמאָנט אַ פאַרסמאַליעס קאָרן־ברויט (ז. 5), דער בלוילעכער קאָליר פון סקיבעס פּאָנעם איז, ווי פאַרהאַרטעוועט שטאָל, אַז מע קילט עס אָפּ אין וואַסער (ז. 64), דעם אַלטן דאָנעס געל־טונקל־פּאָנעם האָט דעם קאָליר פון אַן איבערצייַטיקער דיניע (ז. 13); אַמעלקעס אויגן קערן זיך איבער פון רעציכע, ווי באַ אַן אָקס, וואָס ראַנגלט זיך מיטן טויט (ז. 32) און האַלקעס בלויע אויגן שפּילן, ווי אַ לויפנדיק פּרילינג־וואַסער, וואָס ווינקט זיך איבער מיט דער זון (ז. 190).

ניט געקוקט אָפּ דער מייַסטערשאַפט, מיט וועלכער דער שרייַבער מאָלט זייַנע פייזאוש־בילדער, ווענדעט אָן זייַנע פאַרגלייַכן, איז אויך דאָ, אין דער שפּראַך, נויטיק מער דיסציפּלינירטקייַט, שטרענגקייַט אין אָפּערירן מיט די אַלע פּאָעטישע מיטלען.

דער סאַכאַקל: „אינגול־באָיאַר" געהער צו די באַדייַטנדיקסטע ווערק אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע; כ' עליע גאָרדאָן פאַרנעמט אַלץ אַ מער אָנגעזעען אָרט אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. גלייַכצייַטיק דאַרף מען אָנווייַזן, אַז דער יונגער שרייַבער מוז נאָך לערנען באַהערשן, דיסציפּלינירן זייַן דערפאַרונג, שפּראַך, ווייַל עלעמענטן פון צעשוווּמענקייַט און כאַאָטישקייַט פילן זיך נאָך שטאַרק אין „אינגול־באָיאַר".

י. ליובאָמירסקי

# פונ ווערא כאָלאָדנאַיא ביז טשאַפּײַעוו

## די קינאָ־יערושע פונ ערעוו אָקטיאבער

די רוסישע קינאָמאטאָגראפיע האָט אָנגעהויבנ פונ שפאנענדיקנ סיוזשעט, איצט איז זי ווידער געבויט אפ סיוזשעטישקײַט. אָבער וואָס פארא טיפער טהאָם צווישנ יענע סיוזשעטנ אונ איצטיקע! צווישנ די פילמענ ווו ס׳האָבנ פיגורירט ווערא כאָלאָדנאַיא, מאָזשוכינ אונ אזעלכע פילמענ, ווי „טשאַפּײַעוו“, „מאקסימס יוגנט“, די „פויערים“.

ווערא כאָלאָדנאַיא! ווילד פרעמד איז אָט דער נאָמענ פאר אונדזער יוגנט. פאר אונדז, פארנ עלטערנ דאָר, איז ווערא כאָלאָדנאַיא—א סימוואָל פונ דעקאדאנס, פונ יערידע־שטימונגענ. דאָס איז דער פעריאָד, ווענ די קינאָמאטאָגראפיע איז געווענ אינ געפענקעניש בא דער סאלאָנ־פאבוליסטיק אונ בא די וווּלגאר־סענסאציאָנעלע אוואנטיור־סיוזשעטנ. אזא מינ סאָרט קינאָ האָט זיכ דאנ אָריִענטירט אפנ געשמאק פונעם באלעבעסל, פונעם קלײנבירגער. דאָ פלעגט מענ בעקיוונ אויסמײַדנ וועלכע ס׳איז פּאָליטישע, סאָציאַלע פראגנ. די קינסטלערישע פילמענ האָבנ געהאט אײנ ציל—פארווײַלונג, ליבע־סיוזשעטנ—דאָס איז צומײנסטנ געווענ דאָס צוקערלעקעכל, מיט וועלכנ מע פלעגט פארנארנ דעם צושויער אינ קינאָ.

אָט אזעלכע איז זי געווענ, די קינאָ־יערושע פונ ערעוו אָקטיאבער.

### פונ דרויסנ רעוואָליוציאָנער, פונ אינעווייניק קאָנסערוואטיוו

אָט די אָריִענטאציע אפ הוילער פארווײַלונג האָט אינ א פארמאסקירטער פאָרם זיכ נאָכ לאנג געצויגנ אינ אונדזער קינאָמאטאָגראפיע. דאָס איז דערפאַר, וואָס מיר האָבנ פונעם פאראָקטיאברישנ קינאָ געיארשנט א היפש ביסל קינאָ־טוער. אסאכ פונ זיי האָבנ, א לאנגע צײַט, זײערע אלטע אידעאָלאָגישע אונ עסטעטישע פּאָזיציעס ניט אויסגעלעבט. עמעס, אונטערנ דרוק פונ דער פארטיי האָבנ די אלטע קינאָ־טוער געמוזט זיכ אָפּטרײסלענ פונ עפנטלעכער רעאקציע. אזוי, אז סאלאָנע סיוזשעטנ אינעם גײַסט פונ ווערביצקאַיא, ארציבאשעוו א. ד. גל. האָט מענ אינגיכנ ארויסגעשטויסנ פונ אונדזער קינאָ. דאנ האָבנ א ריי אלטע קינאָ־טוער גענומענ מאסקירנ זײער לײַבלעכע קרויוושאפט צו דער בורזשואזער קינאָמאטאָגראפיע. זיי האָבנ גענומענ פּראָדוצירנ, קלוימערשט, רעוואָליוציאָנערע פילמענ.

א מוסטער פונ אזא צופאסונג זײַנענ אזעלכע פילמענ, ווי „א הויז פונ אײַז“, דער „דיכטער אונ דער צאר“, „די דעקאבריסטנ“.

אינעם פילמ „א הויז פונ אײַז“ איבעראשט דעמ צושויער מער פאר אלצ די אויסערלעכע פראכט: דער אײַז־פאלאצ, די אויסגעפוצטע קייזערלעכע כאליאסטרע; די קאָסטיומענ זייערע, די מאנירנ, די עקזאָטישקײַט פונ די לייצימ, פונ די נאראָנימ, וואָס רינגלענ ארומ די קייזערנ אנא יאָאנאָווגא.

אינעם „דיכטער אונ צאר“ האָט די רעזשי איר הויפט־אויפמערקזאמקײַט אָפגעגעבנ די אויסלענדישע פעטערהאָפישע פאָנטאנענ. דעמ קולטור־היסטאָרישנ זינענ פונ אָט דער עפּאָכע האָט דאָ ארויסגעשטויסנ די פאמיליענ־דראמע, די ליבע־טרײַבערײַענ.

דאָסזעלבע אינ „דעקאבריסטנ“: דעמ העלדישנ אויפשטאנד פונעמ פעטערבורגער מיליטער האָט מענ בלויז כראָניקאליש צוגעשטופעוועט צומ מעלאָדראמאטישנ גורל פונ אנ אדעליקער פאמיליע.

נאָכ מער קאָנטיק איז די רעאקציאָנערע טענדענצ פונ די ביז־אָקטיאבערישע טוער געווענ אינ אזעלכע פילמענ, ווי „דער הינקענדיקער פאָרעצ“, אונ „הינטער דער וואנט פונ מאָאסטיר“. דאָ האָבנ מיר צוטאָנ מיט סענסאציאָנעלער פאבול, אָדער אפּ א סענטימענטאלנ אָדער אפּ אנ עראָטישנ אונטערשלאק.

דאָס איז געווענ טעאטער פונ דריטנ סאָרט, וואָס מע האָט אריבערגעטראָגנ אפנ עקראנ אונ אויסגענוצט צוליב אזוינע פילמענ טאקע טעאטער־אקטיאָרנ. קינאָ־אקטיאָרנ האָט מענ דאָ געווײַכט. די שפיל־מאניר פונעמ אקטיאָר איז דאָ געווענ אינ א שטארקער קרויוועשאפּ מיטנ נאטוראליסטיש־פסיכאָלאָגישנ טעאטער. דעריקער איז געווענ, ווי מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ, די אויסערלעכע פראכט. אונ דעריקער—די פאבול זאָל זײַנ שטארק דראמאטיש אָנציִענדיק.

די מאָנטאזש־מעטאָדנ, די פאָטאגראפיע (דאָס הייסט, די קונסט פונעמ קינאָ־אָפּעראטער)—דאָס אלעס איז געווענ נעבעכדיק.

די טיפישע אָנהענגער פונ אָט דער ריכטונג זײַנענ געווענ: טשארדינינ, גארדינ, זשעליאבוזשסקי, טיילוויַיז—פראָטאזאנאָוו, סאבינסקי, איוואנאָווסקי, אָצעפּ.

ניט ווײַט אָפגעשיידט פונ אָט דער ריכטונג, איז געווענ א צווייטע קאטעגאָריע צופאסלער, דער אינהאלט פונ זייערע פילמענ איז קלוימערשט געווענ א רעוואָליוציאָנערער, אנ אקטועלער. מענ האָט אײַכ דאָ געשילדערט קלאסנקאמפּ אינ פארשיידענע מאָמענטנ, אינ פארשיידענע פאָרמענ. איר האָט דאָ געהאט רעוואָליוציאָנערע דעמאָנסטראציעס, שלאכטנ פונ דער עפּאָכע פונ בירגער־קריג. אונ דעריקער—אסאכ סיוזשעטנ, ווו ס'האָבנ געהערשט קאָליזיעס צווישנ אייגענע: דער מאנ א ווײַסגווארדייִשער שפּיאָנ, די פרוי—א רעוואָליוציאָנערישע אקטיוויסטקע, א ראטנ־טוערנ; דער פאָטער—א ווײַסגווארדייער, דער זונ—א רויטער קאָמיסאר...

אונ דאָכ האָט איר געשפּירט, אז דעמ אויבנאָנ פארנעמענ דאָ די פערזענלעכע מאָטיוונ, די פאמיליענ־באציונגענ, האקלאל—דאָס אינדיווידועלע.

אָט נעמט דעמ פילמ—„דער ווײַסער אָדלער“. איר האָט דאָ אנ ארבעטער־שטרײַק. דאָ בושעוועט די ווילדע רעציכע פונ דער צארישער רעגירונג. אָבער די קאָמפּאָזיציע פונעמ פילמ? אינ נוסעכ פונ די בורזשואזע פסיכאָלאָגישע דראמעס. אינ צענטער פונעמ פילמ שטייט דער מעלאָדראמאטישער העלד, דער גובערנאטער. זײַנע איבערלעבונגענ גיבנ דעמ טאָנ דעמ גאנצנ פילמ. האגאמ, דער גובערנאטער איז אונדזער קלאסנ־סוינע, דאָכ רופנ

זײַנע לײַדן אַרויס דעם מיטגעפיל פונעם צושויער. די קאַוואָנע פון די, וואָס האָבן דעם פילם פּראָדוצירט, איז געווען אַ רעוואָליוציאָנערע, אָבער באַקומען האָט זיך אַן הייפעך. און אַזוי אין אַסאַך אַנדערע פילמען, ווו דער אינהאַלט איז, אין טאָך גענומען, סאָוועטיש אָריענטירט.

צווישן אָט דעם סאָרט פילמען האָבן מיר אויך פילמען אַפּ פּראָדוציר־טעמעס. עס פליִען פאַר אײַערע אויגן זאַוואָד־צעכן, טורבינעס, רעדער דרייען זיך; עס שעמערירט אין די אויגן פון לויפנדיקע טראַנסמיסיעס... אָבער דער מענטש, וואָס באַלאַנגט דערצו, וואָס באַהערשט אָט די גאַנצע טעכניק, ווערט דאָ באָטל. דער פילם ענדיקט זיך און בײַ אײַך בלײַבט אַ מישמאַש אין קאָפּ. קלערט זיך אַרײַן אינעם איניען, ווערט איר פאַרשטיין, אַז מע האָט דאָ געשמאַק געשוויצט, קאָמבינירנדיק קאַדרען צוליב אַגיטאַציע, אָבער עס שפּירט זיך ניט קיין אָרגאַנישקײַט. סאָוועטישע לאָזונגען, סאָוועטישע טעמעס זײַנען דאָ אַרײַנגעפּאַסט אין די אַלטע קאָמפּאָזיציאָנעלע פאָרמען. דעריבער איז אין אַזעלכע פילמען דער געזעלשאַפטלעכער טאָך אַ באַזונדער זאַך און דער „סיפור המעשה“ מיט די סענסאַציאָנעלע פּאַסירונגען ווידער עפּעס אַנדערש.

## וואָס האָבן אונדז געבראַכט די אימפּאָרטירטע פילמען?

מיר האָבן געהאַט צו ווייניק אייגענע פילמען, ווערליק אונדזער ברייטער געברויכער־מאַרק האָט געפאָדערט. האָבן מיר די ערשטע 8 יאָר (נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע) זייער פיל אויסלענדישע פילמען אימפּאָרטירט. אָט די פילמען האָבן מיט זיך געבראַכט סײַ נעגאַטיווע, סײַ פּאָזיטיווע מאָמענטן.

דאָס נעגאַטיווע איז, ווי באַוווּסט, באַשטאַנען אין זייער בורזשואַזער מאָראַל, אין זייער פונקציע זײַן אַן אַגיטפּראָפּ פון דער בורזשואַזיע.

דאָס פּאָזיטיווע איז באַשטאַנען אין די פאָרמעלע, אין די קאָמפּאָזיציאָנעלע נײַסן זייערע. דעריקער — אין דער טעכניק, וואָס זיי האָבן אונדז געבראַכט. באַזונדערס די אַמעריקאַנישע קינאָמאַטאָגראַפיע.

אין דער צײַט, ווען בײַ אונדז האָט דאָס רוב אַלטע קינאָ־טוער באַנומען מאָנטאַזש בלויז ווי אַ מיטל קעסיידערדיק צונויפקייטלען פּאַסירונגען (פּונקט ווי אין אַלטן פּראָווינציעלן טעאַטער, אין דער אַלטער בולוואַר־ליטעראַטור), האָט מען אינעם אַמעריקאַנער און אינעם סאַמע פאָרגעשריטענעם אייראָפּײִשן קינאָ שוין פאַרשטאַנען, אַז אינעם באַגריף „מאָנטאַזש“ זײַנען פאַרבאָרגן אומגעהייער רײַכע רעסורסן. אַזעלכע רעסורסן, וואָס גיבן דעם קינאָ אַ מעגלעכקײַט אויסאַרבעטן זײַן ספּעציפישע קינאָ־שפּראַך.

מיר רעכענען דאָ אויס בלויז אַ קליינעם טייל פון זיי: קאָנטראַסט צווישן אַלגעמיינעם, פּאַנאָראַמישן און ביז גאָר פאַרגרעסערטן פּלאַן, ווו מע טראָגט אײַך צו אַ דעטאַל גאָר־גאָר נאָענט; עפעקט פון פאַרשיידענע ריטמען און טעמפּן (אָט שווימען לאַנגזאַם, רויִק קאַדרען פון איינעם און דעם זעלבן אינהאַלט און אָט פליִען מיט אַ בליץ־אַרטיקער שנעלקײַט שטיקלעך, פּיצלעך קאַדרען); העלע פאָטאָגראַפיע און פאַרנעפּלטע פאָטאָגראַפיע; פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון קאַדרען; אַסאָציאַטיווער מאָנטאַזש; אויסערגעוויינלעכע צעציִונג פון צײַט און אומגעהויערע אײַנגעפּרעסטקײַט פון צײַט; ערינערונגען־מאָנטאַזש („נאַפּליוו“).

די פאַרשיידנאַרטיקײַט פון מאָנטאַזש האָבן בײַ אונדז באַנומען ווי געהעריק נאָר אַ קליינע גרופּע קינאָ־טוער.

## די שעפער פונ דער נײַער סאָוועטישער קינאָמאטאָגראפיע

די ערשטע האָבנ עס אויסגענוצט—ליאָוו קולעשאָוו אונ דזיגא ווערטאָוו, דערנאָכ—ס. אײַזנשטײנ, וו. פודאָווקינ, א. דאָווזשענקאָ, קאָזינצעוו אונ טראוּבערג. זיי האָבנ אופגעכאפט די ווונדער פונ מאָנטאזש, ניט נאָר ווי א מיטל צו באַרײַכערנ די רײנ־פאָרמעלע אונ טעכנישע מיטלענ פונעם קינאָ, זיי האָבנ באטראכט מאָנטאזש ווי א מעכטיק געווער אפ אויסדריקנ טיפע געדאנקענ, גרויסע פאָליטישע אונ סאָציאַלע אידייענ. יעדערנ פונ זיי האָט געגעבנ א מעכטיקנ שטויס פאָרויס אונדזער קינאָ.

קולעשאָוו האָט באגרינדעט די טעאָריע וועגנ די ריטמ־געזעצנ אינ דער שפיל פונעמ אקטיאָר. אויכ די געזעצנ וועגנ אָנשוילעכ־ריטמישער פארבינדונג פונ קינאָ-קאדרענ, וואָס מע מאָנטירט אײנס נאָכ אײנס.

ווערטאָוו האָט אופגעדעקט די פאָעטישע פאָרמענ פונ קינאָ. ער האָט פאָטאָגראפירט פאקטנ פונ דער ווירקלעכקײַט, אָבער ער האָט זיי אזוי טראנספאָרמירט, ער האָט זיי מיט דער הילפ פונ קונציק אויסנוצנ דעמ פאָטאָ־אפאראט אינ אזעלכע פרישע ראקורסנ פאָרגעשטעלט, אז די פאקטנ פונ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט האָבנ געקראָגנ א באזונדער פאָעטישנ כײנ. ער איז געווענ אײנער פונ די שטארקסטע אָנהענגער פונ פאקטאָגראפיע אינ קינאָ (האגאמ, גאָר אינגאנצנ אָנ אינסצענירונגענ האָט ער זיכ ניט געקאָנט באגײנ).

ביז גאָר אינטערעסאנטע נײַס האָבנ ניט נאָר אינ אונדזער קינאָמאטאָגראפיע, נאָר אויכ אינ דער וועלט־קינאָמאטאָגראפיע, ארײַנגעטראָגנ די בארימטע קינאָ־מײַסטערס: אײַזנשטײנ, פודאָווקינ אונ דאָווזשענקאָ.

## אײַזנשטײנ—דער שעפער פונעמ אינטעלעקטועלנ קינאָ

אײַזנשטײנ נוצט אויס דעמ מאָנטאזש, ווי א קאָנפליקט פונ אנטקעגנגעשטעלטע קאדרענ. אלס בײַשפיל וועלנ מיר נעמענ א מאָמענט פונ זײַנ פילמ „אָקטיאבער“: ווענ דער גענעראל קאָרנילאָוו (דאָס קומט פאָר בעשאס „קערענשטשינע“) טרײַבט זײַנע קאָנטררעוואָליוציאָנערע מאכנעס קעגנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פעטראָגראד—„אינ גאָטס נאָמענ“—נעמט דאָ אײַזנשטײנ אויסטײַטשנ דעמ באגריפ „גאָט“. ער שלײַדערט פארנ צושויער א גאנצע כאָפטע אָפגעטער פונ פארשײדענע פעלקער. דאָ האָט איר עגיפּטישע, כינעזישע, יאפאָנישע, יאקוטישע, בושמענישע געצנ. אזוי ארומ דעמאסקירט ער דעמ באגריפ „גאָט“, דעמאסקירט אונ לעצעוועט אָפ.

דאָס איז אײַזנשטײנס באליבטער מעטאָד. אָט דעמ מעטאָד נוצנ צײַטנווײַס אויס אויכ פודאָווקינ, דאָווזשענקאָ.

אָט, לעמאָשל, בא פודאָווקינענ אינ זײַנ פילמ „דער סאָפ פונ סאנקט־פעטערבורג“: אנ אומגעהויערער טומל, א הו־הא אפ דער פעטערבורגער בירזשע, וווּ עס וואקסנ פאנטאסטיש די אקציעס פונ לעבעדיעווס זאוואָדנ (זיי ארבעטנ אויס קריגס־באדערפענישנ). אונ טײקעפ נאָכ אָט די קאדרענ ווערט דעמאָנסטרירט דער צוזאמענשטויס פונ פײַנטלעכע מאכנעס אפנ שלאכט־פעלד.

אָט זעט איר די אופגעבלאָזענע פאטריאָטישע מאניפעסטאציעס, וואָס רופנ ארויס היסטעריש־פײַנטלעכע טרערנ, אפילע, באמ בראָנזענעמ אלעקסאנדער דעמ דריטנ (א דענקמאָל דעמ צאר נעבנ א פעטערבורגער וואָקזאל) אונ באלד נאָכדעמ רײַסנ זיכ ארײַנ אפנ עקראנ גאָר

אנדערע קאדרען: איר זעט א פארוווּנדעטנ, א פארשמאכטנ סאָלדאט! ער זיצט עלנט אפנ שלאכט־פעלד, צוגעשפארט דעמ קאָפּ צו א בארג און עס גיסנ אפ אימ אָנ אופהער טרערנ פונ הימל—א שלאקס־רעגנ און טרערנ פונ בארג—בארג־שטראָמענ.

אזא מאָנטאזש באלאנגט אויכ צו די אזויגערופענע אסאָציאַטיווע קאדרענ. אָבער דאָ ווערט אָפּט דער אסאָציאַטיווער מאָנטאזש פארשארפט ביזנ גראד פונ הארבער סימוואָליק, באזונדערס—בא אײַזנשטײנענ גופע.

אינעמ פילמ „דער פאנצערשיפ פּאָטיאָמקינ" וויל אײַזנשטײנ סימוואָליזירנ דעמ רעוואָ־ליוציאָנערנ אופשטאנד פונ די מאסנ, שילדערט ער אונדז א לייב, וואָס האָט געדרעמלט און פלוצלינג אופגעוואכט.

אינ זײַנ פילמ „דער שטרײַק", ווענ די צארישע פּאָליציי דערשטיקט דעמ שטרײַק און נעמט זיכ באשטראָפנ די ארבעטער־שטרײַקער, ווײַזט אונדז אײַזנשטײנ אנ אָקס א געבונ־דענעמ אינעמ שעכט־הויז.

אָט ווי אײַזנשטײנ מאטעריאַליזירט ליטעראַרישע מעטאפאָרעס.

אינ זײַנ פילמ „דאָס אלטע און דאָס נײַע" וויל אײַזנשטײנ אונדז אָנשוילעכ ווײַזנ צו וואָס עס ברענגט דעמ פויער זײַנ פעטישיסטישע באציִונג צו אינדיווידועלערווירטשאפט, צו פּריוואט־אײגנטומ און ווי אזוי אדאנק דער אלצ וואקסנדיקער צעברעקלונג פונ דער פויערישער ווירטשאפט גייט צו גרונט די לאנדווירטשאפט ביכלאל. זעענ מיר: צוויי פויערימ זיצנ אפ א פויערישער הײַזקע (א כאטע), וועלכע איז שוינ האלב צענומענ, זיי צעשיילנ זיכ מיטנ גוטס. וואָס טוענ זיי? זיי צעזעגנ יעדער בערווענע אפ העלפט.

„דאָ—זאָגט אײַזנשטײנ—איז דער טראָפּ געשטעלט אפנ אויספיר פונ געוויסע דער־שײַנונגענ, וואָס ווערט קאָנקרעטיזירט אינ א פארענדיקטנ באגריפ".

קורצ גערעדט, דאָ שטרעבט אײַזנשטײנ געבנ די פילאָזאָפיע פונ דער געשיכטע דורכ ספעציפישנ קינאָ־לאָשנ, אָדער—ווי ער גופע דריקט זיכ אויס—„ניט קיינ שילדערונג פונ דערשײַנונגענ און אפילע ניט קיינ סאָציאַלע אויסטײַטשונג זייערע, נאָר א מעגלעכקײַט פונ אבסטראקטער סאָציאַלער אָפּשאצונג".

ווענ איר טראכט זיכ טיפ ארײַנ אינ אײַזנשטײנס פילמענ, געפינט איר, אז ער אפּע־לירט צומײנסטנ צו אונדזער אינטעלעקט און זעלטנ צו אונדזערע עמאָציעס. דעריבער האָט מענ זײַנ מעטאָד געקרוינט מיטנ נאָמענ „אינטעלעקטועלע קינאָ".

און נאָכ א וויכטיקע אײגנשאפט פונ זײַנ שאפונג. אימ האָט ווייניקער פאר אלצ אינ־טערעסירט סיוזשעטישע גאנצקײַט, אָדער אינטריגע. האגאמ, איר קאָנט בא אימ אינעמ „פאנצערשיפ פּאָטיאָמקינ" און אינעמ פילמ „דאָס אלטע און דאָס נײַע" געפינענ עפּעס אנ אָנוווּנקס פונ א סיוזשעט, נאָר ער אליינ (אײַזנשטײנ) רײַסט אלע מאָל אומבאראכמאָנעסדיק איבער דעמ שוואכנ פאָדעמ פונ זײַנ סיוזשעט. קאָנטיק, אז ער שטרעבט ניט ווירקנ אפנ צושויער מיט א פארכאפּנדיקער פאבול. אימ איז ליבער בויענ זײַנע פילמענ לויטנ מעטאָד פונ אטראקציאָנענ (א שנירל שוואכ געבונדענע קליינע עפּיזאָדנ). דערבײַ נוצט ער אויס די בעסטע טראדיציעס פונ מאסעווע פאָלקסשפּילנ, פונ צירק און פונ פאָלקס־באלאגאנ. אויכ שפּארט ער זיכ אָנ, בויענדיק זײַנע מאָנומענטאלע קאדרענ,—אפ די סאמע פּראָגרע־סיווע טענדענצנ פונ ארכיטעקטור און סקולפּטור. דעריבער באקומענ פיל פונ זײַנע פיל־מענ אזא מאָנומענטאלע אויסדריקלעכקײַט.

און דאָכ איז אפילע דעמ קוואליפיצירטנ צושויער שווער צו באנעמענ א ריי אײַזנ־

שטײַנס פילמענ. דאָס איז דערפאַר, ווײַל זיי זײַנענ אבסטראקט געבויט. אָפט ווערנ אינ זײַנע פילמענ מענטשנ באַטל לעגאבע כאיעס, לעגאבע טויטע כפייצים. אינעם פילם „דאָס אלטע אונ דאָס נײַע" מיינט איר, לעכאטכילע, אז דער הויפט־העלד איז די פויערטע מארפא לאפקינא, אָבער אינגיכנ באקומט זיכ אנ אײַנדרוק, אז די צענטראלע פיגור איז דאָ דער בוהײַ פאָמקא. אויבערטענער פארהילכנ דעמ גרונט־טאָנ. דאָס איז אלצ דערפאר, וואָס דער גרונט־סיוזשעט ווערט צעפלאָסנ, ס'ווערט פארשווונדנ דער שטאמ, אונ עס סטארטשענ דאָ אונ דאָרט באזונדערע צווײַגעלעכ בײַ־סיוזשעטנ.

## פודאָווקינ אונ דאָווזשענקאָ

דיזעלבע דערשײַנונג (צעשוומענקײַט פונעמ סיוזשעט) מערקט זיכ טיילווײַז אויכ בא אזעלכע מײַסטערס, ווי פודאָווקינ, דאָווזשענקאָ, קאָזינצעוו אונ טראובערג. האגאמ פודאָווקינ האָט שטענדיק מער פונ זיי אלעמענ געשטרעבט צו סיוזשעטישער גאנצקײַט. אינ פלאנ פונ דערהויבנ דעמ אסאָציאַטיוונ מאָנטאזש צו דער מאדרייגע פונ הארבער סימוואָליק האָט פודאָווקינ אסאכ אנטליענ בא אײַזנשטיינענ. דאָכ, וואָס פאר א טיפער אונטערשייד צווישנ אָט די צוויי מײַסטערס! אָט דעמ אונטערשייד דריקט דײַטלעכ אויס דער קינאָ־פאָרשער יעזויִטאָוו אינ זײַנ ארטיקל—„די אופשטײַג־יאָרנ פונעמ סאָוועטישנ קינאָ" („סאָוועטסקאָיע קינאָ" נומ. 15, 1935).

„אײַזנשטיינ—שרײַבט יעזויִטאָוו—האָט געבויט זײַנע פילמענ אפ מאכנ־אקציע, פודאָווקינ—אפ העלדנ־אקציע. אײַזנשטיינ האָט זיכ געפלײַסט ווי ווײַט מעגלעכ זיכ באגיינ אָנ אקטיאָרנ—ער האָט זיכ אָריִענטירט, דעריקער, אפ טיפאזש, אפ נאטורשטשיקעס, בעשאס פודאָווקינ האָט זיכ ניט פאָרגעשטעלט א פילמ אָנ דעמ אָנטייל פונ אקטיאָרנ. בענעגייע צומ אויסנוצנ מענטשנ־מאטעריאל איז אײַזנשטיינס שיטע גאנצ נאָענט צו דער סיסטעמ פונעמ מייערכאָלד־טעאטער אונ פודאָווקינ—צו סטאניסלאווסקעס סיסטעמ. אײַזנשטיינ האָט נעגאטיוו זיכ באצויגנ צו שילדערונג פונעמ מענטשנס פסיכאָלאָגישע איבערלעבונגענ, בעשאס פודאָווקינ האָט עס באהויפטעט. אײַזנשטיינ פלעגט אויסנוצנ אנטבלויזטע מעטאפאָרעס, פודאָווקינ—„פארבאָרגענע".

אָבער פודאָווקינ איז נאָכ געוועגנ ליבער, נעענטער דעמ מאסנ־צושויער טאקע דערפאר, וואָס ער האָט אינ זײַנע פילמענ מיט אנ אומגעהויערער קראפט אופגעדעקט די פסיכאָלאָגיע, די געפילנ אונ געדאנקענ פונ זײַנע העלדנ. באזונדערס מערקט זיכ עס אינ זײַנ קלאסישנ פילמ—„די מוטער". שוינ אָפגערעדט פונ דער טיפער אידייִשער אָנלאָדונג, פונ דעמ עכטנ רעוואָליוציִאָנערנ פאטאָס, אינ וועלכנ ס'איז דורכגעדרונגענ אָט דער פילמ, האָבנ מיר דאָ אלע בעסטע פאָרמעלע דעראָבערונגענ פונ אונדזער רעוואָליוציִאָנערנ קינאָ: דער ריטמ, די אָנשוילעכע געזעצנ פונ מאָנטאזש, די נײַע ראקורסנ, נײַע אײַנשטעלונגענ פונעמ קינאָ־אפאראט, אדאנק וועלכע מע קריגט ארויס רײַכע עמאָציעס—פאר די אלע זאכנ, האָט פודאָווקינענ נעגעבנ מעכטיקע אופווירקונג־מיטלענ.

דער גרויסער אוקראִינישער מײַסטער ד אָ ו ז ש ע נ ק אָ האָט אינ זיכ אײַנגעזאפט דאָס בעסטע אונ דאָס שארפסטע פונ אײַזנשטיינס אונ פודאָווקינס שאפונג. דערצו האָט ער אונדזער קינאָ באַרײַכערט מיט די אינטערעסאנטסטע דערגרייכונגענ פונעמ מאָלערישנ עקספרעסיִאָניזמ. קיינעמ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ, ווי דאָווזשענקענ, געבנ אזעלכע רע־

ליפע אָנשוילעכע געשטאַלטן פון דער פאָלקס־עפּיק, אַזוי פילאָזאָפיש אויסדריקן דעם באַגריף רוים, דעם באַגריף צײַט און אַזוי שאַרף דערלאַנגען די פילאָזאָפישע אַנטבלויזטקײַט פונעם מענטשנס לײַדנשאַפטן. עס ווילט זיך אָנווײַזן אַף אַן אינטערעסאַנטן מאָמענט אין זײַן פילם „אַרסענאַל“, פון וועלכן עס ווערט קלאָר די געוויינישקײַט פון דאָווזשענקאָס פאַנטאַזיע, די שאַרפקײַט פון זײַן סאָציִאַלער סאַטירע. ער שילדערט אַ פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציע פון אוקראַיִנישע שאָמאָסטיניקעס—ער וויל דאָ דעמאַסקירן דעם עמעסן שוואַרצמײַידיקן פּאַרצעף זייערן. זעט איר: מע לויפט—גאַלאָכים, טשינאָווניקעס, אינטעליגענץ—מיט קירכן־בילדער, מיט צלאָמים אין די הענט און אינדערשפּיץ פון דער מאַניפעסטאַציע—שעווטשענקאָס פּאָרטרעט. די אויסגעשרייען—„כאַי זשיווע אוקראַיִנאַ“! גייען באַלד איבער אין אַ קירכן־געזאַנג: „כריסטאָס וואָסקרעס“! („יעזוס איז אופגעשטאַנען טכיעס האַמײסים“)... אָט איז שוין נאָך דער מאַניפעסטאַציע. איינער פון די טשינאָווניקעס האָט אופגעהאַנגען שעווטשענקאָס פּאָרטרעט אַף דער וואַנט, האָט אָנגעגאָסן אין אַ לעמפּעלע בוימ־אייל און גייט צו צום פּאָרטרעט אופהענגען דעם „נייר טאָמיד“—פּלוצלינג דרייט שעווטשענקאָ אויס פון רעמל דעם קאָפּ—ווי אַ לעבעדיקער—אַ פּײַערל פון צאָרן האָט זיך אין זײַנע אויגן אָנגעצונדן און ער טוט אַ שפּײַ אין פּאָנעם דעם טשינאָווניק, וואָס פּאָרעט זיך מיטן לעמפּל באַם פּאָרטרעט...

אָבער, ווי מיר האָבן שוין געזען, האָבן סײַ דאָווזשענקאָ, סײַ פּודאָווקין (און אַף זיי קוקנדיק אויך אַזעלכע אינטערעסאַנטע מײַסטערס, ווי קאָזינצעוו און טראַובערג) מיט ביטל זיך באַצויגן צו דער סיוזשעטישער גאַנצקײַט פון זייערע פילמען—זיי איז געווען ענג אין די ראַמען פון איין סיוזשעט. דער גרונט־סיוזשעט פלעגט זיך צערינען אַף עטלעכע זײַטיקע סיוזשעטן. פילאָזאָפישע אָנצוהערענישן, האַרבע סימוואָליק, טיפּ־פּאָעטישע בילדער האָט מען דאָ דערלאַנגט ווי אָפּגעריסענערהייט. דער צושויער פלעגט אַרויס מיט אַ קאָפּווייטעק נאָך אַזעלכע בילדער, ווי „אָקטיאַבער“, „דער אַרסענאַל“, „דער נײַער באַבול“, „דאָס אַלטע און דאָס נײַע“. דער מאַסן־צושויער פלעגט אַרויס ניט וויסנדיק.

## אכטונג צום נײַעם העלד, צום בויער פונעם סאָציִאַליזם

עס האָט זיך מיט אומגעהויערע דערפאָלגן פאַרענדיקט דער ערשטער פינפיאָר פון אונדזער סאָציִאַליסטישער בויונג און מיט אַ קראַפט אַן אומדערהערטער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט האָט זיך צעקלונגען די גראַנדיִעזע סימפאָניע פונעם צווייטן פינפיאָר. טויזנטער נײַע העלדן, נײַ־געבוירענע מענטשן—שלאָגלער פון די פאַבריקן, פון די זאַוואָדן, פון די קאָלווירטן, שלאָגלער אַפן געביט פון וויסנשאַפט און קונסט, פּאַרטייטוער, אָנפירער פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג. זיי דאַרפן דאָך דעריקער פיגורירן אין אונדזער ליטעראַטור, אין אונדזער טעאַטער, אַף די ברייטע לײַוונטן פון מאָלערײַ, אַף די עקראַנען פון אונדזער קינאָ. ביפראַט, אַז דער פּאַרטיי־באַשלוס פונעם 23־טן אַפּרעל בעגנייע ליטעראַטור און קונסט האָט באַפרײַט אַסאַך געפענטעטע קרעפטן און האָט געעפנט נײַע האָריזאָנטן פאַר די קונסט־טוער. און דערצו נאָך—כ׳ סטאַלינס לאָזונג וועגן סאָציִאַליסטישן רעאַליזם!

סײַ פאַר דער טעאַטער־דראַמאַטורגיע, סײַ פאַר דער קינאָ־דראַמאַטורגיע איז געוואָרן קלאָר, אַז אונדזער עפּאָכע קאָן גיכער פאַר אַלץ און שטאַרקער פאַר אַלץ זיך אָפּשפּיגלען אין די כאַראַקטערן פון די העלדן פון אונדזער צײַט.

## וואָס דארפ די קינאָ־דראמאטורגיע יארשענענ בא שעקספירנ?

איינער פונ אונדזערע אָנגעזעענע קריטיקער ס. דינאמאָוו זאָגט: „רעאליזם—דאָס איז אזא פאראלגעמיינערונג פונ דערווירקלעכקײַט, וואָס דריקט זיכ אויס דורכ כאראקטערנ, וועג אָט די כאראקטערנ זעענ אויס ווי ארײַנגעשמאָלצנ אינ דער עפּאָכע".

„אינ וואָס באשטייט די אייגנטימלעכקײַט פונ שעקספירס העלדנ?"—פרעגט דינאמאָוו—און ענטפערט: „ער (שעקספיר) האָט צוטאָנ שטענדיק אונ אומעטום, אפילע אינ זײַנע קאָמעדיעס—מיט גרויסע געשיכטלעכע געשעענישנ, אָבער טאקע אָט די זעלבע געשעענישנ שמעלצט ער איבער אינ כאראקטערנ, אינ טיפּנ, אינ מענטשלעכע געשטאלטנ. הינטער שעקספירס סיוזשעטישע ליניעס, הינטער יעדער „קאדר" פונ זײַנע טראגעדיעס קאָנט איר אָנטאפּנ די עפּאָכע, זײַנ קאמפ מיטנ פעאָדאליזם. אָבער די עפּאָכע בא אים, דאָס איז דאָכ דער מענטש, אָבער די האנדלונגענ פונ דער עפּאָכע האָבנ זיכ אויסגעדריקט אינ די האנדלונגענ פונ מענטשנ, אָבער די באוועגונגענ פונ דער עפּאָכע האָבנ זיכ אויסגעדריקט אינ זשעסטנ פונ מענטשנ".

אָט וואָס מיר דארפנ זיכ לערנענ בא שעקספירנ. אָט וואָס עס האָט געפעלט אונדזער קינאָ.

## פעסטער סיוזשעטישער רוקנביינ אונ קלאָרע טיפּע כאראקטערנ

וואָס לערנט אונדז די דערפארונג פונ די בעסטע פילמענ, וואָס אונדזער קינאָ האָט די לעצטע יאָרנ באשאפנ: „ווסטרעטשני" (רעזשי אונ סצענארי—ערמלער אונ יוטקעוויטש). „טשאפּײַעוו" (סצענארי אונ רעזשי— וואסיליעווס), „מאקסימס יוגנט" (סצענארי אונ רעזשי—קאָזינצעוו אונ טראוּבערג), „פּויערים" (ערמלער).

אינ צענטער פונ אָט די פילמענ איז אוועקגעשטעלט דער מענטש מיט זײַנע ליַדנ־שאפטנ, מיט זײַנע אינערלעכע סטירעס, מיט זײַנ קאמפ אונ העלדנטאטנ. ווי מיט א וווּנ־דערבארנ צויבער־לאמטערנ באלויכטנ אונדז די שעפער פונ אזעלכע פילמענ, ווי „טשאפּײַעוו", „ווסטרעטשני", „מאקסימס יוגנט" אלע פארבאָרגענע ווינקעלעכ פונעמ העלדס נעשאָמע. אונ דערבײַ אלצ געבויט אפ א פעסטנ פארכאפּנדיקנ סיוזשעט.

## „טשאפּײַעוו"

אינ וואָס באשטייט די באזונדערע קראפט פונ אזא פילמ ווי „טשאפּײַעוו"? לאָמיר זיכ דערמאָנענ אָנ א ריי מאָמענטנ פונ אָט דעמ פילמ.

אָט זעט איר דעמ מאָנומענטאלנ טשאפּײַעוו ווענ ער רײַט אפנ פערד אונ באָאָבאכטעט פונ שפּיצ בארג דאָס שלאכט־פעלד. דאָ שטעלט מענ אימ פאָר ווי א לעגענדארנ העלד, ווי א פירער. אונ אָט זעט איר טשאפּײַעווּנ דעמ נאַיִווּנ, דעמ קינדערשנ. ס'איז האלבע נאכט. טשאפּײַעוו ליגט אפנ דיל, ער באטראכט די קריגס־מאפּע. זײַנ ליבלינג פעטקאָ שלאָפט ניט, ער פרעגט, צי וואָלט טשאפּײַעוו געקאָנט אָנפירנ מיט דער צווישנפעלקער־לעכער רעוואָליוציאָנערער ארמײ (עס רעדט זיכ וועגנ אנ אלוועלטלעכער רעוואָליוציע), ענטפערט טשאפּײַעוו: ניינ, דערפאר, ווײַל איכ קאָנ קיינ שפּראכנ ניט.

אָט זעט איר טשאפּײַעווּנ, ווענ ער ווענדעט זיכ צאָרנדיק צו פורמאנאָוונ: איכ, צי דו? בעשאס דער לעצטער האָט ארעסטירט איינעמ פונ טשאפּײַעווס נאָענטסטע קאָמאנדירנ.

און אָט זעט ער דעמ ליבהארציקנ טשאַפּײַעוו; וואָס פארא טיפער צאר עס שפירט זיכ אינ זײַנ געזעגענענ זיכ מיט פורמאנאָוונ, ווי הייס ליבנדיק ער דריקט אים צום הארצנ. האקלאל, איר האָט דאָ א קאָמפּליצירטע גאמע פונ טשאַפּײַעווס איבערלעבונגענ, א קאָמפּלעקס פונ זײַנע עמפּפינדונגענ, געדאנקענ, האנדלונגענ און פונ די פארהעלטענישנ צווישנ אָט דעמ העלד מיט זײַנ סוויווע. איר האָט דאָ פאר זיכ טשאַפּײַעוונ ווי א מענטש, ווי א קריגספירער, ווי אנ אָרגאניזאטער, ווי א באגײַסטערער פונ די רויטארמייער. און דערבײַ קלאָר געצייכנט זײַנ סאָציִאַלנ וואָרצל: א פאָרשטייער פונ דער פויערישער מאסע. די גרעסטע אויפמערקזאמקײַט ווערט אינ טשאַפּײַעוו אָפּגעגעבנ די פּאָזיטיווע העלדנ: טשאַפּײַעוו, פורמאנאָוו, פעטקע און אנדערע.

אָבער אינ דער זעלבער צײַט ווערט דאָ אויכ דער קלאסנ-סוינע געצייכנט קלוג און ערנסט. דאָ האָט מענ זיכ געזעגנט מיט די שאבלאָנענ, וואָס האָבנ געהערשט אינ די שילדערונגענ פונ ווײַסגווארדייער. איר געדענקט, ווי אינ דאָס ראָוו פילמענ זײַנענ עס געווענ שיקורים, פאכדאָנים, אידיִאָטנ. דער באליבטער שילדערונג־מעטאָד איז דערבײַ געווענ גראָטעסק. אינ „טשאַפּײַעוו“ איז קיינ שפּור ניט געבליבנ פונ אזא סאָרט צוגאנג. צוזאמענ מיטנ ווײַזנ די צעלייגטקײַט פונ דער ווײַסגווארדיישטשינע האָבנ מיר בא איר מאָמענטנ פונ אויסגערעכנטקײַט, מוטיקײַט און צײַטנווײַז אפילע העלדישקײַט.

דערדאָזיקער פילמ פארמאָגט אויסער אלצ א פעסטנ סיוזשעטישנ רוקנביינ, א פארכאפנדיקע פאבול. די קאָמפּאָזיציע איז—אדאנק די טרעפלעכע ריטמענ פונעמ מאָנטאזש,—אזוי הארמאָניש, דער אנטוויקלונגס־גאנג פונ דער פאבול איז אזוי איינפאכ, אז דער פילמ ווערט צוגענגלעכ און פארשטענדלעכ פאר די ברייטסטע מאסנ.

איר האָט דאָ אנ אומגעהויערע רײַכטום פונ עמאָציעס: העראָישע פאטעטיק (די פארביסענע שלאכטנ צווישנ די רויטע און די ווײַסע), אינטימסטע ליריק (די פארהעלטענישנ צווישנ פעטקע און אנקא), אנטבלויזונג פונ נידעריקע, עגאָיִסטישע אינסטינקטנ (אנארכיסטישע נייגונגענ צווישנ טשאַפּײַעווס פארטיזאנער), פונ ווײַסגווארדייִשער צעיושעטקײַט ביז די סאמע פײַנסטע, העכסטע העלדישע שווונגענ פונעמ מענטשנס גײַסט (ווענ פעטקע שטרענגט אָנ אלע קרעפטנ ראטעווענ טשאַפּײַעוונ און פאלט א דערשאָסענער). די מוזיקאלישע מאָמענטנ אינ אָט דעמ פילמ זײַנענ אָרגאניש צוזאמענגעפלאָכטנ מיט די סיטואציעס, מיט די שטימונגענ פונ דעמ אָדער יענעמ העלד, און זיי פארשטארקנ ביז גאָר דעמ עמאָציִאָנעלנ טאָנוס פונעמ פילמ: ס'איז אזוי נאטירלעכ, ווענ טשאַפּײַעוו ליגט אויסגעצויגנ אפנ דיל איבער דער קריגס־מאפע און זינגט זיכ שטיל אינ טיפער פארטרוימטקײַט „טשאָרני וואָראָנ“, אָדער דער מעכטיקער כאָר, בעשאס ער געזעגנט זיכ מיט פורמאנאָוונ, דאָס איז די סימפאָניע פונ טשאַפּײַעווס שטורמישע געפילנ.

און ניט נאָר מוזיקאלישע, נאָר אויכ עכט־מאָלערישע און סקולפטאָרישע קאדרענ פארמאָגט דער פילמ. קורצ גערעדט—אינעמ פילמ „טשאַפּײַעוו“ האָבנ מיר פאר זיכ רעזולטאטנ פונ סינטעטישער קונסט.

אָט ווי פודאָווקינ אטעסטירט דעמדאָזיקנ פילמ:

„די וויכטיקײַט און זויבערקײַט פונ דער אידייע, וואָס מע האָט אינעמ גרונט פונעמ פילמ אוועקגעלייגט; די רעאלקײַט פונ די געשטאלטנ, וואָס די אקטיאָרנ האָבנ באשאפנ; דעמ אינערלעכנ עמעס, וואָס גיסט צונויפ זייער שפיל מיטנ סאָציִאַל־היסטאָרישנ עמעס, מיט וועלכנ עס אָטעמט דער סצענארי, די גאנצקײַט און פארכאפנדיקע קראפט פונ דער סיוזשעטישער בויונג, די מונטערע און זיכערע לעבנסלוסטיקײַט, וואָס הייבט אופ ביז דער

היכ פונ סאָציאַלנ אָפּטימיזמ אפילע די סצענע, וועג דער העלד קומט אומ. אונ, ענדלעכ, די פאנאָנדערגעוויקלטע „קינאָמאטאָגראַפישקייט" פונ דער אויסטײַטשונג פונ די רעזשי־מײַסטערס. זי דריקט זיכ אויס אינ דעמ, וואָס דער רעזשי־מײַסטער כאפּט ברייט ארומ די ווירקלעכקײַט אזוי, אז דער דיאַלאָג פארנעמט בלויז א טייל פונעמ עקראַנישנ סיפּור האמײַסע. אָט וועלכע מײַלעס פארמאָגט „טשאפּײַעוו".

## אונדזער קינאָ האט דערגרייכט דעמ געוווּנשענעמ סינטעז

ניט נאָר „טשאפּײַעוו", נאָר אויכ „ווסטרעטשני", „מאקסימס יוגנט", „די פּויערימ" אונ נאָכ אייניקע פונ די לעצטע פילמענ האָבנ סינטעזירט דאָס בעסטע, וואָס אונדזער קינאָ־מאטאָגראַפיע האָט דעראָבערט.

בא אזעלכע מײַסטערס, ווי אײַזנשטיינ, האָבנ זיי גענומענ די פאטעטיק אונ קאָלעדיקע סאָציאַלע צוזאמענשטויסנ, די העראָיק אונ דינאמיק פונ צאָרנדיקע מאסנ. בא פּודאָווקינענ—די שטרעבונג צומ אופדעקנ די פּסיכאָלאָגיע פונעמ העלד, בא דאָווזשענקאָנ—דעמ דראנג צו עפּישער מאיעסטעטישקײַט, צו מאָלערישקײַט, צומ אופדעקנ די פּאָעזיע פונ דער ווירק־לעכקײַט אונ דעריקער דעמ דראנג צו סינטעטישער קונסט. „אויב פארגלײַכנ די לעצטע פילמענ אונדזערע מיט די אויסלענדישע, וואָס מע האָט אפּנ מאָסקווער קינאָ־פעסטיוואל דעמאָנסטרירט,—זאָגט פּודאָווקינ—זײַנענ אונדזערע פילמענ אָנ אנ ערעכ העכער פונ די אויסלענדישע בענעגייע דער טיפקײַט אונ וואָרהאפטיקײַט פונ די געדאנקענ, וואָס שפּריצט פונ זיי. וואָס אמבאלאנגט פאָרמעלער מײַסטערשאפט,—באזונדערס די קונסט פונ אָקטיא־בער אונ אינ פראט פונ טעכנישנ באארבעטנ דעמ פילמ וועט אונדז אויסקומענ נאָכ אסאכ זאכנ אָפּלערנענ זיכ פונ אונדזערע אויסלענדישע געסט אונ מיר וועלנ געוויס זיכ אויס־לערנענ".

מ. מאָדעל

# אפ דער אויסשטעלונג פונ דער ווײַסרוסי־שער קונסט אינ מאָסקווע

די ווײַסרוסישע מאָלערישע קונסט און אירע שעפערישע קאַדרענ זײַנענ דורכגעגאַנגענ א קאָמפּליצירטנ וועג אינ זייער אנטוויקלונג, אינ זייער קאַמפּ, אונטער דער אָנפירונג פונ דער קפּ(ב)וו, פאַר באַהערשנ די הויכנ פונ סאָציאַליסטישער רעאַליזם. די ווײַסרוסישע מאָלערישע קונסט, ווי אויכ אנדערע געביטנ פונ דער ווײַסרוסישער קולטור, איז ניט איינמאָל געווענ דער אָביעקט, וועלכנ די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטנ פונ פארשיידענע קאָלירנ און שאַטירונגענ האָבנ געשטרעבט, און צײַטנווײַז ניט אָנ דערפאָלג, אויסצונוצנ פאַר זייערע קלאַסנ־פײַנטלעכע צילנ. דער קולט פונ „קאָרנבלימלדיקנ" סטיל, דאָס אידעאַליזירנ די סלוצקער גאַרטלענ, די קליינבירגערלעכע פויערישע רעוואָלוציאָנערנ, די אָריענטאַציע אפ דער פעאָדאַלער פאַרגאַנגענהײַט, די נאַציאָנאַליסטישע און קלויסטערישע סטיליזאַציע,—דאָס אַלצ האָט א באַשטימטע צײַט געפונענ אַנ אָפּשפּיגלונג אינ די אַרבעטנ פונ וויטעבסקער קונסט־טעכניקום, אינ באַזונדערע בילדער פונ קינסטלער קרוגער, פונ סקולפּטער גרובע, פונ גראַפיקער צוּנ מאָלער מינינ און פונ א ריי אנדערע קינסטלער.

ווירקונגענ, פּראַקטיק פונ סאָציאַליסטישנ רעאַליזם, אונטער דער מאַרקע פונ זוכנ אַנ אויסשליסלעכ בוילעטע שילדערונג־פאָרמ, אונטערנ אויסרייד צו באַהערשנ אינ דער מאָלערײַ די ירושע פונ דעמ באַוווּסטנ פראַנצויזישנ קינסטלער סעזאַנ, זײַנענ געווענ אויכ אינ די אַרבעטנ פונ אַזא אָנגעזעענעמ קינסטלער, ווי אכרעמטשיק, בא דאַרקעוויטשנ, בא מינינענ און בא א גאַנצער ריי מאָלער.

די גרונט־קאַדרענ, קינסטלער פונ ווססר האָבנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי באַקעמפט די פײַנטלעכע ווירקונגענ אינ דער קונסט, האָבנ אנטשיידנ זיכ געשטעלט אפנ וועג פונ שאַפנ קינסטלערישע ליַיוונטנ, וואָס זײַנענ ווערט אונדזער גרויסער עפּאָכע.

די אויסשטעלונג, אפ וועלכער עס זײַנענ געווענ פאַרגעשטעלט 155 מאָלערישע אַרבעטנ, גראַפיק און 12 סקולפּטורנ, פירט אונטער א שעפערישנ סאַכאַקל פונ דער ווײַסרוסישער מאָלערישער קונסט ־הויפּטזאַכלעכ פונ די אַרבעטנ ביזנ 1935 י.

אפ דער אויסשטעלונג זײַנענ פאַרגעשטעלט געווענ די אַלטע מײַסטערס פונ דער מאָלערײַ און צייכענונג—פּענ, קרוגער, וואָלקאָוו, וויזער, קודרעוויטש, בראַזער, דער סאָוועטישער דאָר—אכרעמטשיק, פּאַשקעוויטש, לייטמאַנ, מינינ, דאַרקעוויטש, פּאַכט; די יוגנט—בעלינייצקי, סוכאָווערקאַ, דעזשיצ, שעווטשענקאָ, טיכאָנאָוויטש, צווירקאָ, זאַבאָראָוו, דער אווטאָדידאַקט דאָמינסקי, די סקולפּטערס אַזגור, בראַזער און גרובע. די לעצטע (אַזגור, בראַזער) זײַנענ פאַרגעשטעלט אפ דער אויסשטעלונג מיט סקולפּטורישע פּאָרטרעטנ־ביוסטנ און

גדובע—מיט איינ ביוסט אונ צוויי פיגורנ. די מאָנומענטאַלע סקולפטור, וואָס פאַרנעמט דעמ הויפט-אָרט אינ דער סקולפטור פונ ווססר (די סקולפטורנ פונ רעגירונג-הויז, די דענקמעלער א. אנד. האָט צוליב טעכנישע סיבעס ניט געקענט פאָרגעשטעלט ווערנ אפ דער אויסשטעלונג).

ריידנדיק וועגנ דעמ גרונט-זשאַנער—דער מאָלערײַ, דאַרפנ מיר אָפמערקנ, אַז די פאָרטרעטנ, נאַטיורמאָרטנ אונ פייזאַזשנ פאַרנעמענ דעמ אויבנאָנ אינ דער מאָלערײַ אפ דער אויסשטעלונג. עס זײַנענ דאָ ניטאָ קיינ גרויסע סיוזשעטישע פילאָזאָפיש-אָנגעזעטיקטע קאָמפאָזיציעס, אויסער באַזונדערע פרווונ אינעמ עסקיז פונ אכרעמטשיקס בילד „דער אַרײַנמאַרש פונ דער רויטער אַרמיי אינ מינסק״, אינ וואָלקאָווס עסקיז „די פרעסקעס פונ וואָקזאַל אינ ניעגאָרעלאָיע״, אונ פאַשקעוויטשעס אַלטנ בילד „פאַרטיזאַנער״ אונ וויערס „שאַבעסניק״. דידאָזיקע קאָמפאָזיציעס זײַנענ אָדער ניט קיינ פאַרענדיקטע אָדער מיט באַדײַטנדיקע שעפערישע פעלערנ.

אונ דער עסקיז פונ דער פרעסקע פונ ניעגאָרעלער וואָקזאַל גיט קלאָר ניט קיינ פולנ אײַנדרוק וועגנ דער באַדײַטנדיקער ארבעט פונעמ קינסטלער.

ריידנדיק וועגנ די מאָלער, דאַרפ מענ אָפמערקנ דעמ קינסטלער פענ, דעמ פאָרשטייער פונ דער אקאַדעמישער ריכטונג אינ דער מאָלערײַ, וואָס האָט פאַר זײַנ לאַנגיאָריקנ לעבנ אָנגעשריבנ אַרומ טויזנט לײַוונטנ. פענ איז א טאַלאַנטפולער שטייגער-שרײַבער פונעמ פאַר-רעוואָליוציאָנערנ שטעטל אונ א פאָרטרעטיסט, וואָס באַהערשט מײַסטערהאַפט דעמ געמעל. זײַנע בילדער שאַפנ די לעבעדיקע געשיכטע פונעמ פאַר-רעוואָליוציאָנערנ שטעטל. פונ זײַנע ארבעטנ, וואָס זײַנענ פאָרגעשטעלט אפ דער אויסשטעלונג, טיילט זיכ אויס באַזונדערס „דער געט״—א סיוזשעטישע קאָמפאָזיציע, וואָס דעמאַסקירט די פאַלשקײַט פונ די ראַבאָנימ, זייער אויסערלעכע רעליגיעזע אַנגעצויגנקײַט אונ די אונטערדריקטע רעכטלאָזע לאַגע פונ דער פרוי, וואָס דאַרפ געהאָרכזאַמ אונטערוואַרפנ זיכ דעמ ראַבאָנישנ געזעצ. פונ די פאָרטרעטנ צייכענענ זיכ אויס: „א שאַדכנ״, א זייגערמאַכער״, „א גלעזער״, א „שנײַדער״, „אַנ אַלטיטשקע״, א „קאָמיוגיסט״ א. אנד.

ווייניקער האָבנ זיכ פענענ אײַנגעגעבנ די מאָדעלשטייער, וואָס אינ זייער שילדערונג פילט זיכ סאַלאָנישע פאַרצוקערטקײַט. ניט אויסגעמיטנ האָט דער קינסטלער אינ א ריי ארבעטנ זײַנע די פאַסיוו-נאַטוראַליסטישע שילדערונג.

א צווייטער אָנגעזעענער מאָלער-רעאַליסט אונ צייכענער, וואָס איז געווענ פאָרגעשטעלט אפ דער אויסשטעלונג—איז וו.וו. וואָלקאָוו. דער כאַראַקטעריסטישער שטריכ פונעמ קינסטלער איז זײַנ הויכע מאָלערישע קולטור, דאָס מײַסטערהאַפט באַהערשנ דעמ געמעל, וואָס איז דער גרונט-מיטל פונ אָפשפיגלענ די ווירקלעכקײַט אינ דער מאָלערײַ, די אויפמערקזאַמקײַט צומ אויפירנ די פסיכאָלאָגישע צייכענונג פונ דער מענטשלעכער געשטאַלט. פונ זײַנע ארבעטנ אפ דער אויסשטעלונג, צייכענענ זיכ אויכ אויס וו. אי. לענינס פאָרטרעט אונ די פאָרטרעטנ פונ א פרוי אונ פונ א מיידעלע. א דיסקוסיע אונ קעגנזעצלעכע אָפשאַצונגענ האָט אַרויסגערופנ זײַנ בילד „האַמערקלאַפער״. דאָ קענ מענ ניט אָפלייקענענ די ריכטיקײַט פונ דער אידייִשער געווענדטקײַט אונ דעמ פאַקט, אַז דער קינסטלער ווייס גוט פלאַסטישע אַנאַטאָמיע, וואָס עס פעלט אַסאַכ ייִנגערע קינסטלער. אינ וואָלקאָווס ארבעטנ פילט זיכ אָבער ניט גענוגנדיקע וואַרעמקײַט אונ עמאָציאָנעלע אָנגעזעטיקטקײַט.

ערנסטע מאָלערישע מײַסטערשאַפט, עמאָציאָנעלע אָנגעזעטיקטקײַט אונ אויסדריקלעכקײַט, ריטמישקײַט אונ א טיפנ ליריזמ פאַרמאָגנ די אקוואַרעלנ פונעמ וויטעבסקער קינסט-

לער לייטמאנ, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ געוואָרנ אפ די טעמעס אונ מאטעריאלנ פונ דער שטאָט וויטעבסק. אזוינע ארבעטנ זײַנענ, ווי „הארבסט“, „דווינא“, „קינדער־אָלימפּיאדע“ געהערנ צו די בעסטע עקספּאָנאטנ פונ דער אויסשטעלונג. פארנ קינסטלער איז כאראקטעריסטיש זײַנ טעמאטישער אונ אידייִשער וווּקס: פונעמ פארכאפנ זיכ מיט דער ליריק פונ פּייזאַזש, ווו דעמ מענטשנ האָט מענ קימאט ניט געזענ, צומ לעבנלוסטיקנ שילדערנ דעמ מענטשנ אינ זײַנע לעצטע ארבעטנ. די פּאָרטרעטנ, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ מיט אייל האָבנ זיכ דעמ קינסטלער ניט אײַנגעגעבנ.

א פייִקער וואקסנדיקער מאָלער איז אכרעמטשיק, וועלכער שטרעבט קריטיש באהערשנ די בעסטע טעכנאָלאָגישע זײַטנ פונ סעזאַנס מאָלערײַ אינ זײַנע גרויסע סיוזשעטישע פילאָזאָפיש־אָנגעזעטיקטע קאָמפּאָזיציעס, ווי די עסקיז־בילדער „דער 2־טער פארטיי־צוזאמענפאָר“ אונ דער „ארײַנמארש פונ דער רויטער ארמיי אינ מינסק“ אונ אויכ אינ די נאטיורמאָרטנ, וואָס זײַנענ געמאכט געוואָרנ מיט א גרויסנ קינסטלערישנ געשמאק. ביז דער לעצטער צײַט האָבנ זיכ אימ ניט אײַנגעגעבנ קײנ פּאָרטרעטנ צוליב לינקיסטישע ווירקונגענ, ווירקונגענ פונ אימפּרעסיאָניזמ—פילנ זיכ בא א ריי קינסטלער. מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ אפ דער אימפּרעסיאָניסטישער מאניר אינ דער קאָמפּאָזיציע פונ טאלאנטפולנ קינסטלער פאשקעוויטש „פארטיזאנער“, וואָס באקעמפט דידאָזיקע ווירקונגענ אינ זײַנע פּאָרטרעטנ, באזונדערס אינ פּאָרטרעט פונ דער פרוי, וואָס ער האָט ניט לאנג געשאפנ. דאָ שילדערט דער קינסטלער שוינ מער דײַטלעכ די פסיכאָלאָגישע צייכענונג פונ דער מענטשלעכער געשטאלט מיט א באשטימטער לירישקײַט, ווייכקײַט אונ ווארעמקײַט.

א באזונדער בולעטער פאָרשטייער פונ דער אימפּרעסיאָניסטישער מאניר אינ דער ווײַסרוסישער מאָלערײַ איז קודרעוויטש, ז׳ער אוטער פונ א ריי פּייזאַזשנ, וואָס זײַנענ געווענ פאָרגעשטעלט אפ דער אויסשטעלונג.

בא קודרעוויטשנ אפ די לײַוונטנ זײַנענ ניטאָ קײנ מענטשנ. די נאטור נעמט ער אומ אָנ מענטשנ, אײַנגעשלאָסנ־אינדיווידואליסטיש, מיט יערידע־שטימונגענ אונ צוזאמענ דערמיט סאלאָניש־פארצוקערט, שטייענדיק אפ די פּאָזיציעס פונ עסטעטיזמ. די פארבנ וואָס געפינענ זיכ אינ זײַנ פּאליטרע אנטשפּרעכנ דער וועלט־אָנשויונג פונ קינסטלער—זיי זײַנענ גרויע אונ קאלטע. א נעפּל—איז זײַנ באליבטער קאָלאָריט. קודרעוויטש איז א פייִקער קינסטלער, וואָס וועט ניט קענענ ווײַטער וואקסנ אָנ א שטארקער שעפערישער איבערבויונג.

אז די פאָרמאליסטישע געפאר איז זייער אנ ערנסטע אינ דער ווײַסרוסישער מאָלערײַ באווײַזנ די ארבעטנ פונ״יונגנ קינסטלער קראסאָווסקי, וועגנ וועלכנ דער קריטיקער אָ. בעסקינ האָט געלונגענ געזאָגט, אז דאָס איז א קינסטלער „וואָס איז אראָפּגעפירט געוואָרנ פונ וועג דורכ סעזאנענ, געקייפלט אפנ פרייִקנ לענטולאָוונ“.

די כאראקטעריסטישע באזונדערקײַט פונ די בורזשואַז־פאָרמאליסטישע ווירקונגענ אינ קראסאָווסקעס מאָלערײַ איז די אָמאָרפישקײַט אונ כאאָטישקײַט פונ דער פאָרמ, וואָס עס פארקריפלט דעמ אידייִשנ טאָנ פונ זײַנע בילדער. קראסאָווסקי באזיצט ניט די קונסט פונ געמעל אונ אנשטאָט דעמ גיט ער אנ אָנוואלגערונג פונ ליכט־פארביקע פלעקנ אונ ליניעס. פלאסטישע אנאטאָמיע אינטערעסירט ניט קראסאָווסקענ אונ דעריבער ווערנ די טיילנ פונ מענטשלעכנ קערפּער געמאָלט, ניט דיסקאָנטירנדיק קײנע פּראָפּאָרציעס. פאָרמאליזמ דאָס איז די דעגענעראציע פונ דער קונסט אינ איר גאנצנ קאָמפּלעקס אונ דעמ יונגנ קינסטלער דארפ מענ ערנסט וואָרענענ פונ ווײַטערדיקע פאָרמאליסטישע עקספּערימענטנ.

די רעזולטאטנ פונ ניט קריטיש אופגענומענ סעזאַנענ לאָזנ זיכ פילנ אויכ אפ די ארבעטנ פונ פעטראָוו־וואָדקינס שילער בא דארקעוויטשנ, באזונדערס אינ זײַנע פייזאזשנ. צוזאמענ דערמיט דארפ מענ אָפּמערקנ די אינטערעסאַנטע פאָרטרעטנ־פרעסקעס פונ יאנקא קופאלאנ אונ אנדריי אלעקסאנדראָוויטשנ. בײַקומענדיק זײַנע פריערדיקע נאציאָנאליסטישע פעלערנ, בלײַבט נאָכ אלצ דער קינסטלער מינינ אונטערנ דרוק פונ די אימפּרעסיאָניסטישע ווירקונגענ, קאָנצענטרירנדיק זײַנ אופמערקזאמקײַט אינ די פייזאזשנ אונ נאטיורמאָרטנ, אפ דער שפּיל פונ ליכט אונ פארב.

א באזונדער אָרט פארנעמט אפ דער אויסשטעלונג די אזויגערופענע „שמוציקע" מאָלערײַ, וואָס איז פאָרגעשטעלט דורכ דעזשיצנ אונ שעווטשענקענ—די שילער פונ דער מאָסקווער קינסטלערישער הויכשול. פאר די ארבעטנ פונ די דאָזיקע קינסטלער איז כאראקטעריסטיש די מאָנאָכראָמישקײַט אונ גרויקײַט פונ דער פארבנ־פאליטרע, דאָס ניט קענענ בויענ די קאָמפּאָזיציע פונ א בילד.

א גרויסנ אינטערעס האָבנ אפ דער אויסשטעלונג ארויסגערופנ די יונגע קינסטלער־קאָמיוגיסטנ בעלעניצקי אונ סוכאָווערקאָ מיט זייערע טאלאנטפולע פייזאזשנ אונ פאָרטרעטנ, ווו עס פילט זיכ קינסטלערישער געשמאק אונ ארבעט איבערנ געמעל, א שטרעבונג צום אופדעקנ דעמ פסיכאָלאָגישנ געמעל פונ געשטאלט. זייער אינטערעסאנטע בילדער „א מיל" אונ „שאכטיאָרנ" האָט צוגעשטעלט דער ארבעטער—אווטאָדידאקט דאמינסקי. אינעמ אווטאָ־פאָרטרעט פונ קינסטלער גאווריליענקאָ פילט זיכ א שטרעבונג ערנסט צו באהערשנ דעמ געמעל. מיט א ניט ריכטיקנ וועג גייט דער יונגער קינסטלער צווירקאָ, אינ וועמעס אווטאָ־פאָרטרעט עס פילט זיכ א סנאָביסטיש־עסטעטישער שפּיגלענ זיכ אינ זיכ זעלבסט.

מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ, אז גאָר שוואכ איז אפ דער אויסשטעלונג פאָרגעשטעלט געוואָרנ די סקולפּטור אונ נאָכ ערגער די גראפיק. די פאָרטרעט־סקולפּטור איז געווענ פאָרגעשטעלט דורכ די פאָרטרעטנ פונ די כ׳כ׳ גאָלאָדער, כאריק, קולבאק, מיכאָעלס—בראזערס ארבעטנ; מ. ראפאלסקי, וו. גאָלובאָק, א טשעקיסט אונ אנ עטיוד—אזגורס: גרובע איז געווענ פאָרגעשטעלט מיט די פיגורנ א „פיזקולטורניצע", „א שקלאפ", א ביוסט פונ א לירע־שפּילער—ארבעטנ אפ געהילצ. דער סקולפּטער גרובע פארמאָגט אזא מאָנומענטאל־רעאליסטישע סקולפּטור, ווי דער דענקמאָל דזערזשינסקענ אינ דזערזשינסק. אפ דער אויסשטעלונג איז ער אָבער געווענ פאָרגעשטעלט מיט זײַנע שלעכטע ארבעטנ. אינ דער פיגור „שקלאפ" האָט זיכ דער אווטער געלאָזט פארפירנ פונ דער פאָרמעלער אופגאבע צו באווײַזנ א שטארקע פערזענלעכקײַט מיט שטארק־אָנגעשטרענגטע מוסקולנ אונ איז געבליבנ אומבאהאָלפנ באמ פרווו צו באשטימענ די אידייִשע ריכטונג פונ זײַנ ארבעט. לויט אונדזער מיינונג, איז ניט געלייזט אויכ די טעמע פונ זײַנ פיזקולטורניצע. די פּלאַסטישע געשטאלט פונ דער פיזקולטורניצע גיט ניט קיינ פאָרשטעלונג וועגנ דער הארמאָנישקײַט צווישנ דעמ קערפּער פונ א סאָוועטישנ פיזקולטורניק אונ זײַנ הויכנ אינטעלעקטועלנ ניוואָ. אויכ דער „לירע־שפּילער" קענ ניט כאראקטעריזירנ די אידייִש־שעפערישע ריכטונג פונ סאָוועטישנ סקולפּטער.

דער קוואליפיצירטער אונ פייִקער סקולפּטער גרובע דארפ טיפער באזיניקנ אונדזער פארשיידנפארביקע סאָציאַליסטישע ווירקלעכקײַט אונ אינ זײַנ ווײַטערדיקער שאפונג דארפ ער ארויסגייִנ פונ דעמ רעאליסטישנ מאָנומענט, ווי זײַנ דזערזשינסקי־דענקמאָל.

פונ די ארבעטנ, וועלכע בראזער האָט צוגעשטעלט, צייכנט זיכ אויס לויט דער טיפקײַט פונ דער פסיכאָלאָגישער צייכענונג, לויט דער ריכטיקײַט פונ ליינ א פלאסטישע גע־

שטאלט, קולבאקס ביוסט. בראזער האָט דאָ באקעמפט דאָס פארכאפנ זיכ מיט די ביאָלאָגישע אויסערלעכע שטריכנ פונעמ מענטשנ, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר אסאכ ארבעטנ זײַנע, אונ וואָס דורכ זייער היפערבאָליזירונג פרווט ער זיכ אָפט פאנאנדערצוּוויקלענ דעמ פסיכאָלאָגישנ געמעל פונ דער סקולפטור־געשטאלט. דער סקולפטור־פּאָרטרעט פונ איזי כאריקנ איז געמאכט געוואָרנ צופיל אויסערלעכ, צופיל אונטערשטרײַכנדיק די באשטימטע עקספּאנסיוויקייט פונעמ דיכטער. דער סקולפטער האָט בעפיירעש ניט דערגאנצט דעמ פּסיכאָלאָגישנ געמעל—כאריקס געשטאלט.

א טאלאנטפולער אונ קולטורעלער סקולפטער איז אזגור, ער גייט פונ דער קלאסישער סקולפטור, אײַנגעשפּארט ארבעטנדיק אפ קריטיש באהערשנ די בעסטע מוסטערנ פונ דער קלאסיק. אינ זײַנ פּאָרטרעט „דער טשעקיסט" איז די ריכטיקייט פונ פלאסטישנ געמעל, די פּינקטלעכקייט פונ די פּראָפּאָרציעס פאריייניקט מיטנ אויסדרוק פונ העלדישקייט אונ מיטנ הויכנ אינטעלעקטועלנ ניוואָ פונ דער געשטאלט. אזגור איז א יונגער סקולפּטער, א קינסטלער—א דענקער, וואָס ארבעט אקשאָנעסדיק, קעדיי ערנסט באהערשנ די פּראָפעסיאָנעלע מײַסטערשאפט.

פונ דער גראפיק דארפ מענ אָפּמערקנ מאלקינס אָפּאָרטנ צו יאנקא קופּאלעס בוכ „איבערנ טײַכ ארעסיע" אונ מינינס באזונדערע גראוויורנ.

מיר רעזומירנ.

די אויסשטעלונג האָט באוויזנ, אז אינ דער ווײַסרוסישער מאָלערישער קונסט זײַנענ פאראנ קולטורעלע אונ פייִקע שעפערישע קאדרענ אונ צוזאמענ מיט דעמ, אז אונדזערע קינסטלער האָבנ נאָכ ניט אויפגעדעקט אלע זייערע פּאָטענציִעלע מעגלעכקייטנ אונ האָבנ נאָכ ניט געשאפנ קיינ מאָנומענטאלע קינסטלערישע לײַוונטנ וועגנ דער סאָציִאליסטישער בויונג. עס זײַנענ ניטאָ קיינ טעמאטישע סיוזשעטישע בילדער וועגנ איצטיקנ אינדוסטריִעל־קאָלווירטישנ ווײַסרוסלאנד אונ וועגנ די בעסטע מענטשנ די סטאכאנאָווצעס אונ פּאָרויסגייענדיקע אינ דער סאָציִאליסטישער פּראָדוקציע. עס איז אויכ ניט באוויזנ געוואָרנ דער היסטאָרישער קאמפּ פונ די ארבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאנד אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּארטיי פאר דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט, דער קאמפּ קעגנ די סאָנימ פונ ארבעטער־קלאס—די בורזשואזע נאציאָנאליסטנ, אגענטנ אונ מיטהעלפער פונ דער פאשיסטישער אינטערווענצ. עס איז ניט באוויזנ געוואָרנ די העראָיִשע רויטע ארמיי אונ אירע קאָמאנדירנ. עס זײַנענ נאָכ ניט געשאפנ געוואָרנ די פּאָרטרעטנ פונ אונדזערע אָרדענטרעגער—די אָנפיוער פונ דער סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע פונ ווסר.

די אויסשטעלונג אינ מאָסקווע אונ די קריטיק איבער די ארבעטנ פונ די ווײַסרוסישע קינסטלער מיצאד די מאָסקווער באווײַרימ רוקט ארויס פארנ פארבאנד סאָוועטישע קינסטלער אונ פאר יעדנ קינסטלער באזונדער זייער פאראנטוואָרטלעכע אופגאבעס פונ ווײַטערדיקער אײַנגעשפּארטער פּאָליטישער אונ שעפערישער לערע, צו פארפעסטיקנ זייער פּראָפעסיאָנעלע מײַסטערשאפט, קעדיי צו שאפנ מאָנומענטאלע קינסטלערישע לײַוונטנ, וואָס זאָלנ זײַנ ווערט די בעסטע מענטשנ פונ דער עפּאָכע פונ גרויסנ סטאלינ.

ס. לעווין

# זמיטראָק ביאַדוליעס שאַפן

דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער שרײַבער זמיטראָק ביאַדוליא (סאַמויל יעפימאָוויטש פּלאַווניק) איז געבוירן געוואָרן אין 1886 י. אין שטעטל פּאָסאַדעץ, געוועזענע ווילנער גובערניע, אין אַן אָרעמער ייִדישער פאַמיליע.

ביאַדוליא האָט אין די קינדער־יאָרן באַקומען אַ רעליגיעזע דערציִונג, געלערנט אין ישיווע, פון וועלכער ער איז גיך אַנטלאָפן.

געפינענדיק זיך די גאַנצע צײַט פון קינדווײַז אָן, אין דער אַרומרינגלונג פון ווײַסרוסישן פּויערטום, האָט זמיטראָק ביאַדוליע אויסגעצייכנט דערלערנט זײַן שטייגער, זײַן שפּראַך.

שרײַבן האָט ער אָנגעהויבן זייער פרי, צוערשט אַף אַנדערע שפּראַכן, דערנאָך אַף ווײַסרוסיש.

ביאַדוליעס גרונט־ביכער זײַנען: „אַבראַזקי“ (1913 י.), „פּאַד ראָדנים ניעבאַם“ (1922 י.), „נאַ זאַטשאַראָוואַניך האָניאַך“ (1923 י.), „בוראַלאָם“ (1925 י.), „דערציילונגען“ (1926 י.), „פּאָעמעס“ (1927 י.), „טאַנזיליאַ“ (1927 י.), „סאָלאָוויי“ (1928 י.), „יאַזעפּ קרושינסקי“ (ערשטער בוך—1929 י.), „יאַזעפּ קרושינסקי“ (צווייטער בוך—1932 י.), „ניאַזוויטשײַנאַיאַ היסטאָריאַ“ (1931), „נאַבליזשעניע“ (1935 י.) א. א.

זמיטראָק ביאַדוליא איז געקומען אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור ווי אַן אויסדריקער פון די שטימונגען פון די קליינבירגערלעכע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף.

ביאַדוליעס ערשטע געדרוקטע ליטעראַרישע אַרויסטרעטונגען אין דער ווײַסרוסישער שפּראַך געהערן צום יאָר 1910, ווען אַף די שפּאַלטן פון דער איינציקער, אין יענער צײַט, ווײַסרוסישער צײַטונג „נאַשאַ ניוואַ“ האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן זײַנע אימפּרעסיעס וואָס זײַנען דערנאָך צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין דעם קליינעם ביכעלע „אַבראַזקי“ (1913 י.).

זמיטראָק ביאַדוליעס ערשטע געדיכטן און אימפּרעסיעס האָבן איידעס געזאָגט וועגן דעם, אַז דער שרײַבער איז נאָך געווען ווײַט פון דעם רעאַלן לעבן. אין די פריִקע יאָרן פון זײַן שאַפונג שרײַבט ביאַדוליא אַ ריי געדיכטן, וווּ ער זינגט איבער די רעאַקציאָנערע מיסטישע לעגענדעס.

די דאָזיקע מיסטיש־אידעאַליסטישע זײַטן פון זמיטראָק ביאַדוליעס שאַפן איז געלויבט געוואָרן דורך די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואַזי־נאַציאָנאַליסטישער „נאַשאַ ניוואַ“. צו דער דאָזיקער מיסטיק און אידעאַליזם פון זמיטראָק ביאַדוליעס פריִקן שאַפן איז צוגעגעבן געוואָרן אויך ניט קיין קליינע דאָזע נאַציאָנאַליזם, דאָס איז באַזונדערס וויכטיק געווען פאַר די אידעאָלאָגן פון „נאַשאַ ניוואַ“.

ווענ אָבער זמיטראָק ביאדוליא האָט איינמאָל אָנגעשריבנ אנ ארטיקל „איכ בינ הונגעריק", ווי ער האָט גערעדט וועגנ דעם שווערנ לעבנ פונ אָרעמענ פויער, איז אפ אימ אָנגעפאלנ, ווי עס דערציילט דער שרײַבער אליינ, דער אידעאָלאָג פונ באלעגופּנטום, יאדוויגינ, מיט די ווערטער: „דער פויער לעבט גאָרניט אזוי שלעכט. גיט א קוק, וואָס פארא רײַכע פויערים זײַנענ בא אונדז פאראנ. אונ מיר צאצקענ זיכ מיטנ אָרעמענ פויערל, מיטנ ליידיקגייער, ווי א נאר מיט א טאָרבע" („זאקליק" נומ 4. 1933 י.).

אפנ ערשטנ סאמע פרײַקסטנ עטאפּ פונ זמיטראָק ביאדוליעס שאפנ זײַנענ בא אימ צוגלײַכ מיט די ווערק, וועלכע זײַנענ דורכגעדרונגענ מיט בורזשואז-נאציאָנאליסטישער ראָמאנטיק פאראנ א ריי ווערק, וואָס זײַנענ אויסגעהאלטנ אינ א שטרענג רעאליסטישנ פּלאנ אונ מאָלנ עמעסריק דאָס שווערע לעבנ פונ אָרעמענ פויער, פונ וואָס ס'האָט אזוי פלײַסיק געוואָרנט דעם שרײַבער, דער ווײַסרוסישער באלעגופּ יאדוויגינ.

דאָס זײַנענ איבערהויפּט זײַנע דערציילונגענ אונ נאָוועלעס, וואָס א טייל פונ זיי איז דערנאָכ ארײַנ אינעם בוכ „נא זאטשאראָוואניכ האָניאכ" (1923 י.).

אינ אסאכ פונ דידאָזיקע דערציילונגענ אונ נאָוועלעס („פּיאט ליזשאק זאטירקי", טורליאגי", „מאליא דריוואָסעקי", „אָסטשאסליווילא", „ליסט" אונ אנד.), ווערנ געגעבנ מיט א גרויסער רעאליסטישער קראפט פארצייכענונגענ פונ דער קאפּיטאַלישער לאגע פונעם ווײַסרוסישנ פויער אינ די באדינגונגענ פונ צאריזמ, די קולטורלאָזיקײַט, רעכטלאָזע לאגע פונ דער פרוי, דעספּאָטיזמ אינ דער מישפּאָכע א. א. וו.

דידאָזיקע דערציילונגענ אונ נאָוועלעס זײַנענ אמערסטנ ווערטפולע, אמערסטנ פּראָגרעסיווע עלעמענטנ אינ זמיטראָק ביאדוליעס שאפנ אפנ עטאפּ פונ דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע. אייניקע פונ דידאָזיקע דערציילונגענ אונ נאָוועלעס זײַנענ נאָכ ביז איצט שטארק אונ פארנעמענ א באדײַטנדיקנ אָרט אינ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור.

געפינענדיס זיכ יאָרנלאנג אינ געפענקעניש באמ בורזשואזנ נאציאָנאליזמ, האָט זמיטראָק ביאדוליא ניט געקאָנט מיטאמאָל פארשטיינ אונ אָפּשאצנ די באדײַטונג פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אינ די ערשטע יאָרנ נאָכ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע שרײַבט זמיטראָק ביאדוליא אפילע א ריי דערציילונגענ אונ פעליעטאָנענ קעגנ דער רעוואָליוציע. דידאָזיקע יאָרנ פונ זײַנ שאפנ כאראקטעריזירט בעסער פונ אלצ זײַנ בוכ לידער „פּאד ראָדנימ ניעבאמ" (1922 י.) אינ דעמדאָזיקנ בוכ געפינענ מיר כאלוימעס, געהיימניסנ, גאָט מיט א גרויסנ בוכשטאב, טילימ, שוידערלעכקײַטנ—אלצ, בוכשטעבלעכ אלצ, איז אינ דעמדאָזיקנ בוכ אײַנגעהילט אינ עפּעס א מיסטישנ נעפּל. זמיטראָק ביאדוליא גריבלט זיכ אינ דער פארגאנגענהײַט פונ ווײַסרוסלאנד, ער זוכט איר „גאָלדענע צײַט" אונ רופט אירע „געטרײַע זינ" „אופצובויענ זייער קאנט". אפילע די ווײַסרוסישע נאטור איז באמ שרײַבער באדעקט מיט א געדיכטער פינצטערניש.

די דערגרייכונגענ אונ זיגנ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע האָבנ אָבער ארײַנגעטראָגנ אינעמ שרײַבערס שאפנ א באדײַטנדיקנ אידעאָלאָגישנ איבערבראָכ. וועגנ דעמדאָזיקנ איבערבראָכ זאָגנ איידעס די ביכער „בורעלאָמ" אונ „אטאָוויאדאני".

ס'איז נייטיק אָפּצומערקנ, אז אינדזער פּארטיי, אָנווײַזנדיק אז די פעלערנ אינעמ שאפנ פונ דער אלטער ווײַסרוסישער ליטעראטור-אינטעליגענצ, האָט זיכ אינ דער זעלבער צײַט פּאָרזיכטיק אונ געדולדיק באצויגנ צו איר, געהאָלפנ איר באזייטיקנ די פּראָצעסנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג. אזוי איז אויכ געווענ מיטנ שאפנ

פונ זמיטראָק ביאדוליא, בא וועמענ ס'איז צוגלײַכ מיט זײַנע ערשטע רעאקציאָנערע ווערק אָפגעמערקט געוואָרנ א רײ פראָגרעסיווע ווערק, וואָס האָבנ געוויזנ באשטימטע פאָרהאנאָכעס פאר זײַנ שפעטרישער איבערבויונג.

אינ דער לידער־זאמלונג „בורעלאָמ“ פארשווינדלט שוינ יענע שרעקלעכע טונקלקײַט, וואָס האָט געהערשט אינעמ בוכ „פאר ראָדניִמ ניעבאמ“, אָפטרעטנדיק אנ אָרט פארנ פריידיקנ אופנעמענ דאָס נײַע לעבנ. אינעמ דאָזיקנ בוכ שרײַבט זמיטראָק ביאדוליא וועגנ דער פריילעכער קאָמסאָמאָליע, וועגנ מארקסנ, וועגנ לענינענ, וועגנ דעמ נײַעמ ווײַסרוסלאנד, וואָס איז „געוואָרנ אפיקאָרסיש, וואָס בליט אונ וואקסט ווי א יונגע פארטייערנ“ וואָס איז „א לײַבלעכע שוועסטער פונ מאָסקווע“.

צווישנ דער פאָעמע „ווײַסרוסלאנד“, וואָס איז אָפגעדרוקט אינ בוכ „פאר ראָדנים נעבאמ“, אונ צווישנ דער פאָעמע מיטנ זעלבנ נאָמענ, וואָס איז אָפגעדרוקט אינ בוכ „בורעלאָמ“, איז זייער א גרויסער אונטערשייד.

אומגעפער אינ דערזעלבער צײַט שרײַבט זמיטראָק ביאדוליא זײַנע דערציילונגענ ווי „נא באלאָצע“, „פאנסקי דוכ“ א. אנד., ווו ס'ווערט געשילדערט דער פארטיזאנישער קאמפ פונעמ פויערטומ קעגנ די ווײַספוילישע אָקופאנטנ.

אינ די דערציילונגענ, וואָס זײַנענ צונויפגעזאמלט אינ בוכ „אפאָויאדאני“, באווײַזט זמיטראָק ביאדוליא, וויאזוי די פראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט אופגעטרייסלט דאָס לעבנ פונ די סאמע פארוואָרפנסטע ווינקלעכ פונ ווײַסרוסלאנד, ער באווײַזט וויאזוי די רעוואָליוציע האָט ארויסגעפירט אפ א ליכטיקנ פריידיקנ וועג טויזנטער אונ צענדליקער טויזנטער פינצטערע פויערטעס, דערשלאָגענע דורכ הונדערטער יאָרנ שרעקלעכער עקספלואטאציע, ער באווײַזט דאָס ליקווידירנ די אמעראצעס, באווײַזט די ראָליע פונ קאָמיוג אינעמ לעבנ פונ נײַעמ דאָרפ.

אָבער אנערקענענדיק דעמדאָזיקנ אידעאָלאָגישנ איבערברוכ אינעמ שרײַבערס שאפנ, איז דאָכ נייטיק אָפצומערקנ, אז אפ דעמדאָזיקנ עטאפ האָט ער זיכ נאָכ ענדגילטיק ניט באפרײַט פונ זײַנ שווערער לאסט: די אלטע געשטאלטנ-סיסטעמ, דער אלטער פאָעטישער לעקסיקאָנ, דאָס אלצ האָט זיכ געלאָזט פילנ אינ באזונדערע ווערק פונעמ שרײַבער, דאָ האָט, ווי מע זאָגט, „דער טויטער אָנגעכאפט דעמ לעבעדיקנ“.

אפנ גרענעצ פונעמ אופשטעלונג־אונ רעקאָנסטרוקטיוו פעריאָד פונ אונדזער ווירטשאפט האָט זמיטראָק ביאדוליא אָנגעשריבנ א דערציילונג פונעמ לעבנ פונ לײַב־אייגנטומ „סאָלאָוויי“.

אינ דערדאָזיקער דערציילונג באווײַזט עמעסדיק זמיטראָק ביאדוליא שוידערלעכע בילדער פונ לײַבאייגנטומ. אָבער די גרונט־טעמע פונ דער דערציילונג איז באווײַזנ, ווי שווער עס איז געווענ די מענטשנ פונ ארבעטנדיקנ פאָלק צו אנטוויקלענ זייערע אינטעלעקטועלע מעגלעכקײַטנ אינ די באדינגונגענ פונ יענער עפאָכע.

די פארשארפונג פונ קלאסנ־קאמפ אינ פעריאָד פונ דער רעקאָנסטרוקציע פונ דער סאָוועטישער ווירטשאפט, דער פאנאנדערגעוויקלטער אָנגריפ פונ סאָציאליזמ איבערנ גאנצנ פראָנט, דאָס אויסוואָרצלענ די רעשטלעכ פונ קאפיטאליזמ אינ דער עקאָנאָמיק אונ אינעמ באוווסטזײַנ פונ די מענטשנ, דאָס דעמאסקירנ דעמ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ טאָכ פונ נאציאָנאלדעמאָקראטיזמ—דאָס אלצ האָט ניט געקאָנט ניט ארויסרופנ אנ איבערבראָכ אינ די אָנשויונגענ אונ שטימונגענ פונ די בעסטע מענטשנ פונ דער אלטער אינטעליגענצ. די בעסטע פאָר־

שטייער פון דער אלטער ווײַסרוסישער ליטעראטור־אינטעליגענץ האָבן אנטשיידן צעריסן מיט זייערע אלע אָנשוויונגען און שטימונגען.

עס האָט אנטשיידן צעריסן מיט זײַן אלטער נאציאָנאליסטישער לאסט אויך זמיטראָק ביאדוליא.

זײַן אנטשיידענער איבערגאנג אפ די פּאָזיציעס פון דער סאָוועטנמאכט קאָן מען זען מיט א באזונדער אויסדריקלעכקײַט אין זײַן צווייבענדיקן ראָמאן „יאזעפ קרושינסקי".

„יאזעפ קרושינסקי" איז א ראָמאן וועגן א כיטרען באלעגופ, אן עקספּלואטאטער, וואָס איז אויסגעוואָקסן אפן פרישטשעפּאָווישן הויוון, ער האָט זיך געשאפן א ווארעם „נעס-טעלע", א מיניאטיורע „אומאָפּהענגיקע רעפּובליק". אינעם ערשטן בוך פון ראָמאן זעען מיר נאָך ניט קײַן אָרגאניזירטן ווידערשטאנד מיצאד די אָרעם-מיטל־פּויערישע מאסן קעגן דעמדאָזיקן באלעגופ. יאזעפ קרושינסקען געלינגט אזוי צו אָנלעבן זיך רײַכטום און באלע־גופישע מאכט.

דער פארשארפטער קלאסן-קאמפ אין דער קאָלעקטיוויזאציע, דער קאמפ קעגן די רעשטלעך פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף, דאָס דעמאסקירן דעם קלאסן־סאָך פון באלעגופ, דער זיג פונעם קאָלעקטיוו איבערן אינדיווידואל, די פּאר־שיידענע אָפּנייגלער, נײַע מענטשן, די פּאָרמירונג פונעם קלאסעוון זעלבסט־באוווסטזײַן— אָט זײַנען יענע גרונט־מאָמענטן, וואָס האָבן געפונען זייער קינסטלערישע לייזונג אינעם צווייטן בוך פון ראָמאן „יאזעפ קרושינסקי".

אין צווייטן בוך פון ראָמאן „יאזעפ קרושינסקי" באווײַזט זמיטראָק ביאדוליא דעם אינטערווענציאָניסטישן פּאָנעם פון די ווײַסרוסישע נאציאָנאליסטן. עס ווערט באוויזן, ווי אזוי דער באלעגופ יאזעפ קרושינסקי פירט דורך זײַן שעדיקערישע ארבעט לויט די די־רעקטעס פארגעבונגענע פון די לאפּאָווסקעס, סאָקאָליטשעס און אנדערע „פּרעמיערס", „מיני-סטאָרן" און „מארשאלן", וואָס זײַנען די פּראָטאָטיפּן פון די פארביסענע סאָנעם פון דער סאָוועטנמאכט, די נאציאָנאל־פאשיסטן איגנאטאָווסקעס, לאסטאָווסקעס, צוויקעוויטשעס און אנדערע.

דער ראָמאן „יאזעפ קרושינסקי" (באזונדערס דאָס צווייטע בוך) איז א פעסטער קלאפּ איבערן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן נאציאָנאליזם.

דער ראָמאן „יאזעפ קרושינסקי" רעכנט זיך מיט רעכט פאר איינעם פון די בעסטע ווערק פון דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראטור.

אינעם נײַעם ניט לאנג אָנגעשריבענעם ווערק פון זמיטראָק ביאדוליע, אין דער דער־ציילונג „נאבליזשעניע", ווערט באוויזן דאָס לעבן פון א קליין ווײַסרוסיש שטעטל אינדער־צײַט פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע.

די גרונט־אידייע פון דער דערציילונג איז באווײַזן דאָס דערנעענטערן זיך פונעם אָמערטסטן רעוואָליוציאָנערן פליגל פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ צו דער רע־וואָליוציע.

די דערציילונג „נאבליזשעניע" האָט פריער פון אלץ א גרויסע באדײַטונג פארן שרײַ־בער גופע, ווײַל אין דער דאָזיקער דערציילונג פירט ער דורך די אויטערישע זעלבסטקרי־טיק פון זײַנע פריערדיקע הומאניסטישע פּאָזיציעס אין באצוג צו דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, אפּ וועלכע ער איז געשטאנענען אין די יאָרן 1914-1915.

דער פאקט וואָס דער שרײַבער ווייסט אויסגעצייכנט דעם שטייגער פון ווײַסרוסישן דאָרף און פון ווײַסרוסישן שטעטל, אָנהויבנדיק פון די קליינע דעטאלן—פון נאטיורמאָרט

און ענדיקנדיק מיט דער פסיכאָלאָגיע פון מענטשן,—גיט צו דער דערציילונג אסאך קאָנקרעטקייט, זאכלעכקייט און צוזאמענ מיט דעם פּאָשעטקייט, פּאָשעטקייט אינ בעסטנ זינ פון וואָרט.

אינ זמיטראָק ביאדוליעס ווערק פאר די לעצטע יאָרנ האָט זיכ שטארק פאנאנדערגעוויקלט די רעאליסטישע זייט פון זײַנ טאלאנט.

זמיטראָק ביאדוליעס ווערק זײַנעג כאראקטעריסטיש מיט זײַנ אויסגעצייכנט קאָנענ דאָס לעבנ, מיט זײַנ קאָנענ באוויַזנ די פסיכאָלאָגיע פון זײַנע העלדנ, מיט דער הויכער מײַסטערשאפט פון שילדערנ א פייזאזש, מיט דער זאפטיקייט פון דער שפראכ.

זמיטראָק ביאדוליא געהערט צו די אמערסטנ פּרוכטבארע ווײַסרוסישע שרײַבער.

די גרעסטע טייל פון זײַנע ווערק זײַנענ איבערגעזעצט אפ אסאכ שפראכנ און זײַנענ זייער פּאָפּוליער, ניט נאָר אינ ווײַסרוסלאנד, נאָר ווײַט אויסער זײַנע גרענעצנ.

דער 25־יאָריקער יובילײַ פונעם שרײַבערס שעפערישער טעטיקייט, וואָס עס האָט ניט לאנג געפײַערט די גאנצע סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקייט פון ווססר האָט נאָכאמאָל באשטעטיקט די ריכטיקייט פון דער לענינישסטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק.

און טיפ אופריכטיק האָבנ געקלונגענ זמיטראָק ביאדוליעס ווערטער אינ זײַנ ענטפערדע אפנ יובילײַ־אָוונט:

„די פארטיי האָט מיר געשענקט א סאָוועטישנ ביאדוליען, זי האָט פון מיר געמאכט א ניטפארטייִשנ באָלשעוויק“—האָט געזאָגט דער יובילאר.

די דאָזיקע ווערטער פון יובילאר האָבנ געקלונגענ מיט גרויס ליבע צו אונדזער פארטיי, צו איר קלוגער נאציאָנאלער פּאָליטיק, צו איר רומפולנ פירער דעם גרויסנ סטאלינענ!

זמיטראָק ביאדוליא האָט דערקלערט, אז אים שטייט נאָכ פאָר אסאכ ארבעט, בא אים איז נאָכ פאראנ א וועלט מיט טעמעס און סיוזשעטנ וועגנ אונדזער גרויסנ קולטורעלנ און פריידיקנ לעבנ!

מיר זײַנענ זיכער, אז די דאָזיקע טעמעס און סיוזשעטנ וועלנ אונטער דער האנט פון טאלאנטפולנ שרײַבער פארקערפּערט ווערנ אינ א ריי הויכקינסטלערישע ווערק וועגנ אונדזער רומפולער עפּאָכע, וועגנ אירע העראָישע מענטשנ, וועגנ אונדזער קלוגער פארטיי פון לענינ־סטאלינ.

ו. וויטקינ

# ביבליאָגראַפיע

## „עלעקטריע אינ סטעפּ“

אינ זײַנ פּאָעמע „עלעקטריע אינ סטעפּ“ האָט ש. העלמאנד זיכ געשטעלט א וויכ־טיקע אופגאבע—קינסטלעריש אָפּשפּיגלענ א קליינעמווינקל פונעמ גרויסנ פּראָצעס, וועל־כער קומט פאָר בא אונדז אינ לאנד, פאר פארניכטנ דעמ אונטערשייד צווישנ שטאָט אונ דאָרפ.

דער נאָמענ פונ דער פּאָעמע דעקט פאר אונדז אופ אינ א געוויסער מאָס איר אינ־האלט. אינ קאָלווירטישנ דאָרפ צינדנ זיכ אָנ עלעקטרישע לעמפּלעכ. אינ געוועזענעמ פינ־צטערנ דאָרפ ווערט ליכטיק.

פארקערפּערנ דאָס אינ קינסטלערישע בילדער איז אפ געוויס א וויכטיקע אופגאבע פאר דער סאָוועטישער ליטערעטור.

---

ווענ מענ לייענט דורכ די ערשטע זײַטלעכ פונ דער פּאָעמע, דאכט זיכ, אז דאָ וועט זיכ פאנאנדערוויקלענ אנ אינטערעסאנטער סיוזשעט. מיר ווערנ גלײַכ ארײַנגעפירט אינ אנ אָנגעשטרענגטער אטמאָספער פונ קלאסנקאמפ. אינ סאמע אָנהויב פונ דער פּאָעמע באקאָנט אונדז דער דיכטער מיט איר גרונט־קאָנפליקט אונ מיט די פּערזאָנענ, וואָס נע־מענ אנ אָנטייל אינ אימ. די פּאָעמע הויבט זיכ אָנ מיטנ בילד, ווו דער פאָרזיצער פונ קאָלווירט בודילאָווסקי קערט זיכ אומ פונ סעקרעטאר פונ רײַקאָמ אינ קאָלווירט מיט א באָלשעוויסטישנ אָנזאָג: אויסבויענ אינ סטעפּ אנ עלעקטראָסטאנציע. דער פארביסענער קלאסנ־סוינע אווגוסט אייגערט שטעלט זיכ אנ אופגאבע צו שטערנ פארווירקלעכנ בודי־לאָווסקעס פּלאנ אינ לעבנ.

„מיט דײַנ אייגענעמ טויט
וועסט ניט שטארבנ,
אינ סטעפּ אונטער הימלענ וועט ליגנ דײַנ פייגער,
ס'וועט שטשירענ די ציינ דײַנ צעלעכערטער שארבנ,
אונ איכ וועל אימ טאָפּטשענ נאָכ“.

אזוי פארגייט זיכ פונ סינע אווגוסט אייגערט, ארויסקוקנדיק פונ די קוסטעס ווי בו־דילאָווסקי מעסט דעמ צווינטער, ווו ס'איז אָנגעמערקט בויענ די סטאנציע.

באזונדערס אָנגעגליט ווערט די אטמאָספער, ווענ אווגוסט אייגערט הייבט אָנ זאמלענ ארומ זיכ קויכעס אונ מיר דערוויסנ זיכ, אז בודילאָווסקעס שווער, שײַקע קאזשדאנ,

שליסט זיך אקטיוו אײַן אין קאמף קעגן דעם איירעמ... דער דיכטער האָט דאָ געהאט ברייטע מעגלעכקײַטן צו פאנאנדערוויקלען א אינטערעסאנטן סיוזשעט.

מען דארף גלײַך זאָגן, אז דער דיכטער האָט דיראָזיקע מעגלעכקײַטן ווייניק אויסגענוצט.

דאָס, וואָס שײַקע קאזשדאן איז קרייוויש פארבונדן מיט בודילאָווסקען און איז געהיים פארבונדן מיטן קלאסן־סוינע, נעמט אן אקטיוו אָנטייל אין קאמף קעגן בודילאָווסקען וואָלט בא דער אָנוועזנהײַט פון דיכטערישער פאנטאזיע געקאָנט געבן פיל שטאָף פאר זייער אינטערעסאנטע אינטריגעס.

פון צווינטער, וועלכער האָט נאטירלעך געדארפט דעמאגאָגיש אויסגענוצט ווערן אין די הענט פון די קלאסן־סאָנים, אלס קאָזיר אפ פרווון א שפיל טאָן אפ די נאָך ניט אינגאנצן אויסגעלעבטע רעליגיעזע געפילן בא די אָפגעשטאנענסטע מאסן, האָט זיך אויסגעלאָזן, איבער א געוויסער נאיִווקײַט פונעם דיכטער, א נארישער „דאָנאָס“ פון די קלאסן־סאָנעם צום סעקרעטאר פון ראַיקאָם אפ בודילאָווסקען, וועלכער „צעווארפט די מאהילעס“.

דער הייסער אָטעם פון דער פאָעמע, וועלכער איז דאָ בעפיירעש פאראן אין אָנהויב, ווערט גיך אָפגעקילט. דער קאָנפליקט ווערט ניט פארשארפט, נאָר, פארקערט, ער ווערט ווייכער. פון אווגוסט אייגערטס אנטיסאָוועטישע קלאסן־פלענער לאָזט זיך אויס א קליינטשינקע אינטריגע אפן באָדן פון מישפאָכע־באציִונגען, ער לייגט פאָר קאזשדאנען א שמועס טאָן מיט זײַן טאָכטער ראָזען, בודילאָווסקעס פרוי, אוועקשיקן זי אין שטאָט „וועט ער אויך לאָזן דעם סטעפ און לויפן נאָך אירע קליידלעך“.

אזא מיטל פון באזײַטיקן, פאָסטער ווערן פון די איבערגעגעבנסטע דער סאָוועטנמאכט מענטשן, האָט עפשער ערגעץ אן אָרט אין דער פראקטיק פונעם קלאסן־סוינע, אָבער אין גרונט גענומען רעדט דאָס וועגן דעם, אז באם דיכטער איז א פרימיטיווע פאָרשטעלונג וועגן די באלעגופּישע מעטאָדן פון קאמף קעגן דער סאָוועטנמאכט. אומזיסט זשאלעוועט דאָ ניט דער דיכטער קיין פאפיר און צײַט אפ באשרײַבן אלע איינצלהײַטן, ווי ראָזע גרייט זיך אין וועג, פאקט דעם טשעמאָדאן א־ן ווי עס שמעקט אין צימער מיט באפטאלין פון אירע קליידער, ווי עס טיאָכקעט דאָס הארץ בא בודילאָווסקען א. א. וו. ש. העלמאנד צווינגט יאשע בודילאָווסקען מאכן זיך לעקעשעוואטע, גיין בעטן באם סעקרעטאר פון ראַיקאָם ער זאָל אים באפרײַען פון דאָרף, ווײַל ראָזע וויל אין שטאָט... סאָפּקאָלסאָפּ האָט זיך באם דיכטער אויסגעלאָזן דער אָטעם אפ באשרײַבן די „גרויסע טראגעדיע“ פון בודילאָווסקען. עס איז געקומען די צײַט אונטערצופירן די סאכאקלען פון דער העלדישער אופירונג פונעם „העלד“ און דער סאכאקל איז א קורצער:

„נאָר איך האָב זיך געהאלטן אפ די פיס
און איך בין ניט אוועק נאָך ראָזען“.

אזוי צי אזוי, דער פלאן פון פארטרײַבן בודילאָווסקען פון סטעפ, האָט זיך זיי, די קלאסן־סאָנים, ניט אײַנגעגעבן.

נאטירלעך האָט מען פון די קלאסן־סאָנים געדארפט דערווארטן א נײַעם אָנגריף אפ בודילאָווסקען, א מער קאָמפּליצירטן. דאָס איז דאָ אָבער ניטאָ. דאָ האָט זיך געטראָפן א קינסטלעריש קאטאסטראָפע. דער דיכטער האָט ארויסגעלאָזן פון זײַן האנט דעם גרונטפאָדעם פון דער פאָעמע.

עס הויבט זיך אָן א גרויסע אָפּוועגדונג פון דעם גרונט־סיוזשעט.

גוט איז וואָס ש. העלמאנד האָט אינ זײַנ פּאָעמע זיכ ניט באגרענעצט בלויז מיט דער טעמע „עלעקטריע אינ סטעפּ“. ער ווענדעט אויכ אונדזער אופמערקזאמקײַט אפ דער מעכאניזאציע פונ דער קאָלווירטישער ארבעט, אונטערשטרײַכנדיק אייניקע אינטערעסאנטע עפּיזאָדנ, געבנדיק א רײ אינטערעסאנטע דעטאלנ וואָס דארפנ באווײַזנ, אז די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעט איז אינ די קאָלווירטישע באדינגונגענ פארוואנדלט געוואָרנ אינ א מינ פונ אינדוסטריעלער ארבעט.

די דאָזיקע אָפּווענדונג האָט אָבער דער דיכטער צעצויגנ. צוגלײַכ מיט אייניקע געלונגענע עפּיזאָדנ פונ ארבעט אונ קאמפ אינ קאָלווירט, באגעגענענ מיר דאָ זייער פיל איבעריקע. אָנשטאָט דעם האָט מענ דאָ געדארפט ארײַנפירנ אייניקע בילדער, וואָס זאָלנ באווײַזנ דעמ קולטורעלנ שטייגער אינ קאָלווירט, דעמ קלוב, קינאָ א. א. וו. דאָס וואָלט געהאט א דירעקטע שײַכעס צו דער גרונט־טעמע פונ דער פּאָעמע אונ וואָלט געהאָלפנ בעסער אונטערשטרײַכנ איר גרונט־אידײ וועגנ פארניכטנ דעמ אונטערשייד צווישנ שטאָט אונ דאָרפ.

אונ ניט נאָר אינ אנטוויקלענ דעמ סיוזשעט פונ דער פּאָעמע, נאָר אויכ אינ שילדערנ די געשטאלטנ פילט זיכ ניט זעלטנ קינסטלערישע אומבאהאָלפנקײַט. אינ דער פּאָעמע באגעגנענ מיר פיל פּערזאָנענ, וועלכע שפּילנ קיינ שום ראָל ניט אינ דער אנטוויקלונג פונ די גרונט־געשעענישנ: אניוטע כוטערסקי, איר פּאָט־ר אלכאָנאָנ, מאריאשע קושניר, ארקע ראַגאָוואָי, שליאָמקע ספּיוואק א. אנד. בלײַבנ אָנ א זײַט פונ קאמפ, זיי ווערנ ניט אײַנגעשלאָסנ אינעמ קלאסנ־קאָנפליקט ארומ דער עלעקטראָ־סטאנציע.

באזונדערס פיל אופמערקזאמקײַט גיט אָפּ דער דיכטער, נאטירלעכ, בודילאָווסקעס געשטאלט, דעמ הויפּט־העלד פונ דער פּאָעמע, אָבער עס האָט זיכ באקומענ א מאָדנע זאכ: וואָס פאנאנדערגעוויקלטער ער האָט געוואָלט באווײַזנ בודילאָווסקעס כאראקטער אלצ מער האָט ער פארקריפּלט די געשטאלט פונ א באָלשעוויק.

מיר האָבנ שוינ באוויזנ בודילאָווסקעס „העלדישע“ אופירונג, ווענ ראָזע איז פונ אימ אוועק. שפּעטער דערוויסנ מיר זיכ נאָכ, אז ער האָט צוזאמענ מיט זײַנ פרוי ראָזע אראָפּגעבראכט אינ קאָלווירט דעמ שווער שײַקע קאזשראנ, וויסנדיק, אז ער איז א געוועזענער גרויסער ליוועראנט. טאָמער מיינט איר, אז דאָ האָט אימ פארפירט דאָס קרויוויש בלוט... איז האָט איר א טאָעס. די דאָזיקע אָפּאָרטוניסטישע ליבעראל־פּוילע באציִונג צומ קלאסנ־סוינע איז בא אימ א סיסטעמ. אָט באגעגנט בודילאָווסקי אפנ פעלד, זיצנדיק באמ רול פונ טראקטער, יעסעפ שטשורנ, וועלכער האָט אזוי פארביסנ געקעמפט קעגנ דער רויטער ארמײ אינ דער צײַט פונ בירגערקריג.

„— מע איז פונ דיר נאָכ ניט געוואָרנ פּאָטער,<br>
פונ וואנענ קומסטו אָנ אהער?<br>
— פונ דאָרפער.<br>
— אָט האָסטו דיר, ביסט יענער העלד,<br>
ביסט, יעסעפ, ווי איכ זע, דער זעלבער פויגל,<br>
איכ האָב געמיינט ביסט שוינ אפ יענער וועלט,<br>
דו באקסט שוינ בייגל...“

אזוי באגעגנט מענ א נאָענטנ, גאָר א נאָענטנ כאווער, מיט וועמענ מענ דערלויבט זיכ אביסל „כאווערישע גראָבקײַט“, אָבער ניט א פארביסענעמ קלאסנ־סוינע.

בודילאָווסקי האָט זיך זײַנע אן אייגענע „טעאָריע“ וועגן קלאסן־סוינע:

„— מיר וועלן הארגענען די כאיע
און האָדעווען דעם מענטש“.

אזוי דערקלערט ער עלכאָנאָן, ווען דער לעצטער טײַנעט, אז שײַקע קאזשדאן איז געווען א בלוט־זויגער, איז געבליבן אזא און וועט קיינמאָל קיין אנדערער ניט זײַן.

עס איז קלאָר, אז נאָך דעם אלעמען קלינגט פאלש פארן סאָוועטישן לייענער די כאראקטעריסטיק, וואָס עס גיט בודילאָווסקען דער דיכטער, קוואליפיצירנדיק אים אלס א פעסטן באָלשעוויק און טשעקיסט. עמעס, צום סאָף פון דער פּאָעמע, ווען מען דעקט אוף, אז זײַן שווער שײַקע קאזשדאן, יעסעפּ שכשור און אנדערע קלאסן־כאָנעם קלײַבן זיך אונטערצינדן די עלעקטראָסטאנציע, איבערצײַגט ער זיך אין דעם קלאָרן באָלשעוויסטישן עמעס, אז די קלאסן־שלאכטן דויערן און ערשט דעמלט הויבט ער אָן פארשטיין, אז ער האָט זיך ניט געדארפט ניאנטשען מיט שײַקע קאזשדאן. דאָס אָבער רעאבילִיטירט אים ניט אין די אויגן פון סאָוועטישן לייענער.

---

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אז די פּאָעמע איז געבויט אזוי, אז דער אינטערעס צו איר, וועלכער ווערט ארויסגערופן אין אָנהויב, הויבט אָן גיך פאלן.

אפּ יעדער טריט און שריט באגעגענען מיר דאָ דערמאָנונגען פון די העלדן, וועלכע ציִען איבעריק פאנאנדער די פּאָעמע. אפּ די זײַטלעך 8, 26, 29, 30, 31, 32, 42, 46 און אנד. דערלויבט אומזיסט דער דיכטער זײַנע העלדן צו ארײַנלאָזן זיך אין דערמאָנונגען. דידאָזיקע דערמאָנונגען דארפן אויספילן די פונקציע פון איבערגעבן א געוויסע שטימונג פון די העלדן, אָבער צוליב דעם איז נויטיק, אז די דערמאָנונג זאָל זײַן ניט קיין גענויע, נאָר דאווקע א קורצע. אין דער פּאָעמע טראָגן די דערמאָנונגען אזא כאראקטער, אז פאר אויסדריקן געוויסע שטימונגען פון די העלדן זײַנען זיי צופיל צעצויגן און זיי ווערן אויך ניט דערהויבן צו קיין זעלבשטענדיקן ווערט. צ. ב., בודילאָווסקעס באגעגענישן מיט יעסעפּ שטשורן רופן בא אים, נאטירלעך, ארויס דערמאָנונגען וועגן בירגער־קריג. אזא דערמאָנונג האָט געדארפט ארויסרופן בא בודילאָווסקען א גרויסע סינע צו יעסעפּ שטשורן, וועלכער האָט פארביסן געקעמפט קעגן דער רויטער ארמיי און פון דעם האָט געדארפט ארויסדרינגען בודילאָווסקעס באציִונג צו אים. דער דיכטער שטרײַכט אָבער גראָד דידאָזיקע מאָמענטן ניט אונטער, ער לאָזט זיך ארײַן אין שילדערן עפּיזאָדן פון בירגערקריג, פּרעטענדירנדיק אפּ זייער זעלבסטשטענדיקן ווערט. עס איז קלאָר, אז די טעמע „בירגערקריג“ לאָזט זיך ניט ארײַנשפּארן אין דער פאָרם פון אזא דערמאָנונג.

די פּאָעמע לײַדט פון דעם, וואָס זי איז ווייניק בילדעריש. די יאָגעניש נאָך וואָס מער עפּיזאָדן און געשעענישן האָט געבראכט צו דעם, אז די זאָרג וועגן דעם, אז דידאָזיקע עפּיזאָדן זאָלן זײַן גענוג אינטענסיוו געשילדערט, איז געוואָרן א קלענערע.

דער דיכטער האָט נאָך ניט באהערשט דעם סאָד פון שטעלן דעם קינסטלערישן אקצענט. ער שטרײַכט אונטער אָפט ווייניק די סאמע וויכטיקע ערטער און מאָמענטן פון דער פּאָעמע, און שטעלט זיך בענויער אָפּ אפּ דעם, וואָס איז ניט אזוי וויכטיק. אזוי, צ. ב., איז קלאָר, אז דאָס בילד, ווי עס ברענט עלעקטריע אין סטעפּ האָט געדארפט באזונדערס בולעט אונטערגעשטראָכן ווערן, מיר זאָלן דאָס דערזען, אָבער דאָס איז דאָ זייער בלאס געשילדערט געוואָרן.

מיר באגעגענען אין דער פּאָעמע פיל זייער ניט קיין געלונגענע שורעס און אויס־דרוקן: „דער סטעפּ האָט גענומען די הימלען פארלעשן“ גיט ניט קיין בילד פון פארנאכט דער אויסדריק „דאָס פארפאַרעטע לאנד“; פארפאַרעט פּאַסט פאר א שטוב־באלעבאָסטע, אָבער ניט פאר א לאנד, וואָס בויט דעם סאָציאַליזם.

עס איז אויך ניט געלונגען אזא שורע, ווי די זון האָט (פארנאכט) „באגאָסן די האָ־ריקע פּעל פון דער נאכט“. וואָס איז דאָס פאר א האָריקע פּעל? אָדער „דער געלעכטער האָט איצטער די שטילקייט פון צימער צעשמעלצט“.

דאָס אלץ האָט געבראכט צו דעם, אז די פּאָעמע, וועלכע האָט געקאָנט געוויס זיין אן אינטערעסאנטע, לאָזט ניט איבער אזא איינדרוק. אין דער פּאָעמע פעלט די קראפט פון באגייסטערן.

דער אויספיר:

אין „עלעקטריע אין סטעפּ“ איז פאראן קינסטלערישע רוישטאָף פאר א אינטערע־סאנטער פּאָעמע, אָבער די פּאָעמע איז ניט ווי געהעריק באארבעט געוואָרן.

## צווייערליי קינדערהייטן

(מ. טײַטש „שנאָבל“ און י. טײַטש „די נײַע מאשין“)

עס איז גאָר ניט אזוי סימוואָליש, ווי מע וואָלט געקאָנט מיינען, עס איז פּאָשעט ביז גאָר אינטערעסאנט:

דער אלטער אין דער ייִדישער ליטעראטור גוט באקאנטער ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער מוישע טײַטש און זײַן זון יאקאָוו האָבן ביידע קימאט אין איין צײַט ארויסגעלאָזן אין פארלאג „עמעס“ צוויי ביכלעך קליינע דערציילונגען וועגן קינדער און פאר קינדער.

אין דידאָזיקע קליינע ביכלעך זײַנען אָפּשפּיגלונגען פון אינגאנצן אנדערע וועלטן, הימל-ווײַטע איינע פון די אנדערע, דאָס זײַנען באשרײַבונגען פון צווייערליי קינדהײַטן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר קעגנזײַטיקע פּאָליוסן.

מוישע טײַטש גיט א ריי זייער אינטערעסאנטע בילדער פון זײַן קינדהײַט, פון די אינטערעסן פון זײַן דאָר און די מעגלעכקײַטן, וואָס זײַנען פאָרגעשטאנען פאר די קינדער אין יענע צײַטן און אין יענער סוויווע.

יאקאָוו טײַטש שילדערט די סוויווע, די אינטערעסן, די ארומרינגלונג און די אנטוויקלונגס-מעגלעכקײַטן, וואָס עס גיט דעם קינד אונדזער עפּאָכע, די ראטן-מעלוכע און איר לעבן.

און עס וועט זײַן ביז גאָר אינטערעסאנט פאר אונדזערע קינדער צו פארגלײַכן אָט דידאָזיקע צוויי פּאָליוס-ווײַטע לעבנס.

די קינדער-וועלט האָט זיך אירע אינטערעסן, איר לעבן, וואָס איז אין א גרויסער מאָס אן אָפּשפּיגלונג—נאטירלעך, אין א קינדישן שפּיגל—פון דעם לעבן פון די גרויסע.

מוישע טײַטש גיט אונדז אין א ריי קליינע, זייער געלונגענע אָנגעשריבענע דערציילונגען א בילד פון דער אמאָליקער קינדער-וועלט, פון דעם לעבן פון די קינדער גופע. פון זייער אינטערעסן-וועלט פון דער ארומיקער סוויווע, און וועלכער עס פּיקט זיך אויס דער קומענדיקער מענטש.

אָט איז די שול, די אמאָליקע בארימטע „יעווריסקאָיע אוטשילישטשע“... די לערער און די קינדער זײַנען צוויי באזונדערע וועלטן, אנטאגאָניסטישע וועלטן, וואָס זײַנען איינע מיט די אנדערע אפּ מעסער, וואָס פירן צווישן זיך א מין „קלאסן-קאמף“.

אָט די צוויי קליינע דערציילונגען זײַנען געווידמעט דערדאָזיקער פראגע: „שנאָבל“ און „א גוט מיטל“. געשריבן אין א לײַכטן הומאָריסטישן טאָן, זעען מיר אָבער דורך דעם שמייכל פון דעם דערוואָקסענעם דאָס טרויעריק לעבן פון דעם אמאָליקן ייִדישן קינד. די דערציִונג איז די אלטע בארימטע קאנטשיק-דערציִונג שטעלן אין ווינקל, לאָזן „בעז אָבעדא“, שלאָגן, אָפּלאכן. די דיסציפּלין א געצוווּנגענע, אָנגעבונדענע, וואָס גיט קיין שום רעזולטאטן ניט, וואָס רופט ארויס, פארקערט, א צערייצטקײַט, א ווידערשטאנד פון די קינדער.

די שול איז א גענעם, די לערער—סאָנים, די לימודים פרעמדע, ניט קיין אינטערעסאנטע. די קינדער לאָזט מען ניט ריידן אפּ זייער שפּראך, מע יאָגט דידאָזיקע שפּראך, מע

כויזיקט זי אויס. דער גײַסט פונ גרויסרוסישנ שאָוויניזמ האָט געהערשט אינ דער שול. די לערער זײַנענ געווענ „מענטשנ מיט קנעפּלעכ", טשינאָווניקעס קאַלטע אונ הארצלאָזע.

אונ, פאַרשטייט זיכ, אַז דאָס אַלצ האָט ארויסגערופנ א ווידערשטאַנד מיצאַד די קינדער. די קינדער האָבנ געענטפערט די לערער מיטנ זעלביקנ איזדעקעווענ זיכ. מע לאַכט אָפּ פונ די קינדער פאַר זייער ייִדיש ריידנ ניט כאָלילע אינ קלאַס, דאָס איז געווענ כאַיעס ניט זיכער, נאָר אַפילע אָפּ די האַפּסאָקעס האָבנ די קינדער ניט געטאָרט אויסריידנ קיינ וואָרט ייִדיש. „גאָ־גאָי־טשענ" האָט דאָס געהייסנ באַ די ליב־הארציקע לערער. מע מאַכט פונ זיי כויזעק, מע איזדעקעוועט זיכ איבער זיי פאַר דעמ. אונ די קינדער אַלס פּראָטעסט, הויבנ אָנ פאַרשיטנ די לערער מיט פראַגנ, וואָס אינ זיי ליגט א פאַרביסענער כייזעק איבער די לערער: „ווי זאָגט מענ אָפּ רוסיש פּאַרפל". דער לערער שטעלט אינ ווינקל, אָבער די קינדער גיבנ זיכ ניט אונטער...

די לערער רופט מענ מיט איינ צונעמעניש—מאָלכאַמאָוועס. אונ טאָמער קומט א רוסישער לערער, וועלכער באַציט זיכ צו די קינדער מער מענטשלעכ, רופט עס ארויס באַ די קינדער פאַרוווּנדערונג אונ סאָפּקאָלסאָפּ קריכנ זיי אימ אַזוי ווײַט אָפנ קאָפּ, אַז מע באַזײַטיקט אימ פאַר צופיל ליבעראַליזמ.

אָט דאָס איז די אַמאָליקע שול. די הײַנטיקע ייִדישע קינדער וועלנ אויסגעצייכנט קאָנענ אָפּשאַצנ די נאָפקימינע צווישנ דער אַמאָליקער אַלטער בורזשואזער-ביוראָקראַטישער שול, וואָס איז ווירקלעכ געווענ א גענעמ פאַר די קינדער, אונ הײַנטיקער שול, װאָס גיט דעמ קינד אַלצ, מאַכט רײַכ זײַנ פאַנטאַזיע, אַנטוויקלט זײַנע געבאָרענע פייִקײַטנ אונ גרייט אימ צומ לעבנ. איבערלייענענדיק דידאָזיקע דערציילונגענ, וועלנ אַנדערע קינדער נאָכמער ליב באַקומענ זייער שול אונ וועלנ נאָכמער שעצנ זייערע לערער—כאַוויירימ.

ניט בעסער איז דאָס אָרעמיקע לעבנ פונ די קינדער אויסער דער שול, זייער אינטערעסנ־וועלט.

די אָרעמקייט אינ דער היימ, דאָס קנעכטישע לעבנ פונ די עלטערנ, די אָפּהענגיקײַט פונ די „פּאַנענקעס", פונ דעמ אוראַדניק, די רעכטלאָזיקײַט אונ די גאַנצע ווילדע פאַרקריפּלטקײַט פונ די היימישע באַגריפנ; די פאַלשקײַט פונ דער רעליגיעזער אָנגעצויגנקײַט א. א. וו.—דאָס איז די סוויווע, אינ וועלכער עס האָט זיכ געהאָדעוועט, זיכ דערצויגנ דאָס יונגע קינד. פול מיט פאַנטאַזיע, פול מיט לוסט צומ לעבנ, פול מיט אינטערעס צומ ארומ. אונ עס איז פאַרשטענדלעכ, אַז דער אינטערעס פונ קינד איז אויכ געווענ זייער א באַגרענעצטער. מע האָט אינ אימ דערשלאָגנ יעדע אַקטיווקײַט, יעדע געזונטע פאַנטאַזיע אונ די אָרעמיקע אינטערעסנ, די קרעמערישע, די קליינהענדלערישע, האָבנ דעמ קינדס פאַנטאַזיע גאָרנישט געזאָגט.

מוישע טײַטשס ביכעלע קאָנענ אַנדערע לערער אויסגעצייכנט אויסצונוצנ אָפּ צו באַקאָנענ די קינדער מיט דעמ אַמאָליקנ לעבנ, וואָס זיי האָבנ שוינ ניט געזענ אונ וועלנ אימ קיינמאָל ניט זעענ.

באַזונדערס בוילעט וועט אַרויסטרעטנ דער פינצטערער אַמאָל, ווענ מע וועט אימ פאַרגלײַכנ מיט די בילדער פונ קינדער־לעבנ, וואָס זײַנענ געבילדעט געוואָרנ אינ יאַקאָוו טײַטשס ביכעלע.

דאָס איז א לעבנ פונ גאָר אַנ אַנדער מינ, וווּ עס איז אינגאַנצנ אויסגעמעקט געוואָרנ דער אַמאָליקער אידיאָטיזמ; וווּ דאָס קינד איז אַנ אָרגאַנישע טייל פונ דעמ גאַנצנ ארומ, וווּ ער ווערט ארײַנגעצויגנ אינ דעמ אָרומיקנ לעבנ ניט דורכ צוואַנג, ניט ווײַל דער רעבע הייסט אַזוי, נאָר ווײַל דאָס לעבנ אַליינ איז רײַכ, פילפאַרביק מיט ברענ אונ פאַנטאַזיע.

דעמ יונגנ אַווטער האָט זיכ אײַנגעגעבנ ארײַנצופירנ די קינדער אינ אייניקע דערשײַנונגענ, וואָס אַנטוויקלענ זיכ פאַר אונדזערע אויגנ. אונ מיט פּאָשעטע מיטלענ אָפּשטעלנ זייער אויפמערקזאַמקײַט אָפּ די דאָזיקע דערשײַנונגענ. נעמט, לעמאָשל, דעמ אונטערשייד פונ שטאָט אונ דאָרפ, וואָס ווערט אינדערזעלבער מאָס פונ יאָר צו יאָר אַלצ קלענער, ווײַל די קאָלעקטיווע ערד-באַארבעטונג פאָדערט א שטאַרקע אונ קאָמפּליצירטע מעכאַניזאַציע, ווײַל די ראַטנמאַכט אַנטוויקלט זייער שנעל דאָס קולטורעלע לעבנ אינ דאָרפ.

אין א קליינינקער דערציילונג אונטערן נאָמען „עסטערקע״ שטויסט דער אווטער צונויפ די שטאָטישע קינדער מיט א דאָרפיש מיידעלע. די שטאָטישע קינדער זײַנען „האָנאריסטע״, זיי האלטן זיך גרויס מיט זייער גרויסשטאָטישער טעכניק. זיי זײַנען אפילע באווירקט אביסל פון באשטימטן גאסן־צוגאנג צו א קאָלווירטניק:

„קאָלווירטניצע, קאָלמירטניצע.—האָבן זיך דעמלט אלע קינדער צעשריִען פאראמאָל,—קאָלווירטניצע, ווי טײַער איז מילך?״

אָבער דאָס קינד פון קאָלווירט איז ניט דאָס אמאָליקע דאָרפישע קינד. עס ווערט ווייניק ניספּאָעל פון אזא אַפּלאכן. עסטערקע, פארקערט, פארשעמט זיי פאר אזעלכע ניט איידעלע ארויסטרעטונגען. די קינדער פרוּוון זיך נעמען מיט קרימערײַ, אָבער עס לאָזט זיך אויס, אז זי גיט פײַנע אויסגאָב. אויב אין שטאָט זײַנען דאָ טראמוויַען, זײַנען אין דאָרף דאָ טראקטערן. אויב אין שטאָט זײַנען דאָ לאסט־אווטאמאָבילן, זײַנען אין דאָרף דאָ קאָמבײַנען. די שטאָטישע קינדער קאָנען ניט באקעמפן דאָס דאָרפישע מיידעלע און די קינדער באשליסן „באזיגן״ זי דערמיט, וואָס זיי לאָזן זי ארײַן אין דער „ווינדע״ און לאָזן זי פליִען ביז אפן זעקסטן שטאָק. אָבער דאָס קאָלווירטישע קינד ווערט אויך דער־פון ניט ניספּאָעל, זי איז שוין, לאָזט זיך אויס, געפלויגן אפ אן אעראָפּלאן.

דער אווטער לערנט די קינדער זיי זאָלן היטן און ליבן די קאָלווירטישע ווירטשאפט, ער לערנט זיי אנטוויקלען איניציאַטיוו, ווי מע דארף קעמפן מיט פארשיידענע אלטע געוווינהײַטן.

דער אווטער האָט זיך זײַן קינדער־קאָלאָריט, א באשטימטע פאשטעס און נאיוויטעט, וואָס מאכט קינדיש־כענעוודיק דאָס ביכעלע.

מוישע טײַטשס ביכעלע האָט זײַנע אייגנשאפטן, עס האָט א לײַכטן הומאָר וואָס דער־נעענטערט און מאכט, וואָלט איך געזאָגט, צוגענגלעך די ווײַטע טעמאטיק. די פיגורן— ניט קיין אויסגעטראכטע, די סיטואַציִעס לעבעדיקע און דער ארט שילדערונג רעאליסטיש און קינסטלעריש דערהויבן!

דאָס ביכעלע איז ניט נאָר פאר קינדער, דאָס זײַנען, אייגנטלעך, מער דערציילונגען פון קינדער־לעבן, וואָס קינדער וועלן אויך לייענען מיט אינטערעס.

ביידע ביכלעך זײַנען אינטערעסאנט און זייער נוציק פאר קינדער.

ב. אָ.

לייזער קאצאָוויטש

# פּאראַדיעס

## איזי כאריק

אלע, אלע, אלע אל,
אלע גייען פון וואָקזאל:
שמידן, שניַידער,
שוסטער, שרײַבער.
אלע גייען,
אלע גייען,
מאכנעסוויַיז
און אויך אין רייען.
אלע, אלע קומען אָן:
אלע, אלע פון אוזליאַן,
פון קאפּוליע און פון פּטיטש,
און פון שטעטל סמילאָוויטש.
אלע־אל מיט זאלץ און ברויט,
און מע זינגט פון העלער הויט:
עס זינגט פון דאָרט סאָרע־כאנע,
עס זינגט פון דאָרט ביילע־כאנע.
אלע, אלע, אלע־אָל
אלע זינגען אפן קאָל,
און רעב לייזער באדכנ שפּרינגט
דארשנט פּארנ יובּיליאַר און זינגט:
„הערט זשע קינדער, הערט זיך איַינעט —
אָט דער איינקל איז מיַינער,
נאָכאמאָל האָב איך אינ גראמענ
אויסגעלייגט אלצ פאר זיַינ מאמענ:
אום צי גראָד, און פרי צו שפּעט,
געבוירנ ווערט זי א פּאָעט,
און ס'ווערט הייסנ איר פּאָדאריק —
איזי כאריק!..
טו פארהויב זשע פידעלע דאָס קעפּל,

אין די הויכע־הויכן פון דער הויך,
טו פארבויג־זשע פידעלע דאָס קעפל
אין די טיפע־טיפן פון דער טיף.
און דו זורנע גיב א טארע אין דער טארע פון דער טאר
און דו זורנע גיב א זארע אין דער זארע פון דער זאר.
שטיל זאָל זײַן, עס האָט א וואָרט איצט
אונדזער יובילאַר!
שטילער, שטילער זאָלן קלאפן די הערצער
שטילער, שטילערער ער רעדט, דאכט זיך, עס הערט זיך...
— פונדאנענ שרײַ איך אזש אין קאכערויקע,
זאָגט צו וואָס האָב איך זיך אויסגעלערנט זינגען לידער?
וואָלט איך בעסער זײַן א פראָסטער שוסטער, א רויִקער,
וואָלט מיר געווען א כּיעס אין די גלידער.
מײַן מאמע האָט דאָך מיר אין זײַדנס ניט געוויקלט,
און געבאָרן האָט זי מיר אויך אין הייסן פעך מינאסטאם,
און אז בראָנשטיין האָט שוין וועגן מיר ארטיקלען,
דארף מען דען מאכן אזא גרויסן טאראראם?
מיך ארט ניט אויב עס וועט מיך ניט קענען די אייביקײַט,
און אויב מע וועט מיך איבער הונדערט יאָר ניט ארויסרופן אפ ביס,
— טײַערע, באפליגלטע, ניט קרויוונט אונדז, ס'איז א קלייניקײַט...
מיר וועלן זיך אליין אן אייצע געבן ווי עס איז!

## זעליק אקסעלראָד

לאָמיר אביסעלע לאכן...
(ווער עס קען).

אויב אײַך געפעלן ניט מײַנע לידער,
איז ווי איר ווילט זיך, ס'איז אײַער זאך.
און מיר איז דאָך פון אלצדינג ליבער —
באשרײַבן א קענדל און א צעבראָכענעם דאך.

אָט לויף איך דורך—דער שווארצער קאָטער,
און זי מײַן ליבע—די ווײַסע קאץ,
און מיר בלײַבן זיצן אָן אן אָטעם,
אפ אונדזער אײַנגעזעסענעם פלאץ.

איך גלעט איר גלאט פארקעמטן קאָפ מיט ליבע,
איר מאן איז איצט אין דאָרף, און מיר זיצן אפ אן אָרט.
זי זאָגט—איך בין א דיכטער פון דעם מעכטיקסטן קאליבער,
זאָל זײַן אזוי, איך גלויב איר אפן וואָרט.

איז ווייל איך איצט לאכן אביסל זאלבאנאנד,
אזויווי ס'איז דער שטייגער און אזויווי ס'איז די מאָדע.
— שרעק זיך ניט מײַנ פרײַנט, ניט איך בינ עס דער העלפאנד,
וואָס קענ צו זיך צוציִען אפילע א שטאָלענע נאָדל.

איך שרײַב נאָר לידער, און ווידער לידער
און לייג אויס פונ ביכלעך א בריק נאָך א בריק
און איך שפאנ אזוי אום אפ מײַנע בריקלעך פונ „ווידער"
אהינ און צוריק, אהינ און צוריק...

און כאָטש ס'איז געקוועטשט מיט גאָלד אפ פּאפּיר,
מײַנ נאָמענ, מײַנ צארטער, ווי א סקריפּ פונ א ראָד,
בינ איך זיך מוידע—כ'בינ נאָך ניט וויליאם שעקספּיר,
איך בינ ניט מער ווי זעליק (פּאוזע) אקספּלראָד.

אָט אזוי מײַנ פרײַנט, בינ איך אָפּנהערציק שטענדיק,
קוק זיך בעסער צו, גיב זיך נעענטער א בויג.
האָסט געוויס געמיינט, אז כ'בינ זייער זעענדיק,
לאָזט זיך אויס־כ'בינ קורצזיכטיק אפ אנ אויג...

דאָס איז אלץ. דאָס איז אגעוו מײַנ טעמע —
מײַנ לירישער לעבנ וואָס גייט מיך מיס.
כ'האָב געוואָלט אָנשרײַבנ א גרויסע פּאָעמע,
לאָזט זיך אויס־־גאָר א קליינע ליד...

## אײַזיק פּלאטנער

(„א פּאָעמע וועגנ שנײַדער")

אָט אזוי גייט א שנײַדער־..

ס'איז ניט געפעלנ מיר געווענ מײַנ טאטנס טאנדעטערײַ.
פונ דער מאטעס פּאָסנע גריצ האָט מיר געעקלט בעעמעס.
האָב איך באשטימט—וואָס עס זאָל ניט זײַנ, איז סײַוויסײַ,
כ'וועל א פּאָר טאָנ איבער דער וועלט און דערנאָך אָנשרײַבנ א פּאָעמע.

פונ אָנהויב, ווי עס פירט זיך, בינ איך געפאָרנ קיינ סטאמבול
און פונ דאָרטנ אינ קריסטיניע און נאָרוועגיע ווי געהעריק.
נאָכדעם האָב איך איבער די בערלינענ, פּאריזנ, שווינעמינדענ געוואנדלט,
ביז איך האָב זיך איבערגעפעקלט קיינ אמעריקע.

איך האָב געזונגענ אפנ שיפ א ליד פונ די שנײַדערישע „ראָמאנצנ",
פונ מײַנ שטיבעלע אינ פּוילנ, וואָס איז באוואקסנ מיט מאָך.
מײַנ מאמע פלעגט מיט דער ליד אויסבריִענ פונ בעט די וואנצנ,
און מײַנ טאטע פלעגט מיט דער ליד פּארדינענ א גילדנ מיט א לאָך.

אינ „פראָספעריטי”—מעדינע בא די אמעריקאנער,
האָב איכ זיכ דערוווּסט א נײַס, כ'מעג עס איצטער זאָגנ:
אז יעדער שנײַדער האָט זיכ דאָרט זײַנ אייגענע קאנע
אונ ס'איז פאראנ אזויפיל גאז, אז ס'ווערט צופיל גאז אינ מאָגנ.

כוצ דעם איז דאָרט פאראנ „קאָקאָנאט” אונ מארציפאנעס,
אונ „סטייק” אונ „לינקאָלנס”. „ביוּיקס” אונ „ראָלייסנ”
אינ „הארי אפ”, אונ „טיימ איז מאָני”, „פליז” אונ „אָלרײַט” וואנעס,
אונ „קלאָקמייקערס”, „דרעסמייקערס” אונ דער שווארצ יאָר ווייס עס...

איכ האָב גלײַכ, פארשטייט זיכ, גענומענ זיכ צומ שטעפנ, „בעקאָוועד גאָדל”
האָט גראדע א כאוועד מיר דערלאנגט אזעלכע בלעטער,
אז פונ שרעק האָט זיכ צעבראָכנ בא מײַנ ניי־מאשינ די נאָדל,
אונ איכ האָב דערקלערט א שטרײַק בא די טאנדעטער.

אונ גלײַכ בינ איכ אוועק. גענומענ מיט זיכ מײַנע הענט,
אונ איכ פאָר שוינ אפנ יאמ... אינ ווײַטנ וועג ווידער...
איכ בינ ניט געפאָרנ אפ רוזוועלטס אָרט פאר א פרעזידענט,
כ'בינ א שנײַדער מיט א פענ אונ קענ אויכ שרײַבנ לידער.

אונ איצטער, איכ א זונ פונ א טאנדעטער, בינ אינ פרײַענ לאנד,
אונ פריי זיכ איצט. איכ האָב שוינ לאנג פארגעסנ אפ מײַנ טור.
איינ זאכ פארשטיי איכ ניט, אונ ס'טוט מיר באנג,
פארוואָס איז נאָכ מײַנ טאטע ניטאָ אינ דער ליטעראטור.

## עליע קאהאנ

(דורכ מײַנע אויגנ)

ס'איז ארויס א נאסער רעגנ. איז ער צעגאנגענ. איז געוואָרנ מוטנע וואסער. דער הימל איז אויכ צעגאנגענ. איז געוואָרנ מוטנע וואָלקנס. אונ אז די מוטנע וואָלקנס וועלנ זיכ צעגיינ וועט ווערנ מוטנע אפנ הארצנ. איכ קוק מיט מוטנע אויגנ אפ דער וועלט, וועט מיסטאָמע די וועלט אויכ ווערנ מוטנע.

פונדערווײַטנ דערזע איכ א שלאנקע פיגור. ס'איז דאכט זיכ, רייזעלע.

— רייזעלע!

איכ גיב א קוק: א פרעמד מיידל. אונ ס'האָט זיכ עפעס געטראָפנ מיט מײַנע אויגנ. דאָס מיידל האָט זיכ אָפגעשפיגלט אינ מײַנע אויגנ אונ זיי האָבנ גענומענ גלאנצנ פונקט ווי מע וואָלט זיכ איבערגעבערשטלט מיט שוואקס. (איכ האָב זיכ אמאָל געלערנט פאר א שוסטער. אז וויל וואָלט צו מיר געוועג). איכ האָב באמערקט אירע מענטשעלעכ אינ מײַנע אויגנ אונ האָב דערהערט איר קאָל, א שטיל מעלאָדישנ, ווי צוגעפרעגלטע, היל־צערנע טשוועקלעכ וואָלט זי געקײַט מיט אירע פערלמוטערנע ציינדלעכ.

— Вы наверное ошиблись!..

איכ האָב זיכ פארלאָרנ ווי א נאָדל אינ שניי. אונ אז דער שניי וועט צעגיינ וועט עס עמעצער געפינענ. נאָר איכ האָב זיכ פאנאנדערגערעדט.

— מע רופט מיכ וועליע יאָדער—א באוווּסטער יידישער ליטעראט, א שרײַבער. וואָס?

איר האָט ניט געהערט? און גאָגאָלנ קענט איר? ניינ? און דאָך איז ער א גוטער שרייַבער... איך באשרייַב אזוינע מיידלעך ווי איר... איר ווילט, וועל איך אייַך אויך באשרייַבנ...

מיר ווילט זיך ריידנ קלוג. זאָגנ א כאָכמע. זאָגט זיך ניט קיינ כאָכמע. וועל איך קיינ כאָכמע ניט זאָגנ. איך בינ צופרידנ וואָס איך קוק אפ איר. קוקט זי אפ מיר, בינ איך ווידער צופרידנ. לייג איך צו איר צו א האנט, איז זי, דאכט זיך, אויך צופרידנ און ס'נעמט פונ איר שמעקנ מיט פרישנ היי.

זאָגט זי: „אנטשולדיקט". זאָג איך: „א דאנק". ווער איך ערנסטער און זאָג צו איר: „גיט מיר א שנעל אינ נאָז". זאָגט זי: „אנטשולדיקט". זאָג איך ווידער „א דאנק". און מיר זייַנענביידע צופרידנ.

און די נאכט איז, פארשטייט זיך, שיינ ווי א קאלע. די לופט איז אָנגעפילט מיט לעוואָנע־בוימל, און די ערד איז פארגליווערט ווי לעבער. לעבער מיט בוימל, אז די מאמע האקט עס איינ איז א מעכייַע. און עס שמעקט נאָך צו דעמ אלעמענ מיט פרישנ היי. איז ווי־דער א מעכייַע. און זי שמייכלט. זאָל זי שמייכלענ. אבי ס'שמעקט פונ איר מיט פרישנ היי.

איך קומ ארייַנ צו איר אינ צימער. קארטלעך אפ די ווענט. פאָרהאנגלעך אפ די פענצטער, און קיינ היי איז אפ צעלאָכעס ניטאָ. נאָר אז זי שווייַגט, שווייַג איך אויך. שווייַגנ מיר ביידע. אז זי שמייכלט, שמייכל איך אויך. שמייכלענ מיר ביידע. אז זי לאכט, לאך איך אויך.. לאכנ מיר ביידע. וויל זי א נאָס טאָנ, וויל איך אויך א נאָס טאָנ. ווילנ מיר ביידע ניסנ. נאָר אז מע קענ ניט, דארפ מענ ניט. נעמט זי זיך גאָר באגיסנ מיט פארפיומע. שמעק איך. שמעקט עס מיר ניט. א קלייניקייט־„Духи свежее сено".

זאָג איך:

— דאָס פאסט צו דיר, ווי א הילצערנער אָפצאס צו לאפטיעס...

זאָגט זי:

— ניט דייַנ אייסעק. ניט דיר קוועטשט דער שוך. נעמ ארויס דעמ גראָבנ פינגער פונ נאָז און יענטשע ניט...

זי דארפ א וואָרט מיט א שפאנדער ניט שלעפנ. אזא מיידל איז זי. נאָר איך האָב א טראכט געטאָנ, „אויב אזוי, האָט מיר גאָרניט געבאָרנ געלוינט ווערנ אפ דער וועלט... אונדזער ליבע גייט אראָפ פונ מאָס"... און איך האָב דערזענ א קליינבירגערלעכע בראָש־קעלע אפ איר הארצנ. אז איך האָב דערזענ די בראָשקעלע, האָב איך זיך דערמאָנט אָנ פיראָזשניעס, און אז איך האָב זיך דערמאָנט אָנ פיראָזשניעס, האָב איך זיך דערמאָנט אָנ זייַדענע זאָקנ. און אז איך האָב זיך דערמאָנט אָנ זייַדענע זאָקנ, האָב איך זיך דערמאָנט אָנ דוכי. און די דוכי האָט מיר דערמאָנט אָנ א קליינבירגערנ...

זאָגט זי, אז איר טוט עפעס וויי א פיאטע און זי האָט היצ. זי האָט געמוזט פאר־שטראָמענ איר הארצ מיט א צוגעפרעגלטנ הילצערנעמ טשוועקל. זאָג איך, אז מיר טוט עפעס אויך וויי א פיאטע און איך האָב אויך היצ. זאָגט זי: „דו כאָכמעסט זיך". זאָג איך: „אלעווייַ". זאָגט זי: „פרוביר". זאָג איך: „איך קענ ניט". און איך גיי אוועק אהיימ.

## מאָטע דעכטיאר

(אפ רישטעוואניעס)

דער סאָצגעוועט אפ „רישטעוואניעס" האָט זיך אָנגעהויבנ אזוי. אפנ בלויענ קופאָל האָט זיך באוויזנ די זונ, א גיעאָפיסענע קראסאוויצע.

יודקע איז געשטאנען אפ די רישטעװאניעס און האָט אריַינגעפליוכעט אין בוט אפולע שײַקע זאליװקע. פלוצלינג האָט ער א קאלופע געטאָן מיטן פינגער דעם לעצטן צעשטשער־בעטן צאָן און האָט אזוי געזאָגט צו שימען װאפניקן.

— זעסט, הא? גאָגעלע! איך בין דאָך אן אלטע סקלעפעניע, און גיב נאָר א קנײטש מיט דײַנע קוקערס װי איך פראשקע דעם צעמענט.

— שפארע, יודקע! טרעלעװע, טרעלעװע—האָט שימען װאפניק אײדל אָפגעענטפערט,— שפאנדײקע בראטוניע!

יודקע האָט מיט א פארפאליעטן פּאָנעם געגעבן א זײַטיק קוקעלע און האָט א טשוכע געטאָן די קוטשמע.

— לעכצעלע! װעסט בא מיר לעכצעלען מיט הובקעס,— אזוי האָט געזאָגט יודקע,— װאָס קוקסטו קארוזלע? ביזט א פײַנער הינטל־קלאפער, אויב דו װילסט פון מיר מאכן א פעליאסטרע.

ער האָט געבויטשעש בעטאָנענע װערטער, געפולירט אפ אים מיט אויסגעסאלאָפּעטע אויגאנעס, קוליענדיק זיך אפ די קורצע סטאנדארעס און באװעגנדיק מיט די קלעצלדיקע הענט, װאָס האָבן אויסגעזען װי פארבעטאָנירטע ארמאטור. צו זײ האָט געשפאנט װארפנ־דיק טרעטער, דאָװיד קעלנע, דער אלטער מוליער מיט א קעלנע אין דער האנט.

— װאָס האָרלאניעסטו, יודקע?—אזוי האָט דאָװיד קעלנע געפרעגט,—דו הלושעסט דאָך אלעמען „בעז קלוטשעניע״, עפשער דארף מען דיר אויסמעסטן מיט דער גרונטפאגע די היצ?

יודקע האָט אפ אים פארזשאװעט דעם מויל. ער האָט געמאכט א זויערע מינעלע, װי מע װאָלט אים װאפנע אין קאָלנער אָנגעגאָסן און האָט זיך אפ אים א װאָרפ געטאָן א צעפודעטער.

— גאָגעלע!—אזוי האָט יודקע אויסגעשריִען,— דו װעסט מיר עפשער געבן לאפאָנצן, איך זאָל האָבן װאָס צו ריעמזען?

זײַן צונג האָט זיך געדרײט װי א לאָפעטע אין א קאראָנקע צעמענט. און די װערטער זײַנען געװען שװער, כאָטש לײג זײ און שטאָפּ ציגל.

— בוטשקע ניט,—האָט שימען װאפניק א קארדאשעװע געטאָן און האָט ארויסגעלאָזט א שיטערן געלענדערל,—לאָז אים װײַזן פּאָרסונסטװע דעם באָיעצ, לאָז אים דעם קלעק דרײען א יארמלקע...

דאָװיד קעלנע האָט געפאליעט מיטן קערפער אין דער לענג און אין דער ברײט. ער האָט געװאליעט, געפערעט, געטרעמבעװעט מיט דער טראמבויקע.

— קאלך, בראטוניע! אזוי האָט ער געזאָגט,—כליאָפּע, עס איז „פּאָליעזנע״ צום מאָגן. אײַזן־מויער! דערלאנג אים גאלאגוצקע װערטער עס זאָל זיך אים שטעלן סטאָרצאָם. האשע, ברודער לעבן, האשע, ס'איז א טשיסטע פּאטשעכע סובטשיקעס!..

יודקע האָט געקוקט מיט זײַנע פלוימען, װי דאָװיד קעלנע קאװעטשקעט זיך, װי ער דרעלעװעט און שפארעט, און ס'האָט זיך אים פארװאָלט א שנאפּס אי ניקאקיך צעמענטאָװיך. נאָר ער האָט דערװײַל אָנגענומען דאָװידן דזיקע פארן לאצ און האָט צו אים געזאָגט.

— דו אָנגעבראקניעטע קאָפּ, דו גאָגעלע! װאָס האָסטו זיך פארופירװעט? פרוװ זיך נאָך אביסל קאװיעטשען װעסטו בא מיר געבן א קרעכצעלע פּאָקרײַנימערע אין דער פארמוש־קעטער פּעסל צעמענט, הערסט? פרוװ נאָכאמאָל א הוקע טאָן װעסטו אװעקגײן פונדאנען מיט א באגדורע, הערסט, לײמענע קוקלע?.. זײַ ספּאָקאָינע, בא מיר איז קאָראָטקאָ און יאסנע.

דאָ האָט דאָוויד ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך א פּאָכשעהאָווע געטאָן און האָט א זשאיע געטאָן צו יודקען:

— קוש מיר אין בויך!

אין דער צײַט האָט זיך באוויזן א רויטע פּיאטע אפן הימל. דאָס איז געווען די זון. זי האָט פארכליאָפּעט א שטראַל אין דער אויסגעפּראשקעטער וואנט און ס'האָט זיך צעברענט „אפ די רישטעוואניעס" דער געוועט.

## ל. צארט

(אן אויסצוג פון א קריטישער רעדע)

... די קאָמפּלעקס־שטריכן פון דער אזוי צו זאָגן, אמפּליטודע, און די סומע פון דער דאָמינאנטע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר, אזוי צו זאָגן, די דיאַלעקטישע איינהײַט, וואָס דערפירט אין אירע קעגנזאצן צו א סאָציאַלן סימוואָל, איז די וויכטיקסטע סומע פון בוילעטע עמאָציעס אין דעם קאָנטעקסט, וואָס גייט ארײַן און גייט ארויס, און וואָס ברענגט סאָפּקאָלסאָפּ צו דערהויבונג און פאראַלגעמיינערונג, צו אזוי צו זאָגן, א געהעריקן סינטעז פון די גיגאנטישע הויכן, וועלכע אונדזער גרויסע עפּאָכע שטעלט ארויס פאר יעדן איינציקן פון אונדז.

ווען מיר נעמען, לעמאָשל, כאוויירים, אייניקע נעמען פון דער מײַערעוו־אייראָפּייאישער ליטעראטור, אָט צ. ב. סטענדאַל, ביוגאָ, לעסינג, קלאָפּשטאָק, געטע, שילער, דידראָ, באלזאק, פלאָבער, זאָליא, גאָנקור, בראנדעס, ליאנסאָן, מערימע, טען, בעראנזשע, וואלטער סקאָט, לאמארטין, שאטאָבריאן, קאָרנעל, זאָליא, בײַראָן, אנאטאָל פראנס, דיומא דער טאטע און דיומא דער זון, וואָלטער, סוויפט, סמאָלעט, עושענ־סיו, פילדינג, מאָליער, סערוואנטעס, פלאווט, מאָפּאסאן א. אנד, (צום פרעזידיום).—גיט נאָך אביסל וואסער, זײַט אזוי גוט... (טרינקט אוים דרײַ גלאָז וואסער), יאָ, איז אָט, כאוויירים, קוקט זיך צו צו די אויבנאָנגערופענע עטלעכע שרײַבער און איר וועט באשײַמפּערלעך דערזען א קייט פון קולטור. (זאָגט קלוימערשט פאר זיך)—איך בין א ספּעץ אפּ מײַרעוו־אייראָפּייאישע ליטעראטור... (הויך) אָט פרעג איך אײַך כאוויירים, ווער פון אײַך ווייס, צ. ב., אז סטענדאַל האָט גאָר געהייסן ניט סטענדאַל? (פאר זיך) ווו האָב איך עס געהערט? דער נאָמען ליגט מיר אפן צונג... און ביכלאַל כאוויירים איז אזוי צו זאָגן א פאמיליע פון די וויכטיקסטע דאָמינאַנטעס אין דעם שרײַבערס ליטעראַרישן לעבן, ווייהאָראַיע, אזוינע וועלט־שרײַבער ווי זאבארע, פּעטשעניע, גרוביאן, לאַפּאטע, בארסוק און טעלעסין—פאמיליעס, וואָס קלינגען זייער שטארק מײַרעוו־אייראָפּייאיש, וואָלטן זיך געמעגט ווינטשן צו האָבן אזאַ שרײַבער.

כאוויירים, איך בין פאר קולטור! פארשטייט זיך, סאָציאַליסטיש לויטן אינהאלט א. א.וו., ווײַל וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א קריטיקער אָן קולטור?.. אָט איך, צ. ב...

(רוישיקע אפּלאָדיסמענטן פארטומלען זײַנע לעצטע ווערטער).

# כראָניק

## 25־יאָריקער יובילײ פון זמיטראָק ביאַדוליא

דעם 23־טן אָקטיאבער איז אין דער געבײַדע פון פוילישן טעאטער, אין מינסק געפײַערט געוואָרן דער יובילײ געווידמעט דער 25־יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט פונעם ווײַסרוסישן סאָוועטישן שרײַבער זמיטראָק ביאַדוליא. דעם יובילײ־אָונט האָט געעפנט מיט אן אַרײַנפיר־וואָרט וועגן ביאַדוליאס שאַפן דער כ׳ אנדריי אלעקסאנדראָוויטש. נאָכן פאָרטראג פון כ׳ קוטשער וועגן ביאַדוליאס פילזשאַנערדיקן שאַפונג־וועג האָבן הייס באַגריסט דעם יובילאַר: פון די ווײַסרוסישע שרײַבער—כ׳ לינקאָוו, פון די פוילישע שרײַבער—כ׳ קאָוואלסקי, פון די ייִדישע שרײַבער—כ׳ אקסעלראָד, עס האָבן אים הארציק באַגריסט דער פאָלק־ארטיסט—כ׳ ראַפּאַלסקי, דער פאַרדינסטפולער ארטיסט—כ׳ ליטווינאָוו. עס האָבן אים באַגריסט א ריי פאָרשטייער פון די ליטעראַרישע קרײַזן פון די פאבריקן און זאוואָדן און אנדערע. אפּן אדרעס פונעם יובילאַר זײַנען אָנגעקומען א ריי באַגריסונג־טעלעגראַמעס.

צום יובילײ פון כ׳ ביאַדוליא ווערט ארויסגעגעבן זײַן לעצטער ראָמאַן אין „אָנקום“, וועלכער שילדערט דעם אָנקום פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע.

## 15 יאָריקער יובילײ פון איזי כאַריק

אין נאָיאבער כוידעש איז געפײַערט געוואָרן דער 15־יאָריקער יובילײ פון איזי כאַריק. א גרויסער אָונט געווידמעט דעם יובילײ איז פאַרגעקומען דעם 17־טן נאָיאבער די. אין דער געבײַדע פון ערשטן ווײַסרוסישן מעלוכע־טעאַטער אין מינסק. דעם יובילײ־אָונט האָט געעפנט דער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער כ׳ קלימקאָוויטש, אָפּמערקנדיק אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט כאַריקס וועג, אלס דיכטער.

מיט אן אינטערעסאַנטן פאָרטראג וועגן כאַריקס שאַפן פאַר די 15 יאָר איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ בראָנשטיין.

נאָכן פאָרטראג האָט באַגריסט דעם יובילאַר אין נאָמען פון צ.ק. ק.פ.(ב)וו. — דער פאַרוואַלטער פונעם אָפּטייל פאַר קולטור און אויפקלער־ארבעט באַם צ.ק. ק.פ.(ב)וו.—דער כ׳ דיאַקאָוו. עס האָבן באַגריסט די כ״כ: אלעקסאנדראָוויטש, אקסעלראָד, אָשעראָוויטש, מאַרקיש, ליטוואַקאָוו, בער, קושניראָוו, א ריי פאָרשטייער פון פאַבריקן און זאוואָדן, פון דער פּיאָנער־אָרגאניזאַציע א. אנד.

כאַריק־אָונטן זײַנען דורכגעפירט געוואָרן אין אסאַך שטעט. אפּן אדרעס פונעם יובילאַר זײַנען אָנגעקומען פילצאָליקע טעלעגראַמעס.

די צײַטונגענ „אָקטיאבער“, „זוועזדא“, „ראבאָטשי“, „דער עמעס“, „שטערנ“, „יונגער ארבעטער“, „יונגע גוואַרדיע“, „לימ“ א. אנד. האָבנ געווידמעט ספּעציעלע זײַטלעכ דעמ שאפנ פונ איזי כאריק.

די צענטראלע מעלוכע-ביבליאָטעק א. נ. לענינ האָט אָרגאניזירט אנ אויסשטעלונג געווידמעט כאריקס שאפונג-וועג פאר די 15 יאָר. אפ דער אויסשטעלונג איז צונויפגעזאמלט אלע כאריקס דערשינענע ווערק, אָנגעהויבנ פונ דער ערשטער ליד אונטערנ פסעוודאָנימ זעמבינ אונ ענדיקנדיק מיט זײַנ טיילוויַיז שוינ פארעפנטלעכטער פּאָעמע „אפ א פרעמדער כאסענע“.

דער אלגעמיינער טיראזש פונ כאריקס דערשינענע ווערק באטרעפט 38690 בענדער.

אינ מינסקער מעלוכע פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד איז דערשינענ א נײַע אויסגאבע פונ כאריקס „פינפ פּאָעמעס“. אינעמ באנד גייענ ארײַנ: „מינסקער בלאָטעס“, „ברויט“, „מיט לײַב אונ לעבנ“, „קײַלעכדיקע וואָכנ“, „פונ פּאָליוס צו פּאָליוס“.

## 30 יאָר פונ ליטעראַרישער שאפונג פונעמ פאָלק-דיכטער יאנקא קופּאלא

דעמ 11־טנ דעקאבער איז פאָרגעקומענ די גרויסע יובילײ-פײַערונג פונעמ פאָלק־דיכטער יאנקא קופּאלא—30 יאָר פונ זײַנ ליטעראַרישער שאפונג.

דער סעקרעטאר פונ ציק ווססר כ' לעווקאָוו, עפענענדיק דעמ אָוונט, האָט אינ זײַנ ארײַנפיר־וואָרט אָפּגעמערקט די גרויסע באדײַטונג פונ יאנקא קופּאלעס קינסטלערישער שאפונג ניט נאָר פאר דער ווײַסרוסישער ליטעראטור, נאָר אויכ פאר די ברידערלעכע ליטעראטורנ. דער יובילײ פונ יאנקא קופּאלא—זאָגט דער כ' לעווקאָוו—איז א יובילײ פונ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור, וועלכע וואַקסט אונ פעסטיקט זיכ יעדנ טאָג אונטער דער זאָרגזאמער אָנפירונג פונ אונדזער פארטײ, פונ אונדזער גרויסנ אונ קלוגנ פירער י. וו. סטאלינ.

אינ פרעזידיומ פארנעמענ די ערטער—דער יובילאר איוואנ דאָמיניקאָוויטש קופּאלא, גאסטעמ לאכוטי, סטערנינ, גאָרינ, יאקוב קאָלאָס, נאָוויקאָוו פריבאָי, זאדיאנ, מיקיטענקאָ, אווגוסטײַציס, קלימקאָוויטש, אלעקסאנדראָוויטש, כאריק, א רײ סטאכאנאָווצעס פונ פאבריקנ אונ זאוואָדנ.

מיט א פאָרטראג וועגנ קופּאלעס שאפונג איז ארויסגעטראָטנ דער פארוואלטער פונעמ אָפּטייל פאר קולטור אונ אויפקלער-ארבעט באמ צק קפּ(ב)וו כ' דיאקאָוו. דער כ' דיאקאָוו מאכט א טיפנ סאָציאלנ אנאליז וועגנ דעמ גאנצנ קאָמפּליצירטנ שעפערישנ וועג, וואָס דער פאָלק־זינגער האָט דורכגעמאכט פאר די 30 יאָר, וויאזוי דער זינגער פונ דער מוזשיקישער פינצטערער דאָליע פונעמ ביזאָקטיאבערישנ ווײַסרוסישנ פויער איז געוואָרנ אנ אָפּטימיסטישער פאָלק־דיכטער פונעמ סאָציאליסטישנ היימלאנד. די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאצדעמענ האָבנ ניט איינמאָל געפרווט פארכאפנ אינ זייער נעצ דעמ קינסטלער יאנקא קופּאלא. אָבער די סאָציאליסטישע רעוואָליוציע, וואָס האָט ברייט געעפנט דעמ וועג פונ דער קולטור פאר די מיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסנ, האָט איבערצײַגט דעמ דיכטער, אז זײַנ וועג איז מיטנ לאנד פונ די סאָוועטנ. אדאנק דער פארטײ האָט דער כאווער יאנקא קופּאלא דערזענ פאר זיכ א נײַעמ פרילינג, א נײַע יוגנט; אדאנק דעמ זיג פונ דער לעניניש־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק האָט יאנקא קופּאלא געפונענ זײַנ היימלאנד. אונ ניט אומזיסט—זאָגט דער כ' דיאקאָוו—האָט כ' גיקאלאָ געזאָגט אפ א בעראטונג מיט די ווײַסרוסישע שרײַבער, די אָנטיילנעמער אפנ אלפארבאנדישנ שרײַבער־צוזאמענפאָר „הײַנט איז יאנקא קופּאלא ניט דער מענטש, וועלכער איז געווענ מיט עטלעכע יאָר צוריק. פאר

אונדז זײַנענ יאנקא קופאלא און יאקוב קאָלאָס אנ אומצערײַסבארע טײל פונ דער ליטעראטור פונ דער סאָוועטישער ווײַסרוסלאנד". דער כ' דיאקאָוו שטעלט זיכ אָפּ וועגנ קופאלעס לעצטע הויכקינסטלערישע ווערק, וועלכע זײַנענ פול מיט לעבנ, יוגנטלעכער פרישקײַט, דורכגעדרונגענ מיט פאָלקס-עפּאָס, מיטנ רעוואָליוציאָנערנ פאטאָס פונעם סאָציאליסטישנ לאנד. די לעצטע ווערטער פונעם כ' דיאקאָוו, אז דער פאָלק-פּאָעט יאנקא קופאלא זאָל אונדז געבנ נאָכ אסאכ קינסטלערישע ווערק, וואָס זאָלנ אָפּשפּיגלענ די העראָיק פונ אונדזער סטאלינישנ לאנד, ווערנ באגעגנט מיט רוישיקע אפּלאָדיסמענטנ.

עס באגריסט דעמ יובּיליאר אינ נאָמענ פונ די ארבעטנדיקע פונ דער ברידערלעכער טאדזשיקיסטאנער רעפּובּליק—דער פאָלק־פּאָעט גאסעמ לאכוטי, וועלכער שטרײַכט אונטער, אז קופאלעס קינסטלערישע ווערק זײַנענ א מעכטיק געווער קעגנ די סאָנים פונ ארבעטער־קלאס.

עס באגריסט אימ דער פּרעזידענט פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט-אקאדעמיע—כ' גאָרינ, דער באוווסטער אוקראַינישער דראמאטורג—מיקיטענקאָ. דער פּאָעט פונ דער סאָוועטישער ארמעניע—זאריאנ, דער פאָלק־פּאָעט—יאקיב קאָלאס, אנדריי אַלעקסאנדראָוויטש און אנדערע.

אינ זײַנ שלוס־וואָרט זאָגט דער כ' קופאלא: „ס'איז פריילעכ צו לעבנ, ס'איז גוט צו לעבנ, ס'איז פריילעכ צו ארבעטנ"... דאָס לעבנ אונדזערס איז א מונטערס, א פריילעכס, אז די לידער אלײנ אפּ די ליפּנ בעטנ זיכ".

אפנ אדרעס פונעם יובּיליאר איז אָנגעקומענ באגריסונג-טעלעגראמעס פונ מאקסימ גאָרקי און פונ דער צענטראלער צײַטונג „פּראוודא".

„״„

אינ א ספּעציעלנ זאל בא דער צענטראלער מעלוכע־ביבליאָטעק איז אָרגאניזירט די אויסשטעלונג—30 יאָר פונ יאנקא קופאלעס ליטערארישנ שאפנ. די אויסשטעלונג פארמאָגט די באזונדערע אויסגאבעס, אזוי אויכ די זאמלביכער, אינ וועלכע יאנקא קופאלא האָט זיכ באטײליקט פונעם 1905 י., ווענ ער האָט פּובּליקירט זײַנ ערשטע ליד „מוזשיק" אינ דער צײַטונג: "Северо-западный край" נומער 146. מינסק 1905 י. ביז הײַנטיקנ טאָג.

א באדײַטנדיקנ אינטערעס שטעלט מיט זיכ פאָר די פּילצאָליקע מאנוסקריפּטנ פונ יאנקא קופאלא, וואָס זײַנענ דעמאָנסטרירט אפּ דער אויסשטעלונג.

א גענויע רעשימע פונ קופאלעס לידער געדרוקטע אינ „פּראוודא" און „איזוועסטיא" פארנ 1934 און 1935 י.—סאכאקל 17 לידער.

א רעשימע פונ קופאלעס לידער איבערגעזעצט אינ ייִדיש.

„״„

צו קופאלעס יובּילײ האָט דער ווײַסמעלוכע פארלאג ארויסגעגעבנ א ביכעלע לידער איבערגעזעצט אינ ייִדיש פונעמ דיכטער ז. אקסעלראָד, מיט א פאָרעדע פונעמ כ' י. בראָנשטײנ. אינעמ ביכעלע גײענ אויכ ארײַנ אויסצוגנ פונ זײַנ פּאָעמע: „אפּ דער טײַכ ארעסע".

די פּאָעמע „אפּ דער טײַכ ארעסע" איז דערשינענ אפּ דער פּוילישער שפּראכ.

„עס איז ארויס א זאמלונג פונ קופאלעס לידער און פּאָעמעס (פונ די יאָרנ 1931—1906), וועלכע ס'האָבנ איבערגעזעצט גאָרקי, באגריצקי, גאָלאָדני, סוועטלאָוו, וו. בדיוסאָוו, א אנד.

דער מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד גרײט א דרײַ־בענדיקע אויסגאבע פונ קופאלעס ווערק. דער ערשטער באנד איז שוינ דערשינענ.

## דריטער פּלענום פון פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער

דעם 20־טן יאנוואר 1936 י. וועט אינ מינסק פאָרקומענ **דער דריטער פּלענום** פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ פססר. אינ מינסק וועלנ זיכ צונויפזאמלענ די בעסטע פאַרשטייער פונ די ברידערלעכע ליטעראטורנ פונ סאָוועטנפארבאנד. דער פּלענום וועט באַהאנדלענ א ריי שעפערישע פראגנ פונ דער פּאָעזיע פונ די נאציאָנאלע ליטעראטורנ.

דער סעקרעטאריאט בא דער פארוואלטונג פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער האָט באשטעטיקט דעמ פאָלגנדיקנ טאָג־אָרדענונג פונ פּלענומ:

1) פאָרטראג וועגנ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור.
2) פאָרטראג וועגנ דער באשקירישער ליטעראטור.
3) פאָרטראג וועגנ דער פּאָעזיע פונ רספסר.
4) פאָרטראג וועגנ דער פּאָעזיע פונ אוססר.
5) פאָרטראג וועגנ דער פּאָעזיע פונ וססר.

אינעמ אָרגקאָמיטעט אפ צונויפרופנ דעמ פּלענומ גייענ ארײַנ פאָלגנדע כ׳כ: סעקרעטאר פונ פארוואלטונג פסש. כ׳ ווס. איוואנאָוו, פאָרזיצער פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד—כ׳ קלימקאָוויטש, מיטגליד פונ פרעזידיומ פונ פארוואלטונג—וו. מ. באכמעטיעוו, רעדאקטער פונ דער „ליטעראטורנאיא גאזעטא"—כ׳ ל. מ. סובאָצקי, די כ׳כ אי. א. מארטשענקאָ, ד. יע. ליאשקעוויטש.

דער צק קפ(ב)וו אונ די רעגירונג פונ ווײַסרוסלאנד האָבנ אָנגענומענ א ריי מאָסמיטלענ אפ אַרגאניזירנ אונ דורכפירנ דעמ פּלענומ.

---

די רעדאקציע פונ זשורנאל „שטערנ“ דריקט אויס איר טיפנ טרויער איבערנ טויט פונעמ יידישנ-סאָוועטישנ שרייבער, מיטארבעטער פונ זשורנאל „שטערנ“

# מ ו י ש ע  ט ײַ ט ש

# אינהאלט



## ביבליאָגראפיע:




פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אַשעראָוויטש, אָ. בער, י. בראָנשטיינ, אי. כאריק, מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 966. דרוקערײַ א. נ. סטאלינ—מינסק. גלאוויליטבעל 4360

## ЗМЕСТ



### Бібліяграфія

פרײַז 3 רובל.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.